# אויסגעוועהלטע שריפטען

פון

## דר. י א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)



אין פיער בענדער

ארויסגעגעבען פון
„יצחק אייזיק הורוויטש'ס פובליקאציאנס קאמיטעט"
ניו־יארק, 1917.

דר. י. א. הורוויטש.

# אויסגעוועהלטע שריפטען.

צווייטער באנד.

# אידישע פראגען.

ניו־יארק, 1917.

# אינהאלט:

זייט:

# *)נאַציאָנאַליזם און אינטער־נאַציאָנאַליזם.

---

דער אינטערנאציאנאליזם ערשיינט צום ערסטען מאָל אין א פּאָליטישער פארמע אין דער רוימישער וועלט־מלוכה. אלע פעלקער פון יענער צייט ווערען פאראייניקט אונטער דער הערשאַפט פון דער רוימישער רעגירונג. צו דערזעלבער צייט ווייזען זיך ארוים די שפּראָצען פון א נייער אינטערנאַציאנאלער רעליגיע — די רעפאָרמירטע אידישקייט, וועלכע פארשפּרייט זיך פון אָנהויב צווישען די אידען פון די גלות־לענדער אונטער דעם נאָמען קריסטענטום (חריסטאס איז דער גריכישער טייטש פון משיח; די אידען האבען דעמאָלט גערעדט גריכיש). די אידען מאַכען פּראָפּאָגאנדע פאר דער נייער אמונה צווישען די פעלקער פון דער רוימישער אימפּעריע, צווישען וועלכע זיי לעבען, — פּונקט אזוי ווי מיט אַן ערך נײינצען הונדערט יאָהר שפּעטער האָבען די אידישע פּיאָנערען פערשפּרייט די נייע סאָציאליסטישע אמונה צווישען די גוים דאָ אין אָמעריקע. אין דעם משך פון דריי הונדערט יאָהר ווערט דאָס קריסטענטום די שטאַטס־רעליגיע אין דער רוימישער וועלט־מלוכה, און זי ווערט פארשמאָלצען מיט דער רוימישער וועלט־רעגירונג. לאַטיין ווערט די אָפיציעלע שפּראַך פון דעם שטאַט און פון דער רעליגיע איבער דער גאנצער רוימישער וועלט־מלוכה. די פעלקער רעדען צווישען זיך, פארשטעהט זיך, אויף זייערע פארשידענע נאַציאָנאלע שפּראכען, בעת די גאנצע אָפיציעלע וועלט, די געשריבענע ליטעראַטור, די וויסענשאַפט (אויף אזוי ווייט ווי זי האָט עקזיסטירט), באנוצען זיך מיט דער אינטערנאַציאָנאלער שפּראַך.

---

*) אַ רעדע געהאַלטען ביי דער קאָנוועַנשאַן פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען ארבייטער־פערבאנד אין באפאלא, דעם 11־טען יולי, 1915.

אבער וויבאלד עס הויבט זיך אן די רעפארמאציע אין דער קאטוילישער קירכע און די רעליגיעזע רעפארמאטארס ווענדען זיך מיט זייער פראפאגאנדע צו די פאלקס־מאסען, מוזען זיי אויפגעבען די אינטערנאציאנאלע לאטיינישע שפראך און רעדען צום פאלק אין זיין אייגענער פאלקס־שפראך. דעם זעקסטען יולי 1915 איז געווארען אקוראט פינף הונדערט יאהר, זינט דער טשעכישער רעפארמאטאר, יאן הוס, איז פארברענט געווארען פאר אפיקורסות. ער האט געהאלטען זיינע דרשות אויף טשעכיש. ער האט אויסגעפירט, אז דער אונטעריכט אין דער פראגער אוניווערסיטעט זאל געפירט ווערען אויף טשעכיש, ניט אויף לאטיין. מיט הונדערט יאהר שפעטער, ווען לוטער איז ארויסגעקומען מיט זיין פראטעסט געגען דער קאטוילישער קירכע, האט ער קודם־כל איבערזעצט דעם תנ״ך און דעם ברית החדשה אין דייטש. דאס איז געווען דער אנפאנג פון דער דייטשער ליטעראטור.

אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן איז די רעפובליק ארויסגעשטעלט געווארען אלס אידעאל פאר דער גאנצער וועלט, ניט פאר פראנקרייך אליין, — אקוראט אזוי ווי דער סאציאליזם מיט א פאר דורות שפעטער.

אין דעם פראנצויזישען רעוואלוציאנערען קאנווענט זיינען געזעסען א סארט „ברידערלאכע דעלעגאטען“ פון אלע פעלקער: דער דייטש אנאכארסיס קלאץ, דער ענגלענדער טאמאס פעין, וואס איז געווען איינער פון די פירערס פון דעם אמעריקאנער קריעג פאר אונאבהענגיגקייט, און א. וו. די אלע מענשען זיינען געווען פארטרעטער פון דעם קאסמאפאליטיזם. אבער די קאסמאפאליטישע שפראך איז געווען פראנצויזיש. כל־זמן די רעפובליקאנישע אידעען זיינען פארשפרייט געווען אויסשליסלאך צווישען די געבילדעטע קלאסען, האט די שפראך ניט אויסגעמאכט, — די רוסישע פריצים, וואס האבען מיט הונדערט יאהר צוריק סימפאטיזירט מיט די אידעען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן האבען גערעדט פון פראנצויזיש אזוי גוט ווי רוסיש, אבער באלד הויבט זיך אן א פרייהייטס־באוועגונג צווישען די פעלקער, און עס ווערען תיכף געבוירען נאציאנאלע שפראכען.

ביז דעם גריכישען אויפשטאנד מיט ניינציק יאהר צוריק איז די שפראך פון די גריכען געווען ניט מער ווי א מישונג פון גרי־

כישע און טערקישע ווערטער, א „זשארגאן", וואס האט געטראגען צווישען די גריכען גופא דעם נאמען „רוימישע" שפראך, — דאס הייסט, די שפראך פון דער אלטער מזרח־רוימישער מלוכה. אבער ווי באלד די גריכען האבען געוואונען זייער אונאבהענגיגקייט, איז געבוירען געווארען א גריכישער שפראך מיט א גריכישער נאציאנאלער קולטור.

דערנאך איז געקומען די פרייהייטלאכע באוועגונג אין אונגארן. איידער אונגארן האט געקראגען איהר פאליטישע אונאבהענגיקייט, איז די אפיציעלע שפראך אין אונגארן געווען דייטש. אונגאריש איז געווען א פויערשע שפראך, מיט וועלכער די געבילדעטע האבען זיך געשעמט, און וועלכער זיי האבען ניט געקענט אויסדריקען קיין העכערען געדאנק. אבער וויבאלד די אונגארישע רעוואלוציאנערען האבען זיך געווענדעט צו דער פאלקס־מאסע, האבען זיי געמוזט אנהויבען צו רעדען אין דער פויערישער שפראך. און איצטער איז די פויערשע אונגארישע שפראך איינע פון די קולטור־שפראכען.

אויף דעם זעלבען אופן האבען די באפרייאונגס־באוועגונגען צווישען די סלאווישע פעלקער אין עסטרייך און אין די באלקאנישע לענדער געשאפען נייע סלאווישע קולטור־שפראכען.

ווען עס האט זיך צוזאמענגעקליבען דער ערסטער פאנסלאוויסטישער קאנגרעס אין פראג, אין 1847, האט זיך באלד געשטעלט די פראגע, אין וועלכער שפראך זאל מען פירען די פארהאנדלונגען. פאלאצקי, דער בארימטער סלאווישער פילאלאג, איז געווען דער פארזיצענדער. ער האט גע'פסק'ענט, אז „די אלגעמיינע סלאווישע שפראכע איסט די דייטשע שפראכע". און דער ערסטער קאנגרעס פון די פאנסלאוויסטען האט געפירט זיינע פארהאנדלונגען אין דייטש; אין דער שפראך פון דער עסטרייכישער מאנארכיע, וואס זיי האבען אלע באטראכט פאר די אונטערדריקער פון די סלאווישע פעלקער. אבער ווען זיי האבען זיך געווענדעט מיט זייער פראפאגאנדע צו די פאלקס־מאסען, האבען זיי געמוזט אנהויבען צו רעדען צו זיי אין זייערע פויערשע שפראכען.

איצט לאמיר זיך א קער־טהאן צום וויטען צפון, קיין פינלאנד. דארטען וואוינט א פאלק פון סך־הכל א פאר מיליאן פויערים, — „טשוכנא", ווי מען האט זיי גערופען מיט פאראכטונג אין

פעטערבורג. די געבילדעטע קלאסען האבען דארטען געהאט א קולטור־שפראך — שוועדיש. האבען אבער אט די פויערים מיט א יאהר פופציק צוריק גענומען פאדערן פאר זייער פראסטען פויערשען לשון דיזעלבע רעכט, וואס די אלטע שוועדישע קולטור־שפראך האט געהאט. און היינט־צו־טאג האבען אט די דאזיקע טשוכאנצעס די העכסטע פארמע פון א דעמאקראטישען וואהל־סיסטעם, מיט פאלשטענדיקער גלייכהייט פאר מענער און פרויען, מיט א פראפארציאנעלער פארטרעטערשאפט אין דעם פארלאמענט.

ווייטער קומען מיר אין די באלטישע פראווינצען. די איינוואוינער פון ליפלאנד און קורלאנד האבען געהאט פאר זיך א קולטור־שפראך — דייטש, וואס קיין געבילדעטער מענש פון קיין לאנד אין דער וועלט קען אהן איהר ניט אויסקומען, אויב ער וויל שטודירען וויסענשאפט פון דער ערסטער האנד. חוץ דעם האט אין די לעצטע פינף־און־צוואנציק יאהר די רוסישע רעגירונג דארטען געמאכט רוסיש פאר די אפיציעלע שפראך. דאס איז א שפראך פון הונדערט מיליאנען מענשען, וואס האט א גרויסע אייגענע ליטעראטור, און חוץ דעם האט זי אפשר די גרעסטע ליטעראטור פון איבערזעצונגען אין דער גאנצער וועלט. דאכט זיך אזעלכע צוויי שפראכען האבען געזאלט קלעקען פאר די לאטוועשע פויערים. אבער ווען די פיאנערען פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאל־דעמאקראטיע האבען זיך געווענדעט מיט זייער פראפאגאנדע צו די לאטוועשע פויערים, האבען זיי צו זיי געמוזט רעדען אין דער לאטוועשער שפראך, און זיי האבען א סך געהאלפען דעם אויפבוי פון א לאטוועשער נאציאנאלער קולטור, הגם פאר זיך אליין האבען זיי געהאט אי די רוסישע, אי די דייטשע קולטור.

מיר אידען זיינען געקומען די לעצטע אויף דער היסטארישער סצענע. די אויפקלערונגס־באוועגונג צווישען די רוסישע אידען האט זיך פון אנהויב באנוצט מיט דער דייטשער שפראך און מיט לשון קודש. די באוועגונג האט זיך אנגעהויבען צווישען באלעבאטישע קינדער און בחורים, וואס זיינען געזעסען אין די קלויזען און געלערנט תורה. זיי האט גאר ניט געקענט איינפאלען צו באנוצען זיך מיט דעם „זשארגאן“ אלס א מיטעל צו פארשפרייטען בילדונג. זייער אייגענע שפראך פאר אידען איז געווען לשון קודש, און ווען זיי האבען געוואלט שעפען פון דער וועלט־ליטע־

ראטור, איז פאר זיי ניט שווער געווען אויסצולערנען זיך לעזען דייטש.

ווען עס האט זיך אנגעהויבען די סאציאליסטישע באוועגונג אין רוסלאנד, זיינען צו איהר צוגעשטאנען אידישע סטודענטען און אנדערע געבילדעטע יונגעלייט. באלד האט זיך צווישען זיי אויפגעוועקט דער געדאנק פון א סאציאליסטישער פראפאגאנדע צווישען אידען. אין וועלכער שפראך? קודם־כל האט מען געדארפט דערגרייכען די אידישע יוגענט, וואס האט געלערנט אין די קלויזען און די ישיבות. פאר זיי האט מען אין 1873 געגרינדעט אין וויען א העברעאישען זשורנאל „האמת“. ווען האט דאס גאר געקענט איינפאלען, אז מען קען שרייבען וועגען סאציאליזם אין „זשארגאן“?

די פאלעסטינצעס זיינען געווען די ערסטע, וואס האבען אנגעהויבען צו באנוצען זיך מיט דער אידישער שפראך אין זייער פראפאגאנדע, ווייל זיי זיינען געווען די ערסטע, וואס האבען געקראגען א האלב־לעגאלע מעגלאכקייט צו פירען א פראפאגאנדע צווישען דיברייטע מאסען.

ווען עס האט זיך מיט דרייסיק יאהר צוריק אנגעהויבען די סאציאליסטישע פראפאגאנדע צווישען די אידישע ארבייטער ביי אונדז אין מינסק, האבען מיר זיך באנוצט מיט דער רוסישער שפראך. מיר האבען ארגאניזירט „קרוזשאקען“ קודם־כל צו לערנען די אידישע ארבייטער לעזען און רעדען רוסיש, און ווען זיי האבען שוין פארשטאנען גענוג רוסיש, האט מען מיט זיי אנגעהויבען צו לערנען סאציאליזם אויף רוסיש. דאס איז נאטירליך געווען מעגלאך נאר אין יענער צייט, ווען די פאר הונדערט ארבייטער אין די מינסקער קרוזשאקען האבען אויסגעזעהען פאר אלע רעוואלוציאנערען פון יענער צייט אלס א מאסען־באוועגונג. אבער מיט צען יאהר שפעטער, ווען עס האט זיך ארגאניזירט דער בונד, וואס האט אנגעהויבען אן אמת'ע מאסען־באוועגונג צווישען די אידישע ארבייטער, איז ער איבערגעגאנגען צו דער אידישער שפראך, הגם פאר זיך אליין, פאר די פירערס, האט מען אימער געהאט ערגעץ א רוסישען בלעטעל אדער א רוסישען בונדיסטישען זשורנאל.

דעמזעלבען גאנג האט די אידישע סאציאליסטישע באוועגונג

דורכגעמאכט דא אין אמעריקע. פון אנהויב האט מען אין ניו־יארק געפירט די פראפאגאנדע אין דער רוסישער שפראך. מען האט געהאט א „רוסקי פראגרעסיווני ראבאטשי סאיוז“. מען האט געגרינדעט א רוסישע צייטונג פאר סאציאליסטישע פראפאגאנדע צווישען אידען — „זנאמיא“.

די תלמידים פון אונדזערע ערסטע מינסקער קורזשאקען האבען דא געבילדעט דעם „רוסקי ראבאטשי סאיוז סאמאראזוויטיא“, וועלכען דר. אינגערמאן האט אין 1891 רעארגאניזירט אין „רוסקיע סאציאלדעמאקראטיטשעסקאיע אבשטשעסטווא“.

דאס איז אלץ געוועזן מעגלאך, כל־זמן די גאנצע באוועגונג האט זיך געהאלטען אין אן ענגען קרייז. אבער פונקט מיט פינף און צוואנציק יאהר צוריק האט אויסגעבראכען דער ערסטער גענעראל סטרייק פון די קלאוקמאכער. עס איז ניט געוועזן קיין צייט צו לערנען זיי רעדען רוסיש. מען האט מיט זיי געדארפט רעדען מאמע־לשון. דאס איז געוועזן דער אנהויב פון א רעאלער אידישער ארבייטער־באוועגונג, און אידיש איז געווארען איהר שפראך.

אבער נאך איידער די סאציאליסטען און אנארכיסטען האבען איינגעזעהען די נויטווענדיקייט צו גרינדען „די ארבייטער צייטונג“ און „די פרייע ארבייטער שטימע“, אלס מיטעל פאר פראפאגאנדע, איז געקומען כתריאל שרהזאן און האט גענומען ארויסגעבען זיינע “אידישע גאזעטען„ פשוט לשם ביזנעס, ווייל ער האט געזעהען, אז עס זיינען פאראן א סך אידען, וואס ווילען וויסען, וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

בקיצור, ווי באלד די אמעריקאנער קולטורעלע סביבה האט געעפענט פאר די אידישע מאסען די מעגלאכקייט צו געניסען פון דער מענטשלאכער קולטור, האבען זיך געפונען מענטשען, וואס האבען פאר זיי געשאפען א פרעסע, א ליטעראטור, א טעאטער, אלערליי פאראיינען, חברות, יוניאנס, פארטייען, — אלץ אויף אידיש. די טוערס אליין זיינען ביי זיך בשעת מעשה ניט געוועזן קלאר, אז זיי שאפען דערמיט א נאציאנאלע באוועגונג, — „אים אנפאנג וואר די טאט“ דער נאציאנאלער באוואוסטזיין איז געקומען שפעטער: פונקט ווי דער אויפגעקומענער גביר אין דער פראנצויזישער קאמעדיע פון מאליער האט זיין גאנצען לעבען גערעדט פראנצויזיש. גאר ניט וויסענדיק אז רעדט “פראזע„.

מען זאָגט, אז די אידישע שפּראַך איז ניט לעבענס־פעהיג, אז אין א פּאָר דורות ארום וועט זי פארדרענגט ווערען פון די הער־שענדע שפּראַכען פון די לענדער, וואו די אידען וואוינען. ווי די וועלט זעהט איצטער אויס, איז מען נאָך אויף א יאהר פינף און זיבעציק זיכער מיט אונדזער מאַמע־לשון. און וואָס וועט זיין דער־נאָך? א מענטש שטאַרבט און נאַציאָנען שטאַרבען. אָבער כל־זמן א מענטש לעבט, איז ער טעטיק. די רוימער און די אַלטע גריכען זיינען געווען גרויסע נאַציאָנען, אבער זיי זיינען געשטאַרבען אלס נאַציאָנען. שטעלט זיך פאר, — אימעצער וואלט געקומען צו אריס־טאָטלען און וואָלט איהם געזאגט: „צו וואָס דארפסטו שאפען אין גריכיש? די גריכישע נאַציאָן און די גריכישע שפּראַך וועלען דאָך זיין טויט אין עטלאכע הונדערט יאָהר אַרום“.

כל־זמן דער אידישער פאָלק לעבט אלס פאָלק און אידיש איז זיין פאָלקס־שפּראַך, האָט ער זיינע אייגענע נאַציאָנאל־קולטורעלע אויפגאבען.

איז די אידישע נאַציאָנאַלע באוועגונג אין ווידערשפּרוך מיט דעם אינטערנאַציאָנאַליזם? זיינען די אַלע נאַציאָנאַלע באוועגונ־גען פון דעם נײַנצענטען יאהרהונדערט, פון דער גריכישער ביז דער פינישער און דער בולגארישער געווען אין ווידערשפּרוך מיט דעם אינטערנאַציאָנאַליזם? פּונקט פאַרקערט. דער קאָסמאָ־פּאָליטיזם איז מעגלאָך פאר א קליינער אינטעליגענטער אריסטאָ־קראַטיע, וואָס פאר איהר איז די שפּראַך ניט וויכטיק.

ביז מיט צוויי הונדערט יאהר צוריק איז די שפּראַך פון „דער רעפּובליק פון ליטעראַטור“ געווען לאַטיין. אין דעם אַכצענטען יאהרהונדערט האָבען פראנצויזיש און ענגליש געשפּילט די הויפּט־ראָליע. אין דעם נײַנצענטען יאהרהונדערט איז דייטש געוואָרען א וועלט־שפּראַך. די הויך־געבילדעטע מינאַריטעט קען זיך באַנוצען מיט די אַלע וועלט־שפּראַכען. אבער יעדע דעמאָקראַטישע באַ־וועגונג מוז ווערען נאַציאָנאַל. דער מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַ־ליזם שטרעבט ניט צו פארשמעלצען אַלע פעלקער אין איין וועלט־מלוכה. ער לייקענט ניט אב דאָס רעכט פון יעדער נאַציאָנאַליטעט צו האָבען איהר אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור. ער וויל ניט מער, ווי א פעדעראַציע פון גלייכבערעכטיקטע און אונאבהענגיקע נאַ־

ציאָנאַליסטען. דאָס איז געווען דער גרונד־געדאַנק פון דעם אַל־טען אינטערנאַציאָנאַל, ווען ער איז געגרינדעט געוואָרען מיט איין־און־פופציק יאָהר צוריק. און אַט דיזער אידישער נאַציאָנאַלער אַרבייטער־פאַרבאַנד איז אַ נייער גליד אין דעם אַרבייטער־אינ־טערנאַציאָנאַל.



# אסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם

---

נאָך דר. זשיטלאָווסקי׳ס מיינונג, האָט די בעוועגונג פאַר אסימיליאציע אויפגעהאלטען עם־הארצות צווישען דער אידישער מאסע. פיליפּ קראנץ, פאַרקערט, וויל אויספירען, אז נאָר די אסימיליאציע האָט אריינגעבראכט ליכט אין חושך פון דעם אידישען לעבען, ווייל דער איד איז נאָר א בריה נאָכצומאכען אנדערע. ווען די אידען האָבען וואָס אויפגעטאָן אין דער קולטור־געשיכטע, איז דאָס נאָר געווען, ווען זיי האָבען זיך צומישט מיט אַנדערע קולטור־פעלקער; זעלבסטשטענדיק, פון זיך אליין, האָבען זיי קיין קראפט ניט געהאט אויסצואַרבייטען ערגעץ אַ קולטור. כל־זמן זיי האָבען געוואוינט אין ארץ־ישראל, זיינען זיי געשטאנען אויף א זעהר נידעריקער מדרגה. ווען זיי זיינען געקומען אין בארירונג מיט די גריכען, זיינען זיי באַלד געפאַלען אונטער דעם איינפלוס פון העלעניזם. אין שפּאַניען האָבען זיי גענאָסען פון דער שפּאַנישער קולטור. ווען זיי זיינען פארטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, האָבען די וואָס זיינען אנטלאָפען קיין האָלאַנד, א קולטור־לאַנד, דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון קולטור, בעת יענע וואָס האָבען זיך באזעצט אין דער טערקיי, אין סאלאָניקי, זיינען פארגרעבט געוואָרען. פון דער שעהנער קאסטילאנישער שפּראַך האָבען זיי געמאַכט אַ זשאַרגאָן, צומישט מיט ווערטער פון אנדערע שפּראכען. אויב עס איז פאר זיי פאראן א האָפענונג, איז עס אין דער נייער אויפגעלעבטער טערקיי. דער אידישער גייסט אַליין האָט נאָר פארמאָגט פון די עכט־אידישע אוצרות אויסצואַרבייטען די משונה׳דיקע קבלה.

דר. זשיטלאָווסקי וועט דערמיט באין אופן ניט איינשטימען, וואָרים איהם ווילט זיך ניט אַנדערש ווי אַ אידישען אוניווערסיטעט אין מאַמע־לשון. וואו דער אוניווערסיטעט וועט זיין, צי אין וואָלאָזשין, צי אין בראָנזוויל, צי אין ערגעץ אַן אַנדער טעריטאָריע, צי גאָט זאָל געבען, טאקע אין ירושלים גופא, דאָס איז נאָך ניט באשטימט. דערווייל דארף מען זעהען, אַז די אידישע לי־

טעראַטור זאָל זיין אַזוי גוט ווי די ליטעראַטורען פון די אומות־העולם. די אסימיליאַטאָרישע שרייבער האָבען שטענדיק געקוקט אויף זיך ווי אויף דרדקי־מלמדים; דעריבער איז זייער שפּראַך אַזוי אָרעם, דעריבער זיינען זייערע געדאַנקען אַזוי פלאַך. זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט פאַרגונען אָפּצוגעבען זיך מיט טיפע ווי־סענשאַפטליכע פראַגען, וואָרים זיי האָבען רק געהאַט רפאל נעריצך'ן אין זינען. רפאל נעריצך איז אַ סאָציאַליסט, דאַרף מען איהם געבען אַ פּאָפּולאַריזאַציע פון קאַרל קאַרקס. געבען איהם טאַקע אַ ריכטיקע איבערזעצונג פון קאַרל מאַרקס'עס "קאַפּיטאַל„ האָט קיין זין ניט, וואָרים ער וועט עס ניט פאַרשטעהן. פאַרקערט, יע־נער אידישער לעזער, וואָס קען יע פאַרשטעהען, איז אַ מענטש מיט בילדונג, וואָס קען ערגעץ אַ גוי'שע שפּראַך און קען לעזען דעם „קאַפּיטאַל“ אויף גוי'איש. אויף דעם אופן איז די גאַנצע אידישע ליטעראַטור געוואָרען אַן עם־הארצ'ישע ליטעראַטור.

דאָס איז אָבער אַ גרויסער טעות: גיט דעם אידישען לעזער די גאַנצע פילסופיא אויף מאַמע־לשון, טאַקע אי קאַנט'ען, אי הע־געל'ן אַזש ביז מאַך'ן און אווענאַריוס'ן, וועט מיט דער צייט אויס־וואַקסען אַ אידישע אינטעליגענץ, וואָס וועט זיין אויפגעהאָדעוועט אויף דער אידישער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור אין דער אי־דישער שפּראַך, און וועט ניט געצוואונגען זיין אוועקצוגעהן פון דעם אידישען פאָלק צו די גוים, כדי צו אַרבייטען אויף דעם פעלד פון וויסענשאַפט.

מיר האָבען דאָ צוויי פאָלוסען פון דער היינטיקער אידישער עפענטליכער מיינונג, דעם עקסטרעם־אַסימיליאַטאָרישען און דעם עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישען.

ווען איהר בעקלערט אָבער די אַרגומענטען פוןביידע שריי־בער, דאַן ווייזט זיך אויס קלאָר, אַז ביידע באַטראַכטען די אידישע קולטור־געשיכטע פון אַ ריין אידעאַליסטישען שטאַנדפּונקט. דער איד האָט געשאַפען קולטור־ווערטען נאָר דאַמאָלס, ווען ער איז גע־קומען אין בארירונג מיט דער גוי'אישער קולטור — פאַרוואָס? ווייל דער אידישער נאַציאָנאַלער גייסט איז ניט אָריגינעל, ער קען נאָר פאָלגען פרעמדע מוסטערן. אָדער פאַרקערט: די אידישע אינטעליגענץ האָט ניט געשאַפען קיין אידישע קולטור־ווערטען, — פאַרוואָס? ווייל זי איז געווען אַסימיליאַטאָריש. ביידע מאַכען

דעמזעלביקען טעות, זיי נעמען גאָר ניט אין באטראכט די גאנצע סאָ־ציאַלע סביבה, אין וועלכער די אידען האָבען געלעבט אין פאַרשי־דענע לענדער און אין פאַרשידענע צייטען.

דער העלעניסטישער איינפלוס אויף די אידען פון ארץ־ישראל איז געווען דער איינפלוס פון אַ האַנדעלס־פאָלק אויף אַ פאָלק פון פויערים. די פילאָסאָפיע פון אריסטאָטעל'עס איז געווען באקאנט נאָר אַ קליינער צאָל פון געלערנטע אידען פון דער העלעניסטישער צייט; די מערסטע פון די, וואָס האָבען נאָכגעמאכט די גריכען, האָבען געטראָגען גריכישע בגדים און צירונג, דאָס הייסט, זיי האָ־בען געקויפט פראָדוקטען פון דער גריכישער אינדוסטרי. דער גריכישער האַנדעל האָט פאַרשפּרייט די פּראָדוקטען פון דער גרי־כישער קונסט, פון דעם גריכישען האַנדווערק איבער דער גאַנצער וועלט, וואו עס האָבען זיך געפונען רייכע קונדען, און אויך צווישען די רייכע אידען. גריכענלאַנד איז אין יענער צייט געווען געוויסער־מאסען וואָס פראנקרייך איז היינט צווישען די פעלקער פון אונזער צייט.

וואָס איז שייך די ריין־גייסטיקע קולטור, איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז די אידען האָבען געגעבען זייער רעליגיע דער גאַנצער גריכיש־רוימישער וועלט. וואָס איז אייגענטלאָך געווען דאָס קריסטענ־טום, אַז ניט אַ אידישע סעקטע? די ערסטע קריסטליכע געמיינ־דען זיינען באַשטאַנען פון אידען. אויב איהר ווילט האָבען אַ לע־בעדיקען בילד פון דער פּראָפּאַגאַנדע פון קריסטענטום אין דעם ערסטען יאהרהונדערט פון דער קריסטליכער ערא, דאַן דאַרפט איהר זיך נאָר אַ קער טאָן צו דער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם דאָ, אין אמעריקע, אין 1890 — 1900: וואו עס איז גע־ווען אַ קאָלאָניע פון רוסישע אידען, האָט זיך באַלד געגרינדעט אַ אידישע סאָציאַליסטישע סעקציע אָדער אַ קלוב, און פון זיי האָט זיך שוין שפּעטער דער סאָציאַליזם פאַרשפּרייט צווישען די גוים. אַזוי איז אויך צוגעגאַנגען מיט דער אידיש־קריסטליכער פּראָפּאַגאַנדע. אין אַלע אידישע קהלות, וואָס זיינען אין יענע צייטען געווען פאַרשפּרייט איבער די גלות־לענדער, האָבען זיך גע־בילדעט קריסטליכע געמיינדען, וואָס דערנאָך האָבען זיי צוגע־צויגען צו זיך די מאסען גוים. אין דער קולטור־געשיכטע דאַרף מען ניט פאַרגעסען די טעטיקייט פון די מאסען: דאָס קריסטענ־טום איז ניט געווען נאָר אַ טעאָריע, ווי די פּלאַטאָנישע פילאָסאָ־

פיע, עס איז אויך געווען אַ פאָלקס־באַוועגונג. אָפּגעזעהן אפילו פון דער טעאָרעטישער זייט פון דעם קריסטענטום, איז דאָך די קריסטליכע פּראָפּאַגאַנדע געווען אַ אידישע פאָלקס־באַוועגונג. וואו געפינט איהר אין יענער צייט אַן אַנדער פאָלק, וואָס זאָל זיך אַריינ־לעגען אין די פאַרשפּרעטונג פון אַ רעליגיע, אָדער פון אַ סיסטעם פון מאָראַל? דאָס איז געווען אַן עכט־אידישער כאַראַקטערצוג, און דאָס האָבען די אידען בייגעטראָגען צו דער קולטור־געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער וועלט.

היינט נעמט אפילו די טעאָרעטישע זייט פון קריסטענטום. אמת, ווען דאָס קריסטענטום האָט געקראָגען פּראָזעליטען צווישען די געבילדעטע גריכען און רוימער, האָבען זיי אַריינגעפלאָכטען די סטאָאישע פילאָסאָפיע אין זייער נייע אמונה. שפּעטער, ווען דאָס קריסטענטום האָט זיך פאַרברייט צווישען די העכערע קלאַסען און די פאָלקס־מאַסען פון דער רוימישער אימפּעריע, האָט די נייע אמונה אָנגענומען די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען פון דער אימפּעריע און די צערעמאָניעס פון דעם געצענדינסט. אָבער דער אידי־שער פונדאַמענט איז געבליבען: דאָס איז דער אסקעטיזם פון דער קריסטליכער רעליגיע. אַ איד טאָר קיין הנאה ניט האָבען — דאָס איז דער גייסט פון דער אידישער רעליגיע. איך מיין, נאַטירלאָך, די אידישע רעליגיע, ווי זי האָט זיך ענטוויקעלט אין דער געשיכ־טע, ניט ווי זי שטעהט אין חומש. די גריכישע לעבענס־פילאָ־סאָפיע, פאַרקערט, ווי זי האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין דער גריכי־שער רעליגיע, אין דער פּאָעזיע, אין דער קונסט, איז געווען אַ לעבענס־לוסטיקע. אָט די לעבענס־לוסט איז אין דעם קריסטענ־טום אינגאַנצען פאַרשוואונדען. דער אסקעטיזם פון דעם קריס־טענטום איז דער גייסטיקער פּראָדוקט פון אַ פאָלק אין גלות. דער־פון קענט איהר זעהען, אז דער אידישער פאָלק האָט אַרויפגע־לעגט זיין שטעמפּעל אויף די גייסטיקע קולטור פון די גוי־אישע פעלקער.

היינט קומען מיר אַריין אין די געשיכטע פון דעם מיטעלאַל־טער. די פאַרפאָלגטע אידען האָבען ענטוויקעלט דעם גאַנצען וועלט־האַנדעל, זיי האָבען געשאַפען דעם אינטערנאַציאָנאַלען באַנק־געשעפט.

נעמט גאָלדשימדט'ס געשיכטע פון האַנדעלס־רעכט, וועט איהר

געפינען, אז די מנהגים פון די אידישע סוחרים האבען געלעגט דעם פונדאמענט פון דעם מאדערנעם האנדעלס־רעכט. עס וואלט געווען זעהר אן אינטערעסאנטע וויסענשאפטליכע ארבייט צו אונ־טערזוכען, וואס פאר אן איינפלוס דער תלמוד האט אויף דעם אופן געהאט אויף די אויסבילדונג פון דעם האנדעלס־רעכט.

היינט וואס איז שייך ריינע וויסענשאפט און קונסט, — האל־טען מיר דא אויך ניט גאר אזוי שלעכט. ערסטענס, דארפען מיר געדענקען, אז ביז דעם אכצעטען יאהרהונדערט האט די וועלט פון וויסענשאפט געבילדעט א סארט אינטערנאציאנאלע „רעפובליק“ מיט איהר אייגענער שפראך. אין דער צייט ווען יאזעפוס און פי־לא האבען געשריבען אין גריכיש, איז גריכיש געווען אנערקענט פאר אן אינטערנאציאנאלע שפראך, פונקט ווי היינט פראנצויז. אין דער פינסטערער צייט, ווען די וויסענשאפט איז אינגאנצען אויסגעלאשען געווארען אין דער קריסטליכער וועלט, איז דיארא־בישע שפראך געווארען די שפראך פון וויסענשאפט און רמב"ם האט געשריבען אין אראביש. פון דער צייט פון דעם רענעסאנס ביז דעם אכצעטען יאהרהונדערט איז די אינטערנאציאנאלע שפראך פון דער וויסענשאפט געווארען לאטיין, און, גאנץ נאטירלאך, האט ספינאזא געשריבען אין לאטיין.

די נאציאנאלע שפראכען זיינען אנגענומען געווארען אין דער וויסענשאפטליכער וועלט נאר אין דעם אכצעטען יאהרהונדערט, אבער אויך ניט אלע שפראכען, נאר די וויכטיקסטע: פראנצויז, דייטש, ענגליש און איטאליעניש. ווען א פוילישע געלערנטע, ווי מאדאם קורי, ענטדעקט א נייעם כעמישען עלעמענט, „פאלאניום“, דאן דריקט זיך איהר נאציאנאליזם אויס נאר אין דעם נאמען פון דעם עלעמענט, אבער די באשרייבונג פון איהרע אונטערזוכונגען גיט זיי דער וויסענשאפטליכער וועלט אויף פראנצויז, ניט אויף פויליש.

און דא קומען מיר טאקע צום עיקר. פאר וואס שרייבט א סיענקיעוויטש אויף פויליש און א טאלסטאי אויף רוסיש, ווערענד מאדאם קורי און מעטשניקאוו שרייבען אויף פראנצויז? אויף דע־רויף, פארשטעהט איהר, זיינען פאראן עקאנאמישע אורזאכען: די שעהנע ליטעראטור עקזיסטירט היינט פאר די מאסען פון פאלק, און כמעט יעדער פאלק, אפילו דער אידישער, איז גרויס גענוג

אויפצוהאלטען א שעהנע ליטעראטור אין זיין אייגענער שפראך. די וויסענשאפט אין אלע איהרע צווייגען, פארקערט, שטיצט זיך אויף א קלענערע צאל לעזער, און דעריבער איז עס איבער די קרעפטען פון א קליינער נאציאן אויפצובויען אן אריגינעלע וויסענשאפטליכע ליטעראטור אין איהר אייגענער שפראך.

ווען אבער איהר נעמט א פאלק ווי די דענען, אדער די האלענדער, — ווי קליין עס איז זייער צאל, האבען זיי פארט אן אייגענע שטאטס־מאשין, וואס נויטיגט זיך אין עקאנאמישע, פינאנציעלע, סטאטיסטישע, יוריסטישע, טעכנישע, מעדיצינישע און נאך אזוינע שריפטען אין דער נאציאנאלער שפראך, און קען פאר זיי באצאלען. יעדער נאציאנאלער שטאט, ווי קליין ער זאל ניט זיין, האט וועניגסטענס איין אוניווערסיטעט אין דער נאציאנאלער שפראך. אויף דעם אופן קענט איהר אין יעדער שטאטס־שפראך געפינען א וויסענשאפטליכע ליטעראטור, ווען ניט אן אריגינעלע, איז אן איבערזעצטע.

דער שטאט איז, אלזא, די פינאנציעלע שטיצע פון העכערער בילדונג. אט נעמט די הייטניקע גריכען, וואס פאר זיי איז זעהר לייכט אויסצולערנען זיך די קלאסישע גריכישע שפראך, ווארים זייער שפראך איז גענוג ענליך צו איהר, — זיי האבען אויך ניט געהאט קיין אייגענע גייסטיקע קולטור, כל־זמן זיי זיינען געווען אונטער דער מאכט פון טערקיי. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט די רומענער, די סערבען און די בולגארען, ביז זיי האבען זיך ניט אפגעטיילט פון טערקיי, מיט די מאדיארען און טשעכען אין עסטרייך, איידער זייערע שפראכען זיינען אנערקענט געווארען פאר שטאטס־שפראכען. אין קיין אייראפעאישער לאנד וועט איהר ניט אנווייזען קיין איינציקע קליינע נאציאנאליטעט, וואס זאל האבען אן אייגענע וויסענשאפטליכע ליטעראטור אהן קולטור־נאציאנאלע שטאטס־אויטאנאמיע. א חדר, א תלמוד־תורה, א ישיבה קען מען אויפבויען מיט פריוואט־מיטעל, אבער ניט קיין אוניווערסיטעט מיט פיזישע און כעמישע לאבאראטאריעס, מיט אן אסטראנאמישע אבסערוואטאריע, מיט ביבליאטעקען א. ד. ג. די ראקעפעלער׳ס, די קארנעגי׳ס וכדומה זיינען א פראדוקט פון א הויך־ענטוויקעלטען קאפיטאליזם, וואס אין א טערקיי איז ער ניטא.

וואס פאר א מעגלאכקייט האבען די שפאנישע אידען געהאט

**אין טערקיי צו ענטוויקלען אַן אינטעלעקטועלע קולטור ?**

דער טערקישער שטאַט האָט ניט אונטערשטיצט די וויסענ־שאַפט. ווען ער האָט נויטיק געהאַט מענער מיט בילדונג, טעכני־שע פאַך־לייט, האָט ער זיי אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד. די סאַ־לאָניקער אידען האָבען גערעדט שפּאַניש, אבער מיט שפּאַניען זיי־נען אַלע פערבינדונגען זייערע געווען אָפּגעשניטען, חוץ דעם איז אויף שפּאַניען אליין אַרויף אַ חושך, וואָס האָט געדויערט ביז דעם 19טען יאָהרהונדערט, און וואָס אפילו היינט צו־טאָג האָט זי זיך פון איהם נאָך אינגאַנצען ניט באַפרייט. דער קליינער הויפען שפּאַנישע אידען וואָלטען ניט געווען אימשטאַנד אויפצובויען אַן אייגענע אינטעלעקטועלע קולטור אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אפילו ווען זיי וואָלטען געהאַט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

ווען די שפּאַנישע אידען האָבען זיך באַזעצט אין סאַלאָניקי, האָבען זיי פון איהר געמאַכט אַ גרויסען האַנדעלס־צענטער. דאָס איז געווען זייער קולטור־ווערק. און עס איז גאָר ניט קיין צופע־ליקע זאַך, וואָס סאַלאָניקי איז געווען דער צענטער פון דער יונג־טערקישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און די אידען פון סאַלאָ־ניקי האָבען אין דער באַוועגונג, גענומען אַ טעטיקען אַנטייל.

די אידישע אָריגינאַליטעט, אַזוי ווי דער אידישער נאָכמאַ־כען, הענגען ניט אין דער לופטען, זיי האָבען אַן עקאָנאָמישען פונ־דאַמענט : די אָריגינאַליטעט פון דעם אידישען „פאָלקס־כאַראַקטער" אין די גלות־לענדער ליגט אין דעם, וואָס די אידען זיינען אַ האַנ־דעלס־פאָלק, דערצו געפינען זיי די נויטיקע באַדינגונגען אומעטום וואו זיי קומען ; אויף אַלע אַנדערע געביטען מוזען זיי נאָכמאַכען אַנדערע פעלקער, וואָרים יענע פעלקער האָבען די קאָנטראָלע אי־בער דעם עקאָנאָמישען פונדאַמענט פון יעדער אַנדערער קולטור־אַרבייט.

זינט די אידען לעבען אין גלות, האָבען זיי זיך אימער אַסי־מילירט מיט די אַרומיקע פעלקער. זיי האָבען אָנגענומען די שפּראַ־כען פון די פעלקער, צווישען וועמען זיי האָבען געלעבט ; אין דער צייט ווען גריכיש איז געווען די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך, האָ־בען זיי גערעדט גריכיש. אין שפּאַניען האָבען זיי גערעדט שפּאַ־ניש, אין די דייטשע לענדער האָבען זיי גערעדט דייטש, וואו דער

איד האָט געקראָגען צוטריט צו די אוניווערסיטעטען און צו די געלערנטע פּראָפעסיעס, האָט ער זיך אַסעמילירט מיט די גוים אויף אַזוי פיעל, ווי עס איז נויטיק געווען אונטער די אומשטענ־דען. דאָקטאָר זשיטלאָווסקי אַליין איז אַסימילירט, ער טראָגט ניט קיין טלית־קטן מיט אַ יארמולקע, ווי די קיבעץ־בלעטער מאַלען איהם, נאָר טאַקע אַ קורצען סורדוט מיט אַ וועסט; ער האָט אפילו אַ באָרד, אָבער ער שערט זי אַרום, קיין פּאות טראָגט ער גאָר ניט. ער רעדט און שרייבט גאַנץ גוט רוסיש און דייטש און זיין פילאָ־סאָפיע האָט ער שטודירט ניט אין מאַמע־לשון, נאָר טאַקע בלע"ז. כדי ער זאָל קענען ווערען א נאציאנאַליסט, ווי ער איז, איז נויטיק געווען אַ גאַנצער דור אסימיליאטאָרען, וואָס האָבען אויסגעקעמפּפט פאַר אונז אַלעמען ביי אונדזערע זיידעס און אונדזערע טאַטעס דאָס רעכט צו געהן אין די גוי'אישע גימנאזיעס און אוניווערסיטעטען אין יענע צייטען, ווען מען האָט אונדז נאָך אַהין אַנגעומען צוגלייך מיט די גוי'אישע קינדער. מיין זיידע, ווען ער האָט געכאפּט מיין טאַטען איינגעלוויים ליינענדיק בשתיקה א דייטשען בוך, האָט ער איהם געשלאָגען מיט אַ שטריק פאַר'ן לייענען טרפה־פּסול. מיט פופציק־זעכציק יאהר צוריק איז די אסימיליאציע גע־ווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט. דער היינטיקער נאַציאָנאַ־ליזם פון די מאַסען איז די פאָרטזעצונג פון יענער אויפקלערונגס־באוועגונג נאָר אויף א ברייטערען פונדאמענט. כל־זמן די אויפ־געקלערטע זיינען געווען א קליינער הויפען, מערסטענס יונגע לייט, בעל־הבתישע קינדער, וואָס האָבען געהאַט צייט צו שטודירען, האָבען זיי געלערנט פון דייטשע ביכער אין דער היים, און שפּע־טער האָבען זיי שטודירט אין די ראַבינער שולען, אין די גימנאַ־זיעס און אין די אוניווערסיטעטען אויף רוסיש. רוסיש איז גע־וואָרען זייער מוטער־שפּראַך. ווען די אויפקלערונגס־באוועגונג אָבער האָט זיך דעמאָקראַטיזירט, איז אַריין אין די מאסען וואָס האָ־בען קיין שול־בילדונג ניט געקראָגען, האָט זי געמוזט זיך באנוצען מיט דער שפּראַך פון די מאַסען. אויף דעם מאַמע־לשון האָבען די פירער פון דיעזער באוועגונג אַלע געקוקט פון אויבען אַראָפּ: די אַסימיליאטאָרען, ווי דאָקטאָר זשיטלאָווסקי דערצעהלט אונז, האָבען געהאַלטען אידיש פאַר אַ שפּראַך פון עם־הארצים, און די ציוניסטען האָבען פיינט אידיש, ווייל זי איז א געפערליכע קאָנקורענטקע פאַר לשון־קודש. און פונדעסטוועגען האָבען די אַלע שונאים פון

דער אידישער פאלקס־שפראך געמוזט רעדען צו דעם פאלק אין דער שפראך.

וואס זשע איז דער מוסר פון דער מעשה? עס ווייזט, אז ניט די אסימיליאטארען זיינען שולדיק אין דעריין, וואס עס איז ניטא קיין אוניווערסיטעטס־וויסענשאפט אין מאמע־לשון. די גרויסע מאסע אידישע לעזער זיינען מענטשען אהן שוהל־בילדונג, וואס האבען קיינמאל ניט געלערנט סיסטעמאטיש קיין עלעמענטארע וויסענשאפט, וואס די איינפאכסטע וויסענשאפטליכע אויסדריקען זיינען פאר איהם אונבעקאנט. עס וואלט אפשר געווען א גוטער פלאן, אז זיי זאלען אלע אויף פריהער דורכמאכען א קורס לעקציעס איבער עלעמענטארע וויסענשאפטען, און שפעטער, אין עטלאכע יאהר ארום, ווען זיי וועלען זיך אויסלערנען צו פארשטעהען דעם וויסענשאפטליכען מאמע־לשון, זאלען זיי ערסט דעמאלס אנהויבען צו לעזען צייטונגען און זשורנאלען. די צרה איז אבער: וואו נעמט מען אזעלכע פארבערייטונגס שולען? און חוץ דעם, אט האבען מיר געהאט אין די לעצטע יאהרען עטלאכע שניידער סטרייקס, — ביז ווארען דער אידישער שניידער וועט זיך אויסלערנען צו פארשטעהן, וואס הייסט "אביעקט„ און "קוואניטעט„ איז די פראגע היינט, זאל ער בלייבען אן "אביעקט„ פון אונבאגרענצטער עקספלאאטאציע, אדער ער זאל קריגען מעהר באצאלט פאר דיזעלביקע „קוואנטיטעט" פון זיין ארבייטס־קראפט. און דערצו דארף ער האבען צייטונגען און זשורנאלען פון אזא „קוואליטעט„ וואס זאל פון איהם מאכען א דענקענדען "סוביעקט„ מיט דער קלענסטער "קוואניטעט„ פון אזוינע טערקישע ווערטער, וואס דער שווארץ־יאהר אליין ווייס, וואס דער שרייבער האט אין זינען.

וואס די אידישע צייטונגען און זשורנאלען באנוצען זיך מיט אן „עם־הארצ'ישער" שפראך, איז ביי מיר ניט קיין חסרון, נאר גאר א מעלה, — איך מיין נאטירלאך ניט, אז די שרייבער דארפען מאכען גרייזען קעגען וויסענשאפט, כדי צו זיין פאפולער. וואס איך מיין, איז אז זיי דארפען אימער האבען אין זינען דעם פראסטען לעזער וואס האט קיין עלעמענטארע בילדונג ניט געקראגען, וויל אבער וויסען וואו ער האלט אין דער וועלט. די אויפגאבע פון דער אידישער פרעסע דארף זיין אויפצוהויבען דעם לעזער, אבער מיר דארפען זיך ניט נארען, די קראפט פון דער פרעסע האט געוויסע גרענעצען, איבער א געוויסע מאס קען זי איהם ניט אויפהויבען. צו הויבען איהם העכער, דארף מען אנווענדען אנדערע מיטלען, ביל־

דונגס־פאראיינען, פאָלקס־אוניווערסיטעטען. ביז עס וועט ניט אויס־געבילדעט ווערען א גרויסער פובליקום פון געבילדעטע אידישע לע־זער, וועט יעדע שריפט וואָס האָט נאָר זיי אין זינען, זיין אַ דורכ־פאַל. דערצו האָבען מיר גענוג ביישפּילען.

און וואָס איז שייך די אידישע אינטעליגענץ זאָל זיך אויפהאַ־דעווען אויף דער אידישער ליטעראַטור, טו וועט דאָס זיין מעגלאָך נאָר ווען עס זאָל די ציוניסטען פון דער וועלט געלינגען צו מאַכען ארץ־ישראל פאר אַן אויטאָנאָמע אידישע פּראָווינץ, מיט דעם רעכט צו געברויכען אידיש אַלס איינע פון די אָפּיציעלע לאַנדס־שפּראַ־כען. אין די גלות־לענדער איז דאָס אַן אוטאָפּיע.

ווענען רוסלאַנד איז אָפּגערעדט. די פינסטערע רעאַקציע וועט זיך דאָרטען נאָך האַלטען זיכער אַ היבשע צייט. און ווען עס זאָל דאָרטען קומען צו אַ נייער רעוואָלוציע און זי זאָל זיך אויס־לאָזען מיט דער גרינדונג פון אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג, און די אידען זאָלען קריגען אַ פאָלשטענדיקע קולטור־נאַציאָנאַלע אויטאָ־נאָמיע, איז אפילו דעמאָלס אויך אַ סברה, אַז דער אידישער סטו־דענט וועט אויסקלייבען פאר זיך גיכער אַ רוסישען איידער אַ אי־דישען אוניווערסיטעט, וואו אַלע למודים וועלען געלערנט ווערען אין מאַמע־לשון. עס איז פּשוט אַ פראַגע פון קאָנקורענץ אויף דעם ארבייטס־מאַרק.

אין גאַליציע האָבען שוין די אידען אַ בעסערע אויסזיכט מיט דער צייט אנערקענט צו ווערען פאר אַ בעזונדערע נאַציאָנאַליטעט, אָבער אפילו דאָרטען, דאכט זיך מיר, איז אַ קנאַפּע אויסזיכט אַז אידיש זאָל ווערען אָנגענומען אַלס אונטעריכטס־שפּראַך אין די גימ־נאַזיעס אָדער אוניווערסיטעטען. חוץ אַ קליינע צאָל פאַרקאָכטע חובבי מאַמע־לשון, וועלען דאָס די אידישע שטודירענדע יונגע לייט אליין ניט וועלען, וואָרים עס לוינט זיך ניט צוליעב פרנסה ווענען.

איך גלויב אַז דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז אַן ענטפער אויף זעהר פראַקטישע לעבענס־פראַגען, און טאָקע דעריבער, מיין איך, אַז ער דאַרף זיך באַפרייען פון פוסטע חלומות און נעמען זיך צו וואָכעדיקע ארבייט.

מיר האָבען ערסטענס פאר זיך אַ גרויסע קולטור־אַרבייט, צו שאַפען מיטלען פאר די אויפקלערונג פון דער גרויסער אידישער

מאסע, און צווייטענס זיינען מיר נאָך אין קיין לאַנד ניט אויפ'ן פערד, אפילו דאָ אין אַמעריקע אויך ניט. דער סאָציאַלער באַ־קאַט געגען דעם איד לאָזט זיך פיהלען דאָ אויך. עס האַנדעלט זיך ניט אום דעם, צי מען וועט אונז אוועקזעצען אויבען אָן אין ערגעץ אַן אַריסטאָקראַטישען קלוב, אָדער האָטעל, נאָר אום פראַגען פון חיונה. אַלס אידען, האָבען מיר קיין אָרגאַניזאַציע ניט, וואָס זאָל זיך אָננעמען פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. דאָס דאַרף געשאַפען ווערען.

ענדליך, האָבען מיר אונדזערע ברידער און שוועסטער און פריינט אין רוסלאַנד און רומעניע וואָס זוכען אַ מקום מנוחה.

ס'איז פאַראַן אַ סך נאַציאָנאַלע ארבייט, איידער מיר וועלען זיך צוקלייבען צו אַ אידישען אוניווערסיטעט, אָדער צו דער אוניווערסיטעטס־וויסענשאַפט אין מאַמע־לשון.



# איז דער ציוניזם פראקטיש?*)

---

די אידען לויפען פון רוסלאנד און רומעניע. זיי לויפען אין מאסען קיין אמעריקע, אפריקע, ארגענטינע, — און וואו נאר געפינט איהר היינט קיין רוסישע אידען ניט? אין ענגלאנד האט מען שוין צוגעשפארט דעם טויער, מען לאזט נאר אריין דורך א קליינע טירעלע, און דא אין אמעריקע איז די באוועגונג צו באשרענקען די איינוואנדערונג פון „אונגעווינטשטע פרעמדע פון דרום און מזרח אייראפא“ אויך זעהר שטארק. דעריבער, ווען די יונג־טערקישע רעוואלוציאנערן ערקלערען, אז זיי זיינען בארייט צו געבען די אידען ארץ־ישראל און לאזען זיי בילדען אן אונאבהענגיקען פעדעראטיווען שטאט פון דער טערקישער מלוכה, איז דאס געווען א וויכטיקער מאמענט אין דער געשיכטע פון דעם וואנדערנדען איד.

ביז אהער איז די אינדיווידועלע איינוואנדערונג פון אידען קיין פאלעסטינא געווען אונבאדייטענד; די ארגאניזירטע ציוניסטישע איינוואנדערונג האט זיך געשטיצט אויף פילאנטראפען, און מיט צדקה קען מען קיין סאציאלע פראגע ניט פארענטפערן. אן אויטאמנאמער אידישער שטאאט אבער קען געפינען די מיטלען צו קאלאניזירען די לאנד אין א גרויסען מאסשטאב. געלט אויף צו קאלאניזירען א לאנד קען א רעגיערונג קריגען וויפיל זי דארף, ווען עס איז נאר פאראן אן אויסזיכט אז די קאלאניזאציע וועט זיך באצאלען, ווייל יעדער נייער קאלאניסט איז א נייער צאלער פון שטייערן. אז עס איז מעגליך אין דער צייט פון איין דור אויפצו־

---

*) דיעזער ארטיקל איז ערשינען אין דער „אידישער צוקונפט“ (ניו־יארק), סעפטעמבער—אקטאבער 1908, אונטער דער קעפל: „די טערקישע רעוואלוציאן און די אויספירבארקייט פון ציוניזם“. איך האב דא ארויסגעלאזען דעם טייל וואס באהאנדעלט די טערקישע רעוואלוציאן, ווייל דאס איז געשריבען געווארען באלד נאך איהר אויסברוך, און איהר ווייטערע געשיכטע האט אפגענארט דעם צוטרוי וואס פיעלע (און איך אויך) האבען פון אנהויב געהאט צו די יונג־טערקען.

בויען אַ בליהענדע קולטור אין אַ מדבר, האָבען דער וועלט געוויזען די מאָרמאָנען, אַ קליינע פאַרהאַסטע און פאַרפאָלגטע סעקטע. אַז עס איז מעגלאַך אין דער צייט פון איין דור אַנצוזאַמלען מער ווי אַ מיליאָן אידען אין צוויי־דריי שטעט אויפ'ן ברעג ים, זעהען מיר דאָ, אין אַמעריקע. מיר מוזען אַלזאָ זעהען, צי איז מעגליך פאַר אַן אויטאָנאָמע אידישע רעגיערונג צו שאַפען די נויטיקע באַדינגונגען אין ארץ־ישראל.

די מאָרמאָנען זיינען געווען פאַרמערס, די אידען זיינען ניט קיין פאַרמערס; מאַכען אַ מיליאָן שניידער־אינגלאַך, פּאַפּיראָסען־מאַכערקעס, פּריקאַזשציקעס, לערערלאַך וואָס זוכען „אוראָקען“, און סתם לופט־מענשען פאַר מוזשיקעס, איז נאַטירלאַך אַ חלום. די אידען זיינען שטאָטישע לייט, און זיי קענען אריבערגעבראַכט ווערען קיין ארץ־ישראל נאָר אין דעם פאַל אויב זיי קענען זיך באַזעצען אין שטעט. איז דאָס מעגלאַך? קען אַ שטאָט עקזיסטירען אָהן אַ פאַרמערשע באַפעלקערונג? די ענטוויקלונג פון די אַטלאַנטישע סטעיטס אין אַמעריקע גיט אויף די פראַגע אַ קלאָרען ענטפער. אין 1790 איז די באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַאַטען באַשטאַנען פון איבער 90 פּראָצענט פאַרמערס. אין 1900 זיינען אין מאַסאַטשוסעטס געווען באַשעפטיקט אין דער פאַרמעריי סך הכל 5,5 פּראָצענט פון די פאַרדינערס, 66,000 מענשען פון 1,200,000, און זיי האָבען אויסגעהאַלטען אַ באַפעלקערונג פון 2,800,000. פאַרשטעהט זיך, די באַפעלקערונג פון מאַסאַטשוסעטס איז עקאָנאָמיש פאַרבונדען מיט דער פאַרמערשער באַפעלקערונג פון די סטעיטס אין די וועסט, און עס איז אויך ניט קיין צופאַל וואָס די איינוואוינער פון מאַסאַטשוסעטס האָבען אויפגעגעבען זייער פאַרמעריי און האָבען זיך גענומען צו האַנדעל און אינדוסטרי: די געאָגראַפישע לאַגע פון מאַסאַטשוסעטס ביי'ן ים האָט געמוזט ברענגען דערצו.

היינט ווען מיר וועלען אַ קוק טאָן אויף די קאַרטע פון פּאַלעסטינע, וועלען מיר זעהען, אַז זי געפינט זיך אין דערזעלבער געאָגראַפישער לאַגע צו די אינערע פּראָווינצען פון דער אַזיאַטישער טערקיי און צו פּערסיע, ווי למשל מאַסאַטשוסעטס צו די סטעיטס אין די וועסט. ניט היינט, איז מאָרגען, וועט דער קאַפּיטאַליזם יענע לענדער אויך אַריינשלעפּען אין דעם וועלט־האַנדעל, און דעמאָלט מוז דער ברעג פון דעם מיטעללענדישען ים ווערען דער צענטער פון

דעם וועלט־פארקער צווישען מערב אזיע און אייראפא. ווען עס וואלט אפילו מעגלאך געווען צו באזעצען פאלעסטינא מיט א מיליאן אידי־שע פארמערס וואלטען מיט דער ענטוויקלונג פון דעם וועלט־האנדעל די דאזיקע פארמערס זיך געמוזט אריבערקלייבען אין די שטעט ביי'ן ים, אזוי ווי עס האבען געטאן די פארמערס פון מאַ־סאטשוסעטס, אדער ניו־דזשוירזי.

פרעגט זיך אבער: ווען קען מען זיך ריכטען אויף די ענט־וויקעלונג פון דעם וועלט־האנדעל מיט אזיאטישער טערקיי און פער־סיע? מיר ווייסען, אז ענגלאנד און רוסלאנד האבען צווישען זיך צוטיילט פערסיע, אלס די „ספערע פון זייער איינפלוס". דאס הייסט, די ענגלישע און די רוסישע פאבריקאנטען זוכען דארטען צו פארקויפען זייערע סחורות, און אין דער אזיאטישער טערקיי זיינען די דייטשען געווארען גאנצע מחותנים! זיי בויען דארטען אייזענבאנען, זיי פירען פון דארטען תבואה קיין אייראפע, און נאַ־טירלאך עקספארטירען זיי זייערע מאנופעקטור־וואארען אהין. אן אויטאנאמער אידישער שטאאט קען אלזא האבען די געלעגענהייט צו ענטוויקלען דעם האנדעל מיט יענע לענדער, ער קען בויען אייזענבאנען, דאקס, עלעווייטארס פאר תבואה, קורץ דעם גאנצען מעכאניזם פון דעם היינטיקען וועלט־האנדעל, און דאס איז גענוג אויפצוהאלטען וועניקסטענס איין גרויסע פארטאווע שטאט. דער וואוקס פון אדעס איז א לעבעדיקער ביישפיל. אדעס איז גרויס געווארען דורך די אייזענבאנען, וואס האבען זי געמאכט פאר א צענטער פון דעם האנדעל מיט תבואה.

דער האנדעל ברייננגט שוין אליין מיט זיך אינדוסטרי. וואו עס קאנצענטרירט זיך דער עקספארט פון תבואה, דארטען לוינט זיך צו בויען גרויסע מילען אויף איבערצואורבייטען די תבואה אין מעל. ווייטער אבער, א רעגירונג וואס נעמט זיך קאלאניזירען איהר לאנד, האט די מעגלאכקייט אויפצובויען אינדוסטריען פאר וועלכע עס קען זיך געפינען א מארק. די מאסקעווער פאבריקען פירען קיין פערסיע זייערע קאטאן־וואארען. פרעגט זיך, פאר וואס עפעס דוקא קאטאן־וואארען און דוקא פון מאסקעווע? קאטאן וואקסט ניט אין מאסקעווע, עס ווערט געבראכט פון אמעריקא און פון מצרים. נו, מצרים איז א סך נעהנטער צו ירושלים, ווי צו מאסקעווע. און אפילו פון ניו־ארלינז קען מען צושטעלען קאטאן איבער'ן וואסער קיין יפו בילינער איידער קיין מאסקעווע. וואס אהין דארף מען עס פירען

**אַ היבשע פּאָר טויזענט וויאָרסט פּער אייזענבאַן.**

די היינטיקע אינדוסטרי איז גאָר ניט אָפּהענגיק פון היימישען רוי־מאַטעריאַל. די קאַטאָן־אינדוסטרי האָט זיך צוערשט ענטוויקעלט אין ענגלאַנד און שפּעטער אין מאַסאַטשוסעטס, און ערשט אין די לעצטע יאָהרען הויבען אָן די קאַטאָן פאַבריקאַנטען פון מאַסאַטשוסעטס צו בויען פאַבריקען אין די סויט, און הויפּטזעכלאַך דערפאַר וואָס דאָרטען קריגען זיי ביליגערע הענט, איידער אין מאַסאַטשוסעטס און ניט צוליעב דעם קאַטאַן.

אַ וויכטיקע בעדינגונג פאַר די ענטוויקעלונג פון דער פאַבריק־אינדוסטרי, איז: מען זאָל ערגעץ נאָהענט קענען קריגען קוילען. ווידער אָבער זעהען מיר אַז ניט אין מאָסקעווער ראַיאָן, ניט אין מאַסאַטשוסעטס, איז ניטאָ קיין קוילען גרובען. קוילען מוזען געבראַכט ווערען פון דער ווייטען. אין איצטיקער צייט הויבט מען אָן איינפירען פּעטראָלעאום אַלס הייצונגס מאַטעריאַל אָנשטאָט קוילען, און פּעטראָלעאום ווערט געליפערט פון די אַמעריקאַנער פאָרטען איבער דער גאַנצער וועלט, עס קען אויך ביליג געליפערט ווערן איבער'ן וואַסער אין אַ פאָרטאָווע שטאָדט אָן דעם מיטעללענדישען ים.

עס זיינען פאַראַן אַ סך אַנדערע וועלט־אינדוסטריען וואָס זיינען ניט לאָקאַליזירט. נעמט צום ביישפּיל די טאַבאַק־אינדוסטרי. לויט דעם צענזוס פון 1900, ווערט נאָהענט פון אַ העלפט פון דעם טאַבאַק וואָס וואַקסט אין די פאַראייניקטע שטאַטען עקספּאָרטירט נאָך אויסלאַנד. ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע פאַרברויכען אמעריקאַנער טאַבאַק אין בלעטער. היינט, ווען איהר וועט נעמען די היימישע פּראָדוקציאָן, וועט איהר געפינען, אַז מער ווי אַ דריטל פון דעם אַמעריקאַנער טאַבאַק ווערט געפלאַנצט אין קענטאָקי, אָבער די פּראָדוקציאָן פון ציגאַרען, פּאַפּיראָסען, שמעק־טאַבאַק, און קיי־טאַבאַק אין קענטאָקי איז וועניקער ווי 1 פּראָצ. פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער פּראָדוקציאָן. ציגאַרען און פּאַפּיראָסען זיינען איצטיקע צייטען אַן אַרטיקל פון דעם וועלט־האַנדעל. נו, אין טערקיי איז פאַראַן גענוג היימישער טאַבאַק, ציגאַרען און פּאַפּיראָסען קענען פאַבריצירט ווערען אין פּאַלעסטינאַ אַזוי גוט ווי אין אַנדערע לענדער.

**די פעלקער אַרום פּאַלעסטינאַ האָבען גרויסע סטאָדעס, עס איז**

אלזא פאראן די מעגלאכקייט צו ענטוויקלען דעם פלייש־האנדעל אויף דעם אמעריקאנער אופן, די פאבריקאציע פון לעדער און שיך, פון פוטער און קעז, — דאס זיינען אלץ אין איצטיקע צייטען סחורות וואס געהערן צו דעם וועלט־מארק.

דא שטעלט זיך א ווייטערע פראגע: ווער וועט דאס אלץ ענטוויקלען, די אלע אינדוסטריען? אין אמעריקע האט עס אלץ אויפגעטאן דער קאפיטאליזם, פארלאזען זיך אבער אויף די קאפיטאליסטען אז זיי וועלען זיך ארייגלאזען אין די ענטוויקלונג גראד פון פאלעסטינא, איז ניט קיין פלאן. אבער אן אויטאנאמע אידישע רעגירונג קען בארגען דעם נויטיקען קאפיטאל און נעמען זיך אליין צו דער ארבייט. פראקטישע לייט, אפילו צווישען סאציאליסטען, וועלען זיך ספק'ן אויב אזא זאך איז מעגלאך. נו, טו ווייסען מיר פון דער געשיכטע אז פיאטר דער גרויסער האט אויף דעם אופן געמאכט דעם אנפאנג פון דער רוסישער אינדוסטרי: ער האט געבויט פאבריקען און זאוואדען מיט צוויי הונדערט יאהר צוריק. פאר וואס זאל דאס א רעגיערונג איצטיקע צייטען דאסזעלבע ניט קענען טאן? דער אנהויב נאר איז שווער. זאל באוויזען ווערען דער וועג, וועלען שוין פריוואט־אונטערנעמונגען אויף פיל אויפטאן.

עס שטעלט זיך דא פאר נאך אנאנדער שוועריקייט. גוט, ווען עס איז שוין פאראן אן אויטאנאמע אידישע רעגירונג, וואס האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו קאלאניזירען ארץ־ישראל, טו קען זי אויפטאי די אלע קונצען. כדי אבער עס זאל זיין אזא רעגירונג, מוז מען ערסט האבען א אידישע באפעלקערונג אין ארץ־ישראל און כדי עס זאל זיך דארטען בילדען א אידישע באפעלקערונג, דארף מען האבען א אידישע רעגירונג, וואס זאל זיי העלפען אהין אריבערקומען. בקיצור, עס איז די אלטע מעשה מיט דער הון און מיט'ן איי.

מען קען זיך שוין געבען אן עצה. פון דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער קאלאניזאציע זיינען מיר באקאנט מיט דער האנדעלס־קאמפאניע, וואס האט עקזיסטירט אויף דעם גרונד פון א קעניגלאכען טשארטער און האט געהאט צוגלייך האנדעלס־רעכטע און פאליטישע פריווילעגיעס. אזוינע קאמפאניעס זיינען מעגלאך אין דער איבערגאנגס־צייט אויף אין ארץ־ישראל. אן אקציען־געזעל־

שאפט וואס וועט קריגען א קאנצעסיע אויף א געוויסע צייט, לאמיר
זאגען אויף פינף און צוואנציק אדער אפילו אויף פופציק יאהר,
זי זאל מעגען קלייבען שטייערן, בארגען געלט מיט דער גאראנטיע
פון דעם שטאט, בויען אייזענבאהנען, פארטען און דעסגלייכען,
— אזא קאמפאניע, מעגט איהר זיין זיכער, וועט געפינען געלט
ביי די גרויסע באנקירען פון דער וועלט.

עס איז, נאטירלאך, ניט דעמאקראטיש. איך שרייב אבער ניט
קיין אוטאפיע, איך אונטערזוך נאר, אויף וועלכע עקאנאמישע
יסודות עס איז מעגלאך צו קאלאניזירען פאלעסטינא. און די אונ־
טערזוכונג ווייזט, אז אן ארגאניזאציע וואס האט די שטאטס־
מאכט אין איהרע הענט, איז אויף דער היינטיקער מדרגה פון קא־
פיטאליסטישער ענטוויקעלונג בכוח אויפצובויען אן אינדוסטריעלע
קאלאניע אין ארץ־ישראל.

זעלבסטפארשטענדלאך, ארום די פאבריקען, די מילען, די
עלעוואטארס, די דאקס, קענען מאכען א לעבען א היבשע צאל
הענדלערס, בעלי מלאכות און פראפעסיאנעלע לייט; די ארגאני־
זירטע קאלאניזאציע ציהט צו אינדיווידועלע איינוואנדערונג. ארום
א פאר גרויסע שטעט קענען פאר זיך געפינען א פלאץ אפילו א
קליינער פראצענט אידישע פארמערס. צווישען די עטלאכע צענד־
ליק טויזענט אידישע קאלאניסטען אין רוסלאנד געפינט איהר א
סך עכטע פארמערס, וואס באארבייטען זייער לאנד ניט ערגער פון
די דייטשע קאלאניסטען; און צווישען זיי געפינען זיך אויך
בעלנים צו עמיגרירען.

ווייטער האב איך אנגענומען אז פאלעסטינא אליין איז א וויס־
טע לאנד אהן מינעראלען, אהן קוילען, אהן וועלדער, וואס מוז
אריבערברינגען אלע רוי־מאטעריאלען פון אנדערע געגענדען, און
האט גארנישט חוץ איהר געאגראפישע לאגע ביי'ן ברעג ים. מיר
ווייסען אבער, אז דער שטאל פון דמשק איז בארימט געווען אין אל־
טערטום און אין מיטעלאלטער, און אין יענע צייטען איז יעדע
אינדוסטרי געווען באשרענקט אויף דעם רוי־מאטעריאל, וואס זי
האט געפונען אויפ'ן שטעל. ווייטער ווייסען מיר פון דער געשיכ־
טע פון דער אייזען־אינדוסטרי, אז ביז דעם נייצעטען יאהר־
הונדערט האט מען נאר פארשטאנען ווי צו סקראבען די בערג פון
אויבען; ארונטערלאזען זיך טיפער האט מען ניט געקענט, ווארים

דערצו דארף מען האבען מעכאנישע עלעוואטארס, ווענטילאטארס, פאמפעס, קורץ די גאנצע מאדערנע טעכניק. מיר ווייסען אז אין מעקסיקא און זיד־אמעריקע עפענט מען איצטער אויף די גאלד און זילבער גרובען, וואס די שפאניער האבען פארווארפען מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק, ווארים זיי האבען פון דארטען אויסגעגראבען אלץ, וואס זיי האבען געקענט דערגרייכען; און די פארווארפענע גרובען בריינגען היינט פעטע דיווידענדען. עס איז אלזא וויסענשאפטליך זעהר ווארשיינליך, אז ארום פאלעסטינא אין די הרי לבנן מוז זיך געפינען אייזען, וואס האט אן אינדוסטריעלען ווערט.

די צאל מענשען וואס קענען עקזיסטירען פון פארמעריי אין א געוויסע לאנד איז אין יעדער צייט ענג באשרענקט. אבער די אינדוסטריעלע באפעלקערונג, וואס קען צוזאמענגעבראכט ווערען אויף א קליינער טעריטאריע הענגט אפ אין גאנצען פון איהר געאגראפישער לאגע. די שטאטישע באפעלקערונג אויף דער ליניע פון ניו־יארק ביז פילאדעלפיא מאכט אוים זעקס מיליאן מענשען, דאס איז אזוי פיעל ווי די גאנצע אידישע באפעלקערונג פון רוס־לאנד.



# די נאַציאָנאַלע פראגע און דער ציוניזם.

---

איז ווירקלאך פאראַן א נאַציאַנאַלע פראַגע אויף דער וועלט, צי איז עס ניט מער ווי אַן איינגערעדטע קרענק? זיינען טאַקע אמת פאראַן אידען אויף דער וועלט, אָדער די ציוניסטען האַבען זיי אויסגעטראַכט? און אויב עס זיינען יע פאראַן אידען ערגעץ־וואו, טו וואָס זיינען זיי, א פאָלק, צי ניט מער ווי א רעליגיעזע סעקטע?

בעת דער בונד האָט זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער „רוסלענדער" סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט מען וועגען דיזע פראַגען זעהר היים דעבאַטירט אין רוסלאנד. באלד נאָכדעם איז געקומען דער קישינעווער פּאָגראָם. מיינער אַן אַלטער חבר האָט דעמאָלט אין אַ פּריוואַט בריף געענטפערט אויף די פראַגען, איבערמאַכענדיק די ווערטער פון דעם פילאָזאָף דעקארט: „מען שלאָגט אונדז, דאָס ווייזט, אַז מיר עקזיסטירען". דעקארט האָט אייגענטלאָך געזאָגט: „איך דענק, און דאָס ווייזט אז איך עקזיסטיר". ווען איהר באַטראַכט גוט דעם וויץ, האָט ער זעהר אַ טיפען זין: דער עיקר פון אונדזער אידישען נאַציאָנאַליזם ליגט ניט אַזוי אין דערין וואָס מיר האָבען אַ נאַציאָנאלען גייסט, אַ נאַציאָנאַלען באוואוסטזיין, נאָר קודם כל טאַקע אין דעריז, וואָס די אַרומיקע עמים האַסען אונדז און פאַרפאָלגען אונדז. דאָס איז אַזאַ פאַקט, וואָס קיינער קען איהם ניט לייקענען. די „פרייע ארבייטער שטימע" וועט געוויס קיינער ניט חושד זיין אין נאַציאָנאַלען שאָוויניזם, און פון דעסטוועגען האָט דער רעדאַקטאָר זיך געזעהן געצוואונגען צו געבען צו פארשטעהן דעם רעדאקטאר פון „פריינד", אז כאָטש מיר האָבען דאַ קיין פּאָגראָמען ניט געהאַט, דאָך האָט מען דאַ אונדז אויך ניט גערן, און דאָס איז שוין אמעריקע, א פרייע מדינה. מיט א פּאָר יאהר צוריק האָבען אלע געהאָפט, אַז די רעוואָלוציע האָט געמאכט אַן ענד צו דעם אנטיסעמיטיזם אין רוסלאנד, פּלוצלונג ווייזט זיך נאָר ארויס.

אַז סטרואווע, דער פּראָפעסער פון דער ערסטער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי־פּראָגראַמע, שפּעטער אַ דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט אין דער צווייטער דומע, איז גאַר אויך אַן אַנטיסעמיט. ביז אַהער האָט ער זיך פאַרשטעלט, איצטער אָבער, ווען די רעאַקציע איז אויבען־אָן אין רוסלאַנד, שעמט ער זיך שוין ניט מער אַראָפּצונעמען די מאַסקע. און צו איהם זיינען צוגעשטאַנען פּאַססע, דער געוועזענער רעדאַקטאַר פון דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישען זשורנאַל „זשיזן”; גאָלוביעוו, איינער פון דער געוועזענער רעדאַקציע פון דער אונפּאַרטייאישער סאָציאַליסטישער צייטונג „טאָווארישטש”. אלזא, אפילו דער סאָציאַליזם איז קיין רפואה ניט קעגען דעם אַנטיסעמיטיזם. עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ סאָציאַליזם „פּרימיעניטיעלנא ק׳ פּאָדלאַסטי”, נאָך דעם אויסדרוק פון דעם רוסישען סאַטיריקער שטשעדרין — אַ סאָציאַליזם וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער נידערטרעכטיקייט. דער אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג איז שעהן, ווי די זון, אָבער ווי זאָגט דער חזיר אין דעמזעלבען שטשעדרין׳ס אַ מעשה׳לע: „איך האָב אין מיין שטאַל קיינמאָל קיין זונען ניט געזעהן”.

עס איז אמת אַ פאַרלוסט פון צייט צו דעבאַטירען די פראַגע, ווער איז שולדיק וואָס מען האָט אונדז פיינט, צי דער גוי, צי מיר אליין? זאָל זיין אַז די אידישע דעקאַדענטסקע קריטיקער האָבען אומזיסט באַליידיקט דעם אידען־פריינט טשיריקאָוו, און דעריבער געהט ער ווערען אַן אַנטיסעמיט. דאָס איז דאָך אבער טאַקע דער עיקר פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס מען פאַרלאַנגט פון צוועלף מיליאָן אידען, זיי זאָלען אלע זיין פון די ל״ו.

לאָז זיין, עס איז טאַקע רעכט אויף אונדז, וואָס די גוים קענען אונדז ניט ליידען. וואָס־זשע זאָלען מיר אָבער טאָן? אויסמישען זיך מיט די גוים, עס זאָל פון די אידען, אלס ראַסע, קיין זכר ניט בלייבען? דאָס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן. אין שפּאַניען איז ער אויסגעפּרובירט געוואָרען, די אידען האָבען זיך צומישט מיט די שפּאַניער, און די אור־אוראייניקלאך פון די קרבנות פון דער אינקוויזיציע זיינען איצט גאַנץ פרומע שפּאַניער, זיי געהען זיך אלע זונטאָג אין קלויסטער און זאָגען פּאַציערעס. וואו נעמט מען אָבער היינט אַזאַ אידען־פריינד ווי טאָרקעמאַדא, וואָס זאָל קענען בייקומען די אידישע איינגעשפּאַרטקייט און ווען אפילו אלע אידען

זאלען אראפּוואַרפען פון זיך דעם אלהי אבותינו, טו זיים איהר שוין זיכער פאר יעדען איינעם מיט א שידוך אין א גוי'שער משפחה? אַט איז פאראן אן אינזעל מאיאָרקא אין דעם מיטעללענדישען ים, וואָס איז באוואוינט פון קאַטאָלישע אידען; דאָס זיינען די קינדס־קינדער פון די שפּאַנישע אידען, וואָס די אינקוויזיציע האָט געצוואונגען צו שמד'ן זיך. זיי זיינען גאַנץ פרומע קאַטאָליקען, אָבער זיי האָבען זיך מיט די גוים ניט צומישט, ווייל עס זיינען דאָרטען כמעט קיין גוים ניט געווען, וואָס מען זאָל זיך מיט זיי קענען צומישען — נו, לינט נאָך דער איד ביי זיי עד היום אויפ'ן צורה, און די וועניקע גוים וואָס וואוינען ארום קוקען אויף זיי מיט פאראכטונג, ווייל זיי זיינען אידען. ביז וואַנען א געדיכט־באַזעצטע מאַסע פון עטלאכע מיליאָן אידען וועלען זיך צוזאמענמישען מיט די גוים, וועלען אוועקגעהן א פּאַר הונדערט יאָהר וועניקסטענס. פאר דער נאָהענטער צוקונפט איז אַסימילאַציע קיין רעצעפּט ניט.

ביז דער צייט ווען מיר וועלען אלע כאַסליערע האָבען מיט גוים און מיט שיקסעס, לאָזט מען אונז דערווייל אין רוסלאנד און אין רומעניע ניט אָטעמען, און אין גאַליציע זיינען מיר אויך אויף צרות. דער איד לויפט פון יענע פארשאָלטענע לענדער וואוהין ער קען. די גרעסטע צאָל קומט אָן קיין אַמעריקע, — אָבער מיינט איהר, אז דערצו איז גאָר קיין גרענעץ ניטאָ? פריהער אָדער שפּעטער וועט מען אין אַמעריקע פארשפּארען די טיר קעגען אידישע איינוואַנדערער, ווי מען האָט עס געטאָן אין אַנאַנדער פרייער מדינה, אין ענגלאַנד.

חוץ דעם אָבער האָבען די מערסטע אידען ניט די מיטלען צו פאָרען אַהער. איך בין גאַנץ זיכער, אז די גרעסערע העלפט פון די רוסישע אידען וואָלטען גערן אנטלאָפען פון רוסלאַנד, ווען זי וואָלט נאָר געהאַט מיט וואָס און וואוהין. היינט, ווען עס זאָל זיך עפענען פאר די אידען א נייע לאַנד, טערקיי, טו איז גאַנץ זיכער, אז זי קען צוציהען אין דער צייט פון פינף־און־צוואַנציק יאָהר א גרויסע מאַסע אַזוינע עמיגראַנטען וואָס פארמאָגען ניט צו קומען קיין אַמעריקע. פארגעסט ניט, אז א בילעט פון אָדעס קיין ארץ ישראל קאָסט סך הכל עטלאכע רובעל, און א בילעט פון גרענעץ אין ליטאָ ביז אָדעס קאָסט ארום צען רובעל — רייזען

אויף די רוסישע אייזענבאנען קאסט זעהר וואלוועל.

די גרונד־פראגע איז נאָר, פון וואס וועלען די אידען אין ארץ־ישראל מאכען א לעבען? דעם פונדאמענט פאר די אידישע קאלא־ניזאציע אין ארץ ישראל זעה איך אין דער אינדוסטריעלער ענט־וויקלונג פון דער טערקיי. געוועגלאך מייד איך אוים ציטאטען פון אויטאָריטעטען, דעם מאל אבער וועל איך איבערזאגען וואס די דייטשע „ניו יארקער פאלקסצייטונג" האט מיט א פאר טעג צוריק וועגען דער פראגע געשריבען באלד נאך דער טערקישער רעוואָלו־ציע.

„ווען עס וועט אויפגעראמט ווערען — מאכט זי — די מיסט וואס האט פארשאטען דעם עקאנאמישען לעבען פון דעם פאלק, „ווירד אין פיל קירצערער צייט, אלס מאנכע הייטע נאך גלויבען, איין מאדערנער שטאט ענטשטעהען דעססען הילפסקוועלען אין יעדער בעציהונג פאסט אונערשעפפליך זינד... פאסט אלע טיילע דעם אטטאמאנישען רייכעס בילדען איינע דער פרוכטבארסטען טעררימאריען דער בעוואהנטען ערדע אונד בירגען אין זיך אונ־ענדליכע שעטצע אן מעטאלען און קאהלען. דער קאפיטאליזמוס ווירד דאפיר זארגען, דאס די ווירטשאפטליכע ענטוויקלונג דעם יעצט פאן זיינען טיראנען בעפרייטען לאנדעס איינע ראפידע ווער־דען ווירד".

„די ניו יארקער פאלקסצייטונג" וועט קיינער ניט חושד זיין, אז זי איז באגייסטערט פאר דעם ציוניזם. אבער זי איז ניט בלינד.

וואס פאר א ראלע די געאגראפישע לאגע פון א לאנד שפילט אין איהר ענטוויקלונג, וועגען דעם זיינען גרויסע ביכער געשריעבען געווארען. די לאגע פון ארץ ישראל ביים ים גיט איהר די מעג־לאכקייט צו ווערען דער צענטר פון האנדעל און אינדוסטרי אין דער אזיאטישער טערקיי. נו, און וואו עס איז פאראן האנדעל און אינדוסטרי, דארטען איז דער איד אזוי ווי א פיש אין וואסער, ווי דער פאניע זאגט. וואו געפינט איהר היינט ניט א רוסישען איד? אין נאגאסקאי, אין שאנכיי, אין קארעע, אין אלעקסאנדריא, אין אפריקע, אין ארגענטינע, שוין ניט דערמאנענדיק אלע גרויסע שטעט אין אייראפא. מיט וואס האט ארץ ישראל אזוי פארזינ־דיקט ביי די סקעפטיקער, אז זיי ווילען נאר ניט צולאזען די מעג־לאכקייט פון אידישער איינוואנדערונג אהין?

די פראגע איז, צי עס איז מעגלאך אויף דער היינטיקער מדרגה פון דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג צו ארגאניזירען די איינ־וואנדערונג, אדער זי מוז אייביק בלייבען א „פריוואטזאכע“? די איינוואנדערונג, רבותי, איז א ביזנעס, פון וועלכע עס ווערען גע־מאכט מיליאנען. אבער וועהרענד אלע אנדערע געשעפטען זיינען שוין ענטוועדער ארגאניזירט געווארען אין טראסט, אדער שטע־הען אויף דעם וועג דערצו, ווערט נאך די אויסוואנדערונג און איינ־וואנדערונג פון ווייסע ארבייטער געפירט אויף א קליינעם מאס־שטאב: יעדער עמיגראנט מוז אונטערנעמען די אויסוואנדערונג אויף זיין אייגענעם ריזיקא. דאגעגען איז די עמיגראציע פון געלע ארבייטער אן ארגאניזירטע אונטערנעמונג. היינט, ווען די געלע קענען ארגאניזירען די עמיגראציע פון זייערע ארעמע לייט, טו פאר־וואס זאל עס זיין אונמעגלאך פאר די אידען?

די קאלאניזאציע פון די סויט אין דעם זיבעצעטען און אכט־צעטען יאהרהונדערט איז אויף העלפט באשטאנען פון די זאגע־נאנטע „רעדעמפשאנערס“, דאס הייסט פארקויפטע לייט. דאס זיינען געווען ענגלישע ארעמע לייט, וואס האבען ניט געהאט מיט וואס צו פארען קיין אמעריקע, פלעגען זיי זיך פארקויפען צו די פלאנטאטארס אויף א צייט, און די קויפער פלעגעי זיי אריבער־ברענגען קיין אמעריקע און באשעפטיקען זיי אויף די פלאנטאציעס. אין יענע צייטען פלעגט דאס געמאכט ווערען אויף שקלאפישע יסודות, היינט־צו־טאג וואלט דאס אנגענומען די פארם פון געדונגע־נער ארבייט. דער עיקר איז אז דאס איז מעגלאך.



# חבר ליטווין איבער דעם ציוניזם. *)

ערסטענס, וואָס עפּעס „חבר“? מיינט ניט חלילה, אַז דאָס איז צוליב די פאראייניקונג צווישען די בונדיסטען און די ציוניסטען, וואָס איז געשלאָסען געווארען ביי דער ארבייטער קאָנווענשאָן. די סבה (איך מיין די פּריטשינע, ניט דער עקסידענט) איז אַ פּראָסטערע. איך וויל רעדען מיט דרך ארץ, נו, טו ווי־זשע זאָל איך איהם רופען? „רב ליטווין“ איז צו אַלטמאָדיש און קאָנסערוואַטיוו, עס וועט אויסזעהען ווי אַ קיבעץ; „מיסטער“ איז ענטוועדער אָפּיציעל, אָדער גאר זאַ פּאָני־בראַטא; „הערר“ ווערט געברויכט אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, ווען מען וויל איינעם רייבען אַ מאָרדע; „גענאָסע“? — האָב איך קיין רויטע קארט ניט; „פריינד“ — וואָלט געווען ניט שלעכט, אבער וואס עפּעס פאר אַ מחותן בין איך מיט איהם אָנצושלאָגען זיך אויף זיין פריינדשאפט? בלייבט נאָר „חבר“, ווייל: כל ישראל חברים:

אַלזאָ, חבר ליטווין האָט אָנגעשריבען אַן אַרטיקל וועגען דעם ציוניזם אין „די נייע וועלט“, און דער חבר רעדאקטאר פון דער דאָזיקער צייטונג האָט ספּעציעל רעקאָמענדירט דעם אַרטיקל פאר די לעזער, האָב איך דעם מאָל באשלאָסען צו זיין דיסציפּלינירט און האָב דעם אַרטיקל דורכגעלעזען. און עס איז ווערט געווען.

אין דעם היינטיקען ציוניזם איז פאַראַן אַן אידעאַליסטישע און אַ מאטעריאַליסטישע זייט. דר. שמריהו לעווין האָט ניט לאַנג צוריק באדויערט, וואָס איך האָב אין מיינער אַ רעדע איבער ציוניזם, גערעדט אויסשליסלאך וועגען די עקאָנאָמישע אויסזיכטען פאר דעם ציוניזם. ער האָט עס פאַרטייטשט, אַז איך האָב דערמיט געמיינט צופּאַסען זיך צו דעם ארבייטער. אין דערין האָט ער געהאָט אַ טעות. איך האָב ניט גערעדט וועגען דער אידעאַליסטישער

---

*) ערשינען אין „טאָג“ סעפּטעמבער 15, 1915.

זייט פון דעם ציוניזם, ווייל זי איז מיר אליין היינט נאך אזוי פרעמד ווי אימער. איך בין אבער מיט דער מיינונג, אז דער ציוניזם האט א מאטעריאליסטישען פונדאמענט.

חבר ליטווין, פארקערט, איז לויט זיין געזינונג געבליבען דערזעלביגער ציוניסט, וואס ער איז ס'ווייזט אויס אמאל געווען. ער האט אבער פארלארען דעם גלויבען אין די פראקטישקייט פון דעם ציוניזם.

„פאלעסטינא — זאגט ער — איז ענג צונויפגעקניפט מיט אונדזער נשמה. דאס איז אמת. ארץ ישראל איז די וויגעלע פון אונדזער קינדהייט, פון אונדזער ערסטער יוגענד. א סך, א סך שמערצען האט אונדז אט די וויגעלע פארשאפט. אבער אויך ניט ווייניק זיסע אנגענעהמע געפילען און איבערלעבונגען האבען מיר דארט געגאסען, די וויגעלע פון א נאציאן דארף איהר זיין טייער, ווי די וויגעלע פון אן איינצעלנעם מענטשען. עס טרעפט אפט, אז א מענטש פארלאזט זיין קליין שטעטעל, וואו ער איז געבארען, וואו ער האט זיינע קינדערשע יאהרען פארלעבט. געהט אוועק אין דער וויטער וועלט, זוכענדיק פרנסה: פארפלאנצט דארט א נייע היים, מיט נייע צרות; ווערט דארט צוגעבונדען מיט לייב און זעלע. דאך דערמאנט ער זיך אפט אן זיין יוגענד-נעסט. די זכרונות פון קינדערשע איבערלעבונגען זיינען איהם טייער. ער טרוימט אפט וועגען זיין שטעטעלע, דערמאנט זיך אפט, בענקט אפט נאך איהר, וויל איהר זעהן... פאלעסטינא אלס וויגעלע פון'ם אידישען פאלק און זיין קולטור, וועט שטענדיק זיין נאהענט צו דער נשמה פון יעדען אידען, וואס איז מער אדער ווייניקער באקאנט מיט דעם שיקזאל פון זיין פאלק, וואס האט געהאט א נאציאנאלע ערציהונג, וואס לעבט און ווירקט אין און פאר זיין פאלק.

„די מער דיכטערישע, ראמאנטיש-געשטימטע נאטורען, וועט אימער ציהען אהין צו דער אלטער וויגעלע.. יעדער אידישער איני טעליגענט, וואס איהם איז נאהענט דער שיקזאל פון זיין פאלק, איז אפילו מחויב צו באזוכען דאס לאנד, וואס האט געבארען דאס אידישע פאלק, זיין היסטאריע און קולטור“.

פאלג מיר א גאנג, פאר קיין פאלעסטינא! און וואו נעמט אזא איד ווי איך אויף הוצאות אז איך וויל פארען קיין סאן פראנציסקא, קען איך דארטען געבען א פאר לעקטשורס, אין פא־לעסטינא אבער אבער לאזט מען ניט לעקטשורען אויף אידיש, אויף

לשון קודש קען איך ניט. אויף רוסיש לאזט מען, פארשטעהט אבער דער גרויסער עולם ניט. וואס־זשע איז צו טאן? האט רחמנות, חבר ליטווין, טרייבט מיך ניט קיין ארץ ישראל, איך בין א טאטע פון קינדער.

חבר ליטווין איז פאלקאם איינפערשטאנען מיט דר. סירקין, אז מיר דארפען „איבערבויען דעם עקאנאמישען יסוד פון אונדזער לעבען. מיר דארפען פארלאזען די קליינהענדלעריי און ביסלאכווייז קומען נעהנטער צו דער נאטור, צו דער מוטער ערד. פון א פאראזיטען־פאלק, ווערען א פאלק, וואס שאפט“.

דאס איז די טעאריע פון דער אלטער נאראדניטשעסטווע. מען האט דיזע טעאריע באצייכענט אלס אנטיסעמיטיש, און דאס איז היסטאריש ריכטיק. די רוסישע נאראדניקעס האבען באטראכט דעם רוסישען מוזשיק פאר דעם אויפבויער פון דער סאציאליסטישער געזעלשאפט. דעם הענדלער האבען זיי געהאלטען פאר א פאראזיט, ווייל אין דער צוקונפטיקער סאציאליסטישער געזעלשאפט וועלען דאך קיין הענדלער ניט זיין. דערצו זיינען זיי געווען רעוואלוציאנערען און זיי האבען געגלויבט אין איינצעלנע בונטען. היינט, ווען דער „נאראד“ צובונטעוועט זיך גאר געגען די אידען, איז דאך דאס א סימן, אז די אידען זיינען די אונטערדריקער פון פאלק. זיי שאפען גארנישט און לעבען פון דעם פויער, זיי זיינען פאראזיטען.

די אידישע יונגע אינטעליגענץ וואס איז אליין אויך געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פון נאראדניטשעסטווע, האט באלד נאך דעם ערסטען קיעווער פאגראם פון 1881 גענומען ארגאניזירען די עמיגראציע. עס האבען זיך געבילדעט צוויי שטראמען: איינער קיין אמעריקע און דער אנדערער קיין פאלעסטינא.ביידע זיינען געווען איניק אין דעם, אז דער איד דארף „קומען נעהענטער צו דער נאטור, צו דער מוטער ערד“. מען האט זיך אינסטינקטיוו געוואלט פארענטפערען פאר די גואישע נאראדניקעס און דערווייזען מיט פאקטען, אז א איד איז אויך מסוגל צו זיין א מוזשיק און איז דעריבער אויך בארעכטיקט צו א שטיקעל פלאץ אין דעם גן־עדן פון די נאראדניקעס.

דא אין אמעריקע, האט מען פון אנהויב געגרינדעט א פאר

קאָלאָניעס, אבער זיי זיינען זיך באלד צופאלען. די קאָלאָניסטען האָבען זיך באזעצט אין די שטעט און האָבען זיך באפרייט פון דעם גייסטיקען איינפלוס פון דער נאראָדניטשעסטווע. אין פּאַ־לעסטינא אבער איז צוגעגאנגען אנדערש. ווער עס איז ניט געבלי־בען אין די קאָלאָניעס, האָט געמוזט פארלאזען פּאלעסטינא, ווייל ער האָט ניט געהאט פון וואנען צו לעבען. די וואס זיינען געבליבען האָבען זיך פארנומען מיט פארמעריי. די טעאָריע פון דער נאָ־ראָדניטשעסטווע האָט זיך אויפגעהאלטען אין דעם ציוניזם.

פון אן עקאָנאָמישען שטאנדפונקט, איז די טעאָריע אָפּגעלעבט און פאר דער היינטיקער צייט איז זי פאלש. דער פאָרשריט פון דער היינטיקער טעכניק האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, אז די גע־זעלשאפט קען זיך פארשאפען תבואה, מילך און פלייש מיט ווייני־קער ארבייט ווי פארצייטען. די ארבייט וואָס מען פארשפּארט צו טאָן אויף די פעלדער, ווערט באנוצט אויף צו פּראָדוצירען א סך זאכען, וואָס די וועלט האָט פון זיי ניט געוואוסט מיט הונדערט יאָהר צוריק. דאָס ווערט געמאכט אין די פאבריקען, וואס געפי־נען זיך אין די שטעט. דעריבער וואקסען די שטעט און די דער־פישע באפעלקערונג ווערט רק קלענער. דאָס זעהט איהר אין כמעט אלע לענדער פון דער וועלט. ווינטשען אז דער איד, וואָס איז שוין צוויי טויזענט יאָהר א שטאָט מענטש, זאָל „קומען נעהענ־טער צו דער מוטער ערד", איז דעריבער פּשוט א חלום.

אויב מען מאַכט דעם ציוניזם אָבהענגיק פון אידישער פאַר־מעריי, איז ער אן אוטאָפּיע. אָבער פּאלעסטינא קען ווערען אן אינ־דוסטריעלע לאנד, פונקט ווי יעדע אנדערע, און די אינדוסטרי קען שאפען א פונדאמענט פאר אידישע קאָלאָניזאציע דאָס ניט חבר ליטווין אליין צו. הערט זיך איין: „ארץ ישראל וועט פילייכט ווע־רען איינער פון אונדזערע קאָלאָניזאציאָנס־צענטרען. אלס אזעלכער וועט זי אונדז און דארף אונדז אינטערעסירען".

נו, טו צוליב וואס־זשע ווארפט מען אויף די היגע ציוניסטי־שע ארבייטער, וואָס זיי אינטערעסירען זיך טאקע מיט פּאלעס־טינא? אבער חבר ליטווין האָט באלד חרטה, וואס ער האָט זיך אויסגערעדט א וואָרט, און הויבט אָן צו זוכען אלערליי תירוצים. תירוץ נומער איינס: „ א מענטש איז, נאָך אלעמען, אן ארגאנישע בריאה און ניט קיין שטיין. וואקסט ער זיך ערגעץ איין, לאָזט ווארצלען, ווערט זיין נאטור א שטיק פון דער ערד, אויף וועלכער

ער לעבט. ער ווערט א שטיק פון איהר נאטור. זיין בלוט און זיין פלייש באקומט ער פון יענער ערד. אלע זיינע געדאנקען און געפילען, זיין פרייד און זיין לייד ווערען פארקניפּט מיט דער זון און דעם וואלקען, מיט דעם ווינד און דעם רעגען, מיט די זאווייעס און טומאנען פון דעם באדען אויף וועלכען ער שאפט.. אונדזער קערפער און נשמה זיינען א פּראדוקט פון דעם הימעל און דער ערד אונטער וועלכען, אויף וועלכע און פון וועלכער מיר נעהרען זיך, מיר ציהען אונדזער גייסטיקע השפעה און קערפערלאכע חיונה. אפּלעבענדיק אויף איין ערד טייל טויזענטער יאהרען, לאזענדיק דא טיפעווארצלען, קען א פאלק ניט אויסרייסען זיך פון העלער הויט און אוועק צוריק אין אן אנדער ערד־טייל, קלימאט, פעלקער פון וועלכע צענדליקע דורות האבען אונדז „אפגעטיילט“.

מאדנע רייד פון א ווילנער איד׳ן אין ניו יארק. איז דען אמעריקע ניט אנאנדער ערד־טייל, ווי אייראפּא? איז דער קלימאט דא־הי ניט אנאנדערער, ווי אין ליטע? האבען דען צענדליקער דורות ניט אפגעטיילט אונדז פון די איטאליענער, וואס האבען חרוב געמאכט דעם בית־המקדש, און אט טרעפען מיר זיך ווידער מיט זיי אויף קריכטי סטריט. צענדליקער דורות האבען אונדז אבגעטיילט פון די „יונים“ (די גריכען), וואס האבען געבאלעבאטעוועט אין פאלעסטינא, און איצטער זיינען מיר ווידער שכנים אויף מעדיסאן סטריט.

אנדערהאלבען מיליאן אידען זיינען אריבערגעקומען אהער, פארגעסענדיק אז דער זון און די וואלקענס, דעם ווינד און דעם רעגען, ־י זאווייעס און טומאנען פון רוסלאנד און פוילען. טו ווייזט אוים, אז די טיפע ווארצלען, וואס זיי האבען דארטען געלאזען, האבען זיי ניט געהאלטען צוגעבונדען צו די לענדער וואו זיי האבען אפּגעלעבט טויזענט יאהר. וואוהין זיי זיינען געגאנגען, דאס מאכט דאך שוין ניט אוים. עס האנדעלט זיך אום דעם, וואו מען קען מאכען א לעבען.

חבר ליטווין פארגלייכט די היינטיקע פאלעסטינא מיט ארץ־ישראל פון פאר צוויי טויזענט יאהר צוריק און קומט צו דעם פאלגענדען שלום: „די זעלבע שווערע פיזיש־געאגראפישע און פאליטיש־עקאנאמישע באדינגונגען, וואס האבען געמאכט פון „ארץ ישראל“ א דראמע

**פאר אמאליקע אידען**, זיינען נים געענדערט אויף אין איצטיקען מאמענט. זי איז נאך איצט, ווי אמאל, דער שווער־פונקט פון דער מזרח־פראגע, דער צאנק־עפיל פון די קריסטלאכע פעלקער און קען ווערען נאך אמאל אונדזער דראמע, ווען מיר זאלען פארבינדען מיט איהר אונדזער שיקזאל".

מילא, וואס איז שייך צו דער וועלט־פאליטיק, איז דאס ווי־דער א קנאפער אפשטעל. אט זיינען פוילען, ליטע און גאליציע געווארען דער „צאנק־עפיל פון די קריסטלאכע פעלקער", און זיינען שוין געווארען „אונדזער דראמע", וואו קען מען זיך אויסהיטען פון א סבה?

וואס איז שייך אבער פיזיש־געאגראפישע און עקאנאמישע באדינגונגען, קען מען בשום אופן נים פארגלייכען די היינטיקע צייט מיט דער אמאליקער. די הויכע בערג פון שוועדען האבען הונדערטער יאהרען געהאלטען דעם שוועדישען פאלק אין ארעמ־קייט, ווייל עס האט זיי געפעלט ערד אויף צו אקערען. איז אבער געקומען א צייט, ווען דער מענטש האט זיך אויסגעלערנט צו פראדוצירען עלעקטרישע קראפט פון וואסער, און מיט אמאל זיינען די הויכע בערג פון שוועדען, מיט זייערע טייכלאך וואס פלי־סען בארג־אראפ, געווארען א קוואל פון רייכטום פאר דעם פאלק.

פאר אקערבוי האט ארץ־ישראל אמאל נים געטויקט. דערמיט אבער איז נאך גאר נים געזאגט, אז אין אונדזער צייט קען פאלעס־טינא נים ווערען אן אינדוסטריעלע לאנד.



# זאנגוויל׳ס „שמעלץ-טאפ“.

אויף דער אמעריקאנער סצענע געהט פאר די לעצטע צייט א גאנצע רעוואלוציע. די הערשאפט פון שונד נעמט אן ענד, דער אמעריקאנער טעאטער־פובליקום וויל שוין היינט ניט גלאט לאכען און וויינען ביי דער פארשטעלונג וועגען דער ליבעס־געשיכטע פון דעם העלד און דער העלדין; דער פובליקום פארלאנגט היינט א „פראבלעם פלעי“, א פיעסע, וואס זאל בארירען סאציאלע פראגען. און דאס איז א סימן פון דער צייט. עס ווייזט, אז דער עולם., דער אמעריקאנער, הויבט זיך אן צו רירען, הויבט אן צו דענקען.

דערווייל איז די רעוואלוציע נאר א פאליטישע, די טעכניק פון דער דראמאטישער קונסט ניט אנגעריהרט. דער אינהאלט פון דער פיעסע איז אנאנדערער, די פארמע איז געבליבען די אלטע — א מעלאדראמע, מיט א נאבעלען יונגען מאן און א נאבעלער יונגער מיידעל און מיט א רשע, וואס שטערט זיי אין זייער ליבע. זיי מוזען זיך צושיידען, די הארץ געהט אויס ביי איהם, זי וויינט, און דער עולם וויינט אויך. דער רשע כאפט ארויס דעם פיסטאלעט און וויל שיסען, — ביי דעם גאנצען פובליקום פארהאלט זיך דער אטהעם, אט־אט וועט ער אויסשיסען. איך מוז זיך מודה זיין, ביי מיר פארהאלט זיך אויך דער אטעם, כאטש איך בין גאנץ זיכער, אז דער רעוואלווער איז ניט קיין געלאדענער — קענט איהר גלויבען, אז דער מענעדזשער זאל דערלאזען ביי איהם אין טעאטער זאל מען זיך שפילען מיט א ביקס? אבער ניט פאר אייך געדאכט, האב איך א ווייכע הארץ, און ווען איך זעה, אז א יונגע שיקסע ליגט אויסגעצויגען אויף דער פאדלאגע און ווײנט מיט ביטערע טרערען, וויין איך אויך, כ׳פארגעס גאר בשעת מעשה, אז איידער דער פרוכת וועט זיך ארונטערלאזען, וועלען זיי חתונה האבען.

דעם גאנצען מעלאדראמאטישען שאבלאן געפינט איהר אויך ביי זאנגוויל׳ן. אבער דאס בין איך איהם מוחל; ער האט געוואלט האלטען א דרשה, די מעלאדראמאטישע פארמע האט ער אויסגעקליבען נאר צוליב דעם, וואס זי וועט צוציהען א גרע־

סערען עולם און מאכען א טיפערען איינדרוק איידער א ליטאר־טיקעל אין א צייטונג.

דער גרונד־געדאנק פון דער דראמע איז, אז אמעריקא איז א שמעלצטאפ, וואס גאט ווארפט אין איהם אריין מענטשען פון פארשידענע נאציאנען, ראסען, אמונות, און זיי ווערען אלע פאר־שמאלצען אין איין איינציקען פאלק פון סתם מענטשען. פאלשטענ־דיקע אסימילאציע איז זאנגוויל'ס אידעאל, און דער אידעאל ווערט מקוים אין דער שטאט ניו־יארק!

עס איז פאר פיעלע א חידוש ווי אזוי פאסט זיך אזא אידעאל צוזאמען מיט זאנגוויל'ס ציוניזם אדער טעריטאריאליזם. דעמ־זעלבען ווידערשפרוך אבער געפינט איהר ביי די אמעריקאנער „יהודים", וואס באטייליקען זיך אין דער ציוניסטישער באוועגונג. וועלען ווילען זיי טאקע אסימילאציע, דאס איז אבער גוט פאר די אמעריקאנער אידען. פאר די רוסישע, גאליצישע און רומענישע אידען טויג דאס ניט, ווארים די רוסען, די פאליאקען, די רומענער וועלען זיך מיט זיי ניט מקרב זיין. פאר זיי דארף מען זוכען א טע־ריטאריע, — סיי אין ארץ ישראל, סיי אין אוגאנדא, סיי אין מע־סאפאטאמיע.

טעארעטיש קען איך דעם דאזיגען אפארטוניסטישען ציוניזם גאנץ גוט פארשטעהן. אין דערווירקלאכקייט אבער איז דער אי־דעאל פון דעם שמעלצטאפ ניט מער ווי אן אוטאפיע. ווען א קליינע צאל אידישע אפיקורסים פאלען אריין צווישען אן עכט אמעריקאנער אדער א געמישטער באפעלקערונג, דארטען וועלען זיי זיך נאטירליך אין דער צייט פון צוויי דורות צוזאמענשמעלצען. אבער די מאסע אמעריקאנער אידען וואוינען אין גרויסע שטעט, און ווי דער רעמואוואל אפים זאל זיך ניט סטארען, וועט די צאל זייערע אין די גרויסע שטעט דאך וואקסען, און זיי וועלען וואוינען צוזאמען אין קאמפאקטע מאסען, ניט מחמת עס געפעלט זיי צו וואוינען אין א געטא, נאר דערפאר, וואס אלע אנדערע נאציאנאלי־טעטען אין די גרויסע אמעריקאנער שטעט האבען אויך זייערע איי־גענע געטאס. די רוסישע אידען, וואס זיינען אביסל אסימילירט, וואס רעדען שוין ענגליש מיט זייערע קינדער, וואס לעזען ענגלישע צייטונגען, האבען אין די לעצטע יאהרען פרובירט צו אנטלויפען פון די געטא, צוערסט קיין הארלעם, ווען דארטען האבען נאך געוואוינט גוים, דערנאך אין די בראנקס און אין אנדערע

סקומות. אבער יעדער וואס האט זיך איבערגעקליבען אפ־טאון, האט נאך זיך געשלעפט אנאנדערן, און אין דער צייט פון א פאר יאהר זיינען אויסגעוואקסען נייע געטאס. היינט געה שמעלץ זיך צוזאמען מיט א שיקסע, אז מען דארף איהר גאר געהן זוכען פון האוסטאן סטריט אזש קיין סטעטען איילאנד! דאס רוב וועלען זיך אפשטעלען אונטערוועגנס און אפשפילען א חתונה מיט א אידישער מיידעל. די אידישע מאסע אין אמעריקע איז צו־געדיכט פאר זאנגוויל'ס שמעלצטאפ.

פארשטעהט זיך, אין א דראמאטיזירטער אויטאפיע איז איבעריק צו זוכען לעבעדיקע מענטשען, טיפען, כאראקטערע. די הויפט־פערזאנען פון דער דראמע זיינען ניט מער ווי פיגורען פון א „באטלעיקע" (אויב איהר האט דאס ווען געזעהען), זיי רעדען אלע מיט זאנגוויל'ס מויל. ווי ווייט ער איז פון דעם רוסישען איד, ווי פרעמד עס איז פאר איהם די נשמה פון דעם היינטיקען רוסיש־אידישען יונגען דור, דאס באווייזט די פיגור פון דעם הויפט־העלד פון דער דראמע, דוד קיכאנא. מיר האבען געזעהען ווי דער קישינעווער פאגראם האט געמאכט פאר אידישע נאציאנאליסטען אזעלכע אידען, וואס זיינען זייער גאנצע לעבען געווען איבערצייקטע קאסמאפאליטען. און דא האט איהר א אידישען יונגען מאן, וואס זיין גאנצע משפחה איז פאר איהם אין די אויגען אויסגע'הרג'עט געווארען אין קישינעוו, און אט פרעדיקט ער דאס דעם אידעאל פון דעם שמעלצטאפ. דער ראסען־האס, דער אינטיסעמיטיזם שטאמט פון דעם נאציאנאליזם, זאגט ער, על כן שאפט אפ דעם נאציאנאליזם, וועט ניט זיין מער קיין שנאה, קיין פאגראמען. די אידען דארפען זיין די ערסטע, וואס דארפען זיך באפרייען פון דעם נאציאנאליזם, ווארים ווער ליידעט דורך איהם גרעסערע צרות, ווי די אידען? די רייד מעגען זיך זיין גאנץ לאגיש, זיי פאסען זיך פאר זאנגוויל'ן, אבער ניט פאר א רוסישען בחור מיט הייסע בלוט, וואס ווערט אנגעצונדען ווי א שוועבעלע, ווען ער קומט פנים אל פנים מיט ערגעץ אן אונגערעכטיקייט.

זיין באגייסטערונג פאר אמעריקע איז אויך א געמאכטע. דעם סארט פאטריאטיזמוס טרעפט איהר ביי א בראנזווילער אלרייטניק, אבער וואו נעמט ער זיך ביי א יונגען מאן מיט דעמאקראטישע אידעען, וואס איז אזוי אונקאמפראמיסליך, אז ער וויל ניט שפילען זיין מארש פאר די אמעריקאנער מיליאנערען, נאר ניט אנדערש

ווי פאר די מאסען, מחמת זיי קענען איהם פארשטעהן? מען דארף זיך צוגעוואוינען צו אמעריקע, מען דארף זיך דא איינלעבען, איידער מען הויבט אן צו זעהען די גוטע זייטען פון אמעריקע; א גרינער ראדיקאלער יונגערמאן קוקט אויף אמעריקע פון אויבען אראפ.

מילא, ווענען דעם קען דער מחבר זאגען: „חאטש עס איז ניט צום גראם, אבי איך וויל אזוי". אבער א אידישער בחור וואס שרייבט אום שבת, זאל רעדען פון גאט מיט פארגלאצטע אויגען, פונקט ווי ער וואלט געווען א פראטעסטאנטישער פאסטאר, דאס לעגט זיך ביי מיר גאר ניט אין קאפ.

די געמאכטקייט פון דער פיעסע ווייזט זיך ארוים אפילו אין דעם נאמען פון דעם העלד. ווי קומט עפעס א קישינעווער אידי־שער בחור צו האבען א שפאנישע פאמיליע? כדי די העלדין, די רוסישע רעוואלוציאנערקע, וואס קומט אויך פון קישינעוו, זאל איהם ניט דערקענען פאר א אידען, ווארים ווען זיין נאמען וואלט געווען, למשל, קאכאנאווער, און זי וואלט איהם געטראפען אין דעם סעטל־מענט אויף ריווינגטאן סטריט, ניט אויף סטעטען איילאנד, וואלט זי איהם באלד דערקענט און עס וואלט אפשר גאר צו דעם שידוך ניט געקומען, והא ראיה, ווען זי דערוויסט זיך יע, אז ער איז א איד, טוט זי זיך א קרים. אבער, ווי זאגט דער פאניע? ליבע איז ניט קיין בולבע, טרויסט זי זיך מיט זיין יחוס־בריעף, וואס פירט צוריק קיין שפאניען, אזש ביז דער צייט, ווען די וועלט האט נאך אפילו קאלומבוס'עס נאמען ניט געהערט.

די רוסישע רעוואלוציאנערקע איז אויך באשאפען געווארען פון זאנגוויל'ען נאך זיין אייגענעם עבענבילד, ווי עס שטעהט אין טייטש־חומש. ווען זי קומט אהער, הייסט איהר זאנגוויל זי זאל זיך ניט מישען אין די היגע רוסישע רעוואלוציאנערע עסקים, ווא־רים וואס איז פאר א פעולה צו מאכען פארשווערונגען אזוי ווייט פון רוסלאנד? געוועגלאך, ווען ניט, וואלט זי געקענט אריינפאלען צווישען די חברה היגע סאציאליסטען. דעמאלט אבער וואלט דאך דער שפיל ניט געפעלען געווארען רוזוועלט'ן. דאס צו פארהיטען, האט איהר זאנגוויל געגעבען א שטעל אין א סעטלמענט. ווען איהר וואלט אויף איהר א קוק טאן, וואלט איהר בשום אופן ניט דער־קענט, אז זי איז אנטלאפען פון סיביר: אן עכטע אמעריקאנער

ליידי, ווי אויסגעגאסען!

לעבעדיקע מענטשען זעהט איהר אויף דער סצענע אין די זיר־
טיקע ראַליען פון דוד'ס עלטער־מוהמע און זיין פעטער. אָבער זיי
האַלטען ניט פון דעם שמעלצטאָפּ.

היינט ווען זאַנגוויל'ן אַליין זיינען אַזוי אונבאַקאַנט די
טיפען, וועלכע ער האָט געוואָלט פאַרשטעלען פאַר דער וועלט, טו
אַז אַך און אַז וועה שוין צו די אַקטיאָרען וואָס האָבען נעבאַך גע־
מוזט שפּילען די דראַמע. די אַקטיאָרען אויף דער ענגלישער
סצענע קענען איבערהויפּט ניט שפּילען, אַפּילו אין אַמעריקאַנער
ראַליען. בפרט נאָך ווען די פּיעסע איז אַ סאָרט פריילע דעבאַטע
נאָך אַ לעקטשור. אָבער דער אַמעריקאַנער פּובליקום איז אויפגע־
האָדעוועט געוואָרען אויף הויך־קלינגענדע פראַזען. ערשט ווען די
אַמעריקאַנער ביהנע וועט זיך באַפרייען פון דער מעלאָדראַמע, ווע־
לען מיר זיך דערוואַרטען, אַז דער שפּילען וועט אויך ווערען רעאַ־
ליסטיש, ווי ביי לייטען.



# אַ סאָציאָלאָגישע באַהאַנדלונג פון תנ״ך.*)

---

דער קאַמפּף, וואָס ציהט זיך דורך דער אידישער געשיכטע צווישען דעם גלויבען אין דעם „אידישען גאָט“ און דעמגעצענדיענסט, איז נאָך דער מיינונג פון דעם מחבר פון דעם בוך אַ קאַמפּף צווישען צוויי באַזונדערע פאָלקס־עלעמענטען, פון וועלכע עס איז צוזאַמענגעוואַקסען דער אידישער פאָלק — די אַלטע איינוואוינער פון כנען, די אמורים, און די בני ישראל, די אימיגראַנטען אין דעם תנ״ך ווערט דערצעהלט, אַז די אַלטע איינוואוינער זיינען אַלע אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען, ווען די אידען זיינען אַריין אין כנען. דער אמת איז אָבער, אַז נאָר אַ טייל זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען. די איבעריקע האָבען זיך מיט דער צייט אַסימילירט מיט די אימיגראַנטען, אַזוי, למשל, ווי עס האָט פּאַסירט אין ענגלאַנד, וואו די גערמאַניש־שפּרעכענדע אַנגלאָ־סאַקסען האָבען זיך צומישט מיט די פראַנצויזיש־שפּרעכענדע נאָרמאַנען און האָבען מיט דער צייט אויסגעאַרבייט אַ זשאַרגאָן, וואָס מ׳רופט היינט „די ענגלישע שפּראַך“. און פונקט אַזוי ווי דאָ ביי אונדז זיינען די אייניקלאַך פון דייטשען און אייִרישע אַלע „אַמעריקאַנער“ מיט אַן „אַנגלאָ־סאַקסישער“ נשמה, אַזוי האָבען זיך אין דער פּאַרצייטיקער פּאַלעסטינע אַלע אויך באַטראַכט פאַר בני ישראל.

אָבער יעדער פון די צוויי עלעמענטען האָט אויסגעבילדעט אַ באַזונדערען קלאַס אין דער אידישער געזעלשאַפט. די קינדס־קינדער פון די אידישע אימיגראַנטען האָבען זיך באַזעצט אין די בערג און זיינען געוואָרען פּאַסטוכעס, די קינדס־קינדער פון די איינגעבאָרענע האָבען געוואוינט אין די שטעט און זיינען געווען דער האַנדעלס־עלעמענט. אין דער אַלטער וועלט האָט יעדער פאָלק געהאַט

---

זיין אייגענעם נאציאנאלען גאט. אין יעדער מלחמה צווישען צוויי
פעלקער האבען זיך זייערע נאציאנאלע געטער געשלאגען יעדערער
ביי דער זייט פון זיי פאלק. די אימיגראנטען און די היימישע
זיינען געבליבען ביי זייערע געטער. יהוה איז געווען דער גאט פון
די פאסטוכעס, און בעל — דער גאט פון די שטאטישע איינוואוי־
נער. צווישען זיי איז אנגעגאנגען א ביטערער קאמפף איבער לאנד־
אייגענטום, עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דער „אגראר פראגע“,
מיט וועלכער איהר טרעפט זיך אויך אין דער געשיכטע פון אנדערע
פעלקער אין א געוויסער צייט. דער פאסטוך, דער פויער, האט גאר
אן אנדער קוק אויף די לאנד, ווי דער האנדעלס־מענטש. פאר דעם
פאסטוך אדער פאר דעם פויער, איז די שטיק לאנד, אויף וועלכער
ער זיצט, זיין היים וואס גאט האט באשאפען פאר דעם מענטש, כדי
ער זאל פון איהר ציהען זיין חיונה; פאר דעם סוחר איז לאנד א
סחורה, וואס מי מעג קויפען און פארקויפען צוגלייך מיט יעדער
אנדער סחורה, — וואס איז די נפקה מינה, צי מען פארקויפט
שעפסען, אדער קארן, אדער די שטיק לאנד אויף וועלכער עס פי־
טערען זיך די שעפסען, אדער עס וואקסט די קארן? אין דער צייט
פון די נביאים האבען די רייכע האנדעלס־קלאסען שוין געהאט איינ־
געקויפט גרויסע שטרעקען לאנד; פאר די פאסטוכעס און די פויע־
רים איז געווארען ענג. וואס א קליינע צאל רייכע לייט האבען
פאראייניקט אין זייערע הענט די לאנד, וועלכע האט אמאל באלאנגט
צו די ארעמע, וואס האבען זי באגאסען מיט זייער שוויים, האבען
די פאסטוכעס באטראכט פאר אן אונרעכט. ס'איז געווען געגען
זייערע אלטע מנהגים, וואס זיינען געהייליקט געווען מיט'ן נאמען
פון זייער גאט „אדוני אלהינו ואלהי אבותינו“. זייער קלאסען־
קאמפף קעגען די רייכע, וואס האבען פערכאפט די לאנד, האט דע־
ריבער אנגענומען די פארמע פון א רעליגיעזען קאמפף פאר דעם
אויפהאלטען פון זייער גאט'ס משפט.

אין אונדזער אויפגעקלערטער צייט האט מען געפרופט פארצו־
שטעלען די נביאים אלס סאציאלע רעפארמאטארס, אלס דעמאקרא־
טען אין דעם היינטיקען זין פוןווארט. אין זיין ווייטערער ענט־
וויקלונג האט דער דאזיקער געדאנקען־גאנג אנגענומען די פארמע
פון „קריסטלאכען סאציאליזם“. פראפעסאר וואלים האלט עס פאר
אונוויסענשאפטליך. מען נעמט מענטשען, וואס האבען געלעבט מיט
טויזענטער יאהרען צוריק, אונטער גרונד־פארשידענע אומשטענדען,
אין א גאנץ אנדערער סביבה, און מען וויל אז זיי אנטשעפען די
אידעען פון דער היינטיקער דעמאקראטיע און פון דעם היינטיקען

סאַציאַליזם, וואָס זייערע וואָרצלען ליגען גאָר אין אַן אַנדער גרונט.

די נביאים, זאָגט דער מחבר, האָבען געהאַנדעלט, אָפט מיט סכנות נפשות אין איינקלאַנג מיט זייערע איבערצייגונגען, אבער זיי זיינען ניט געווען קיין מגידים פון אונדזער היינטיקער מאָראַל. דער אונוויסענשאַפטליכער לעזער פון דער ענגלישער איבערזעצונג פון תנ"ך טייטשט אויס די ווערטער לויט דעם זין וואָס זיי האָבען היינט. אבער מען מוז שטענדיק האָבען אין זינען די סאָציאַלע לאַגע, אונטער וועלכער דער העברעאישער פסוק איז געשריבען געוואָרען.

„די געגנערשאַפט פון די נביאים צו די רייכע האָט קיין קרובה'שאַפט ניט מיט דעם היינטיקען ראַדיקאַליזם אָדער סאָציאַליזם, — זאָגט פּראָפעסאָר וואַליס. — מען ציטירט די ביבעל אין אונדזער צייט אַלס אַן אויטאָריטעט פאַר דעם סאָציאַלען ראַדיקאַליזם. מען כאַפּט אַרויס אַ פּסוק, וואָס זעהט אויס גינסטיק פאַר דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָגראַם, און מען איגנאָרירט אינגאַנצען וואָס עס שטעהט אין דער ביבעל חוץ יענעם פּסוק. מען האָט זיך באַנוצט מיט געוויסע פּסוקים, ניט וויסענדיק וואָס זיי באַדייטען אין דעם אָריגינאַל און ניט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם איבעריקען מאַטעריאַל, וואָס ערקלערט זייער באַדייטונג".

אַז נעמט צום ביישפּיל די שקלאַפערייַ. ירמיהו פאַרלאַנגט גאָר די באַפרייאונג פון אידישע שקלאַפען, ער פּראָטעסטירט אָבער ערגעץ ניט קעגען די שקלאַפערייַ בכלל, קעגען די שקלאַפערייַ פון אַנדערע מענטשען חוץ אידען. „דער ברית חדשה — זאָגט דער מחבר — איז פּונקט אַזוי ווייט פון'ם היינטיקען שטאַנדפּונקט, ווי דער תנ"ך. די פראַגע וועגען מענטשלאַכע רעכט ווערט ניט באַטראַכט אין דעם עוואַנגעליום. די געזעלאַכקייט און דער יושר פון שקלאַפערייַ ווערען אַנערקענט. די שקלאַפען ווערען גע'מסור'ט צו פאָלגען זייערע בעלי־בתים. אַפּאָסטאָל פּאַולוס האָט אויסגעליפערט אַן אַנטלאָפענעם שקלאַף צו זיין בעל־הבית".

פון אַן עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט, זאָגט ער ווייטער, איז די אידישע געזעלשאַפט געווען אָרגאַניזירט אויף דיזעלביקע יסודות ווי אַלע אַנדערע גרויסע ציוויליזאַציעס פון דער אור־אַלטער וועלט. די העכערע קלאַסען האָבען געהאַלטען די נידעריקערע קלאַסען אין שקלאַפערייַ, זיי האָבען מאָנאָפּאָליזירט די לאַנד און דער האַנדעל

איז געלעגען אין זייערע הענט.

„עס איז א געזעץ פון דער סאציאלער ענטוויקלונג — זאגט דער שרייבער ווייטער — אז יעדע רעגירונג פארטרעט די אינטערעסען פון די, וואס זיינען שטארק גענוג זי צו קאנטראלירען“. פארשטעהט זיך, איז די אידישע רעגירונג אויך געווען א קלאסען־רעגירונג. די נביאים זיינען געווען די טעארעטיקער פון די קעמפפענדע קלאסען פון דעם אידישען פאלק. אלע נביאים קענען איינגעטיילט ווערען אין צוויי לאגערען: די אפיציעלע, די „רעגעלע“, די קאנסערוואטיווע נביאים, און די פראטעסטירענדע, די ראדיקאלע, די אינסורגענטען.

שפעטער האט זיך דערזעלביקער קלאסען־קאמפף אויסגעדריקט אין די צוויי ריכטונגען פון דעם גלויבען אין משיח'ן. דער אידעאל פון די רייכע קלאסען האט זיך געמאלט דעם אידישען פאלק אלס אן אריסטאקראט וואס הערשט איבער דער גאנצער וועלט. ישעיהו מאלט אזא בילד: פרעמדע וועלען פיטערען אייערע סטאדעס, און גוים וועלען אקערען אייער לאנד און ארבייטען אין אייערע וויין־גארטענס. איהר וועט עסען דעם רייכטום פון די פעלקער און איהר וועט ירש'ענען זייער גרויסקייט.

דער משיח פון די ארעמע קלאסען האט געהאט גאר אן אנדער פלאטפארמע. ער האט געזאלט באפרייען די אידישע מאסען ניט נאר פון דעם פרעמדען יאך, אבער אויך פון דער הערשאפט פון דער אידישער אריסטאקראטיע. ער האט געזאלט ברענגען גערעכטיגקייט און „משפט“ פאר די ארעמע.

די טאקטיק פון דעם אריסטאקראטישען משיח איז געווען קענען „פוטשען“, אויף דעם לשון פון די דייטשע סאציאל־דעמאקראטען. די אריסטאקראטישע מאמינים אין משיח'ן, זיינען געווען „געלאסען“ און „דיסציפלינירט“, און זיי זיינען געווען צופרידען צו פארלאזען זיך אויף גאט. „זייענדיק אין בעסערע אומשטענדען ווי די מאסע פון פאלק, האבען זיי געקענט באשטעהן צו ווארטען אויף גאט“, זאגט אונדזער מחבר. „די אונטערסטע קלאסען זיינען געווען באגייסטערט פאר די סאציאלע רעוואלוציאן“ (ניט אין דעם היינטיקען זין, נאטירלאך). דער צווייטער חורבן איז געווען דער אויסגאנג פון א רעוואלוציאנערן אויפשטאנד פון די אונטערסטע קלאסען:

„די לעצטע קאטאסטראפע פון דעם יודאיזם קען דירעקט צו־ריקגעפירט ווערען אויף א משיח'איסטישען אויפשטאנד פון דעם אונטערסטען קלאס. פון אנהויב האט ער אנגענומען די פארמע פון אן אויפשטאנד קעגען דער רוימישער מאכט. זייענדיק איבער־צייגט, אז עס איז אונמעגלאך אויסצומיידען א רעוואלוציע, האט דער אויבערסטער קלאס פרובירט צו ארגאניזירען די באוועגונג, הא־פענדיק שפעטער צו מאכען שלום מיט די רוימער. אבער דאס איז געווען אונמעגלאך, און דער אידישער שטאט איז פארשוואונדען פון דער היסטארישער סצענע“.



# אידישקייט און קאפיטאליזם.

## איבער פראפעסאר זאמבארט׳ס בוך: „די אידען און דאס ווירטשאפטס-לעבען“

---

פראפעסאר זאמבארט איז באקאנט פאר א גרויסען געלערנטען און א גרויסען קענער פון מארקסיזם, און עס איז דעריבער געווען גאנץ נאטירליך, אז אין עקסטרעם־נאציאנאליסטישע אידישע קרייזען איז מען מלא־שמחה געווארען, ווען אזא גרויסער למדן איז ארויס מיט א כלומרשט וויסענשאפטליכער טעאריע, אין וועלכער ער האט געזוכט אויסצופירען, אז די אידען זיינען א באזונדערער פאלק, וואס וואנדערט שוין טויזענטער יאהרען צווישען די אומות העולם און האט זיך ניט אסימילירט, ווייל ער קען זיך ניט אסימילירען. די אידען זיינען א מדבר־פאלק, זייער נאטור ברענט נאך עד היום מיט דער היץ פון סאכארא, בעת די טייטשען שטאמען פון די אוראלטע טייטשעשע וועלדער, און זייער כאראקטער איז פייכט ווי די אמאליקע טייטשעשע בלאטעס. ער פאלט אריין גאר אין מליצה, ער שיט מיט שעהנע פילאזאפישקלינגענדע פראזען. ווען מען צוגלידערט זיי אבער נאך די כללים פון וויסענשאפטליכער קריטיק, לאזט זיך אויס פון דער גאנצער טעאריע ניט מער ווי א מין „וויסענשאפטליכער אימפרעסיאניזם“. די אימפרעסיאניסטען אין דער קונסט הארט ניט, צי זייערע בילדער שפיגלען אפ די ווירקלאכקייט; זיי גיבען אייך דעם איינדרוק פון זייער פאנטאזיע — זאמבארט האט אנגעווענדעט דיזעלבע מעטאדע אויף די סאציאל־וויסענשאפט.

דער בוך איז די ארבייט פון א הויך־געבילדעטען פעליעטאניסט, וואס איז א בריה אויסצופוצען זיין „וויסענשאפטליכע פלוידעריי“ מיט ציטאטען פון פארשידענע שרייבער פון אלע צייטען און אלע נאציאנען, אבער ווען איהר גלויבט איהם ניט אויף זיינע נאמנות און נעמט פארגלייכען זיינע שליסע מיט די באווייזע וואס ער ברענגט, טו ווייזט זיך ארויס, אז עס קלעפט זיך ווי אז ארבעס צום וואנט.

דער גרונד־געדאנק פון דעם בוך איז, אז יעדע ראסע האט איהר אייגענע „פאלקס־נשמה" און איהר גאנצער עקאנאמישער לעבען איז דער אויסדרוק פון איהר פאלקס־נשמה. דער גייסט פון דעם אידישען פאלק איז א קאפיטאליסטישער, די אידען האבען זיך פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט, און דעריבער האבען זיי אומעטום געשאפען דעם קאפיטאליזם. „ווען די אידען וואלטען זיך ניט צושפרייט אין די צפון־לענדער — מיינט ער — וואלט ניט געווען קיין קאפיטאליזם, קיין מאדערנע קולטור". דאס הייסט, אז דער קאפיטאליזם איז ניט קיין נויטווענדיקע מדרגה אין דער עקאנאמישער ענטוויקלונג פון דער מענטשהייט, ווי מארקס האט געטראכט — אין דער קאפיטאליסטישער וועלט איז ניטא קיין זאך, וואס איז „נאטירליך", „געווארדען", „ענטשטאנדען" — אלצדינג איז „קינסטליך", „געמאכט" (ז. 331). דער קאפיטאליזם איז א „צופעליקע טהאטזאכע" (ז. 7), ס'הייסט אויף פראסט אידיש: א „סיבה", אן „עקסידענט", ווי מען זאגט אין אמעריקע, וואס די מענטשהייט האט אפשר געקענט אויסמיידען.

דיזע טעאריע איז אייגענטלאך ניט ניי. אזוי האבען באטראכט דעם קאפיטאליזם טשערנישעווסקי און די רוסישע נאראדניקעס. אריגינעל ביי זאמבארט'ן איז, וואס ער האט די סאציאלאגישע טעאריע פון די נאראדניקעס צוזאמענגעפארט מיט דער אתה־בחרתנו־אידעע. ער איז ניט בלינד, געוועהנטלאך, ער זאל ניט זעהן, אז אהן דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק וואלטען די אידען אויך ניט דאקאזשעט אויפצובויען דעם קאפיטאליזם (ז. 10). אבער פארקעהרט, אהן די אידען וואלט דאך די טעכניק אויך ניט געהאלפען — ניט מער דער גלות האט אריבערגעבראכט די הייסע אידען צווישען די קאלטע גערמאנען, איז דער „קנאל־עפעקט" (ז. 8) פון דער צוזאמענמישונג פון די צוויי טעמפעראמענטען געווען דער קאפיטאליזם.

אין דער הקדמה צו זיין בוך דערצעהלט זאמבארט, ווי אזוי ער איז געקומען צו זיין איצטיקער טעאריע. ער האט איבערגעלייענט דעם בוך פון מאקס וועבער איבער דעם צוזאמענהאנג פון דעם פוריטאניזם און דעם קאפיטאליזם אין דעם זיבצענטען יאהרהונדערט און דאס האט איהם געבראכט אויף דעם געדאנק, אז די רעליגיע האט אן איינפלוס אויף דעם עקאנאמישען לעבען. היינט

ווען ער האָט גענומען אונטערזוכען יענע טיילען פון דער פּוריטאַ־נישער רעליגיע וואָס האָבען געהאָלפען אויסצובילדען דעם „קאַפּי־טאַליסטישען גייסט", האָט ער באַלד דערזעהען, אַז זיי שטאַמען פון דער אידישער אמונה. איז ביי איהם געוואָרען אַ סברה, אַז אפשר שטאַמט דער קאַפּיטאַליסטישער גייסט טאַקע גאָר פון דער אידישער אמונה (ז. 5). און ער האָט זיך גענומען זוכען באַווייזע פאַר די ריכטיקייט פון זיין געדאַנק. ראשית, האָט ער געפונען אַז דער קאַפּיטאַליזם איז געגליכען צו דער אידישער רעליגיע: ביי־דע זיינען זיי „אַ פרעמדטום אין מיטען פון דער נאַטירליכער וועלט", „אַן אויסגעטראַכטע, אַ געמאַכטע זאַך" (ז. 242). צווייטענס, איז דער גייסט פון דער אידישער רעליגיע אַ קאַפּיטאַליסטישער, און דריטענס, וואו נאָר עס ענטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, אומעטום שטעקט אַ איד.

ביי אַ וויסענשאַפטליכען פאָרשער, ווען ער געפינט אפילו די דאָזיקע פאַקטען, האָט זיך געדאַרפט שטעלען די פראַגע: וואָס איז די אורזאַכע און וואָס איז די ווירקונג? צוגעגעבען, אַז די אידישע רעליגיע האָט אַ קאַפּיטאַליסטישען גייסט, איז עס אפשר ניט מעגלאַך, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער גייסט האָט זיך ענטוויקעלט אין איהר דורך דעם איינפלוס פון קאַפּיטאַליזם און ניט פאַר־קערט? זאָמבאַרט פירט אויס, למשל, אַז די באַציהונג פון דעם אידען צו דעם רבנו של עולם האָט די פאָרמע פון אַ קאָנטראַקט. איז די קשיה, וואָס איז געווען פריהער: צי איז דער איינפאַל צו מאַכען אַ קאָנטראַקט מיט גאָט געבאָרען געוואָרען גלאַט אַזוי ביי דעם אידען אין קאָפּ, און דערנאָך, האָבענדיק געשלאָסען אַ קאָנ־טראַקט מיט גאָט, האָט ער גענומען אָנווענדען די דאָזיקע געטלאַכע האַנדעלס־פּאָליטיק אין זיינע געשעפטען מיט לייטען? אָדער פאַר־קערט, זייענדיק אַ געשעפטסמאַן, איז דער איד צוגעוועהנט גע־וואָרען צו דענקען ווי אַ געשעפטסמאַן, און די געשעפטס־פּרינ־ציפּען פון דער אידישער אמונה זיינען גאָר אפשר געווען אַן אָנ־ווענדונג פון די אידעען, וואָס האָבען זיך אויסגעבילדעט ביי דעם אידען אין זיין געשעפטס־לעבען?

ווען מען נעמט אונטערזוכען אויף וואָס פאַר אַן אופן דער קאַפּיטאַליסטישער גייסט פון די אידישע תלמודיסטען האָט גע־פונען אַן אויסדרוק, טו זעהט מען, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ אום

פסק־דינים וועגן געשעפטס־זאַכען. זיי האָבען ניט גלאַט אויסגעטראַכט פראַגען אין דער וועלט אַריין און וועגען זיי גע׳פּלפּול׳ט — מען איז צו זיי געקומען מיט אַ דין־תורה. וועגען אַ געשעפט, פּונקט אַזוי ווי מען פלעגט נאָך ניט לאַנג צוריק ביי פרומע אידען געהן צו בית־דין. אַלזאָ, איידער דער רבי האָט אָבגעגעבען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּסק־דין, האָט שוין עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליסטישער געשעפט.

אַזוי איז אויסגעוואַקסען דער יוריסטישער טייל פון דעם תלמוד. אין דערין איז די אידישע רעכטס־געשיכטע גאָר ניט קיין אויסנאַם. אויף דעמזעלביקען אופן איז דאָס רעמישע רעכט אויסגעוואַקסען פון די עטשיידונגען פון די רעמישע דיכטער, ענגלישע קאמאָן־לאָא איז אַ זאמלונג פון די ענטשיידונגען פון ענגלישע דזשאָדזשעס. אין דעם מיטעלאַלטער האָבען די ביסקופּען אומעטום געהאַט זייערע אייגענע געריכטען, וואו עס פלעגען פאַרהאַנדעלט ווערען געוויסע ציוויל־פּראָצעסען. דערפון איז אויסגעוואַקסען דאָס קאַנאָנישע רעכט. ניט דער תלמוד האָט געשאַפען די אידישע געשעפטען און סכסוכים, מיט וועלכע די אידען פלעגען קומען צו די רבנים, נאָר פאַרקערט, די אידישע רעכטס־טעאָריע, וואָס מען געפינט אין תלמוד, איז געשאַפען געוואָרען דורך די ענטוויקלונג פון די אידישע געשעפטען. אַגב זיינען פילע פון די רבנים, וואָס האָבען אויסגעבילדעט דעם תלמוד, אליין געווען גרויסע געשעפטס־לייט (ז. 249).

מילא, מכח דער אידישער אמונה מעג מען זיך פריי פאַנטאַזירען, אז זי איז געבאָרען געוואָרען פון דער אידישער קאַפּיטאַליסטישער נשמה אין סאַכאַראַ, מחמת אין יענער צייט זיינען נאָך קיין מעטריקעס ניט געווען. איז אָבער דאָך פאַרשריבען שוואַרץ אויף וויים, ווי אַזוי דאָס „חזר־פרעסערישע אידענטום“, (ווי הייגע כאַראַקטעריזירט דעם פּוריטאַניזם), איז געבאָרען געוואָרען אין סקאָטלאַנד און האָט זיך פאַרשפּרייט אין ענגלאַנד מיט אַ יאָהר דריי הונדערט צוריק. אויב דער פּוריטאַניזם איז די אייגענע זאַך ווי אידישקייט, טו הייסט דאָך שוין, אז עס איז גאָר ניט קיין ראַסען־גייסט, וואָרים די פּוריטאַנער זיינען דאָך ניט געווען קיין „הייסער מדבר־פאָלק“. ווי־זשע קומט עס, וואָס די איינוואוינער פון סקאָטלאַנד האָבען מיט אַ מאָל אָנגענומען די אידישע אמונה גראַד

אין דער צייט, ווען עס האט זיך ביי זיי אנגעהויבען די ענטוויק־לונג פון קאפיטאליזם? איז גאר א סברה, אז ווען די סקאטלאנ־דער האבען זיך גענומען צו קאפיטאליסטישע געשעפטען, האבען זיי אנגעהויבען צו דענקען קאפיטאליסטיש, און ווען זייערע געדאנ־קען האבען זיך געווענדעט צו דער רעליגיע, האט זיך זייער נייע קאפיטאליסטישע געדאנקען־ריכטונג אויסגעדריקט אויך אין זייע־רע אידעען וועגען רעליגיע און עטיקע? עס לעגט זיך דאך אויפ'ן שכל, אז אויף דעם אופן האט די פוריטאנישע אויסגאבע פון דער אידישער רעליגיע געקענט צוגעפאסט ווערען צו דעם קאפיטאליזם.

אבער, מיט אלע אנשטרענגונגען געלינגט עס זאמבארט'ן פארט ניט צו געפינען גענוג אידען אין יעדער לאנד וואו עס ענט־וויקעלט זיך דער קאפיטאליזם. העלפט ער זיך ארוים פון דער פארלעגענהייט מיט א גאנץ זיכערן מיטעל: ער פאררעכענט פאר אידען די „קריפטא־יודען" (געהיימע אידען), דאס הייסט ניט נאר די משומדים, נאר אויך זייערע קינדס־קינדער (זייטע 9). עס מאכט איהם ניט אויס וואס אין עטלאכע דורות זיינען זיי שוין אין גאנצען צומישט געווארען מיט אנדערע פעלקער. ווער קען זאגען צי די אידישע בלוט, צי די גוי'אישע האט פון זיי געמאכט וואס זיי זיינען געווארען? עס איז א פאקט, אז די אידען האבען אין אלע צייטען געליפערט א היבשע צאל משמודים, — ווי זאמ־בארט צייגט אז, ווייס מען פון זיי נאך זינט דעם זיבעטען יאהר־הונדערט. היינט רעכענט, אז יעדער משומד וואס האט זיך פאר־הייראט מיט א גוי'ע האט איבערגעלאזען סך הכל צוויי קינדער, צו פארנעמען זיין פלאץ און זיין ווייב'ס פלאץ אין דער וועלט, און אזוי איז געגאנגען כסדר, ס'הייסט רעכענט גארנישט אויף דעם צואוואקס פון דער באפעלקערונג. רעכענט פיר דורות איז יעדע הונדערט יאהר. קומט אוים, אז פון יעדען אידען וואס האט זיך גע'שמד'ט מיט אכט הונדערט יאהר צוריק שטאמען היינט צו טאג אן ערך דריי מאל אזוי פיל מענטשען ווי עס זיינען פאראן אין דער גאנצער וועלט (4,294,967,296). עס קומט אוים ניט אנדערם אז אלע גוים זיינען „אידען". אין זאמבארטשען זין פון ווארט. אויף דעם אופן וואלט גאר לייכט געווען צו באווייזען מאטעמאטיש, אז דער קאפיטאליזם שטאמט פון אידן.

# II

לאמיר איצט באטראכטען כסדר ווי אזוי זאמבארט פירט אויס, אז דער קאפּיטאליזם איז מזרע יהודי.

„דער פאטער פון קאפּיטאליזמוס“, זאגט ער, איז „דער נאמאדיזמוס“ (ז. 426). דאס הייסט, אז דער ווארצעל פון קאפּיטאלס יחוס ליגט אין יענע צייטען ווען די מענטשען זיינען געווען וואנדערער, ווייל זיי האבען געלעבט פון זייערע סטאדעס אדער פון יאגד. אבער פון דעם נאמאדיזמוס ביז צום קאפּיטאליזמוס איז דאך פארט א היבשער שפרונג, נו, טו פארשטעהט איהר, איז דער יודאיזמוס „דאס בינדעגליעד“ צווישען דעם נאמאדיזמוס און דעם קאפּיטאליזמוס. דער איד איז א וואנדערער פון נאטור, האט ער זיין וואנדער־גייסט אריבערגעבראכט פון סאכארא קיין אייראפּא און האט דארטען אויסגעטראכט דעם קאפּיטאליזם.

דער פארגלייך צווישען קאפּיטאליזמוס און נאמאדיזמוס איז ניט ניי. איהר געפינט איהם ביי איינעם פון די ערסטע רוסישע מארקסיסטען, פּראפעסאר זיבער, אין אן ארטיקעל וואס איז ערשינען מיט א יאהר דרייסיק צוריק. ער אבער שטיצט זיך אויף די ענטוויקלונג פון אייזענבאנען, וואס טראנספּארטירען צענדליקע מיליאנען מענטשען פון איין פּלאץ אויף דעם אנדערן. די עהנלאכקייט צווישען קאפּיטאליזמוס און נאמאדיזמוס איז ביי איהם נאר אן אויסערלאכע, דער נאמאדישער כאראקטער פון דעם קאפּיטאליזמוס געפינט ביי איהם א מאטעריאליסטישע ערקלערונג: דאס קומט פון דער היינטיקער טעכניק, ניט פון די פארצייטיקע פּאסטוכעס.

זאמבארט פארקערט זוכט אן אידעאליסטישע ערקלערונג פון קאפּיטאליזם: ביי איהם שטאמט דער קאפּיטאליזמוס פון דעם קאפּיטאליסטישען גייסט: היינט ווען דער קאפּיטאליזמוס איז עהנליך צו זיין טאטען, דעם נאמאדיזמוס ע"ה, דארף מען געפינען מיט וואס ער איז עהנליך. נו פערשטעהט איהר, צו דעם קאפּיטאליזמוס דארף מען קענען צעהלען, א פּויער אבער קען ניט צעהלען, ווייל ער האט ניט וואס צו צעהלען: א פּאסטוך פארקערט מוז צעהלען זיין סטאדע, דעריבער האבען זיך די פּאסטוכעס (די נאמאדען) אויסגעלערנט צעהלען. און ווען דער איד, וואס איז מיט צוויי טוי־

זענט יאָהר צוריק געווען אַ פּאַסטוך און האָט זיך אויסגעלערנט צעהלען, איז געקומען צו די טייטשעשע פּויערים, האָט ער (מיט אַנ־דערהאַלבען טויזענט יאָהר שפּעטער) פאַר זיי „געמאַכט“ דעם קאַ־פּיטאַליזם.

דאָ שטעלט זיך אָבער באַלד אַ פראַגע — צוגעגעבען, אַז די טויזענטער יאָהרען וואָס די אידען האָבען געוואַנדערט אין דעם מדבר האָבען ביי זיי אויסגעבילדעט דעם כאַראַקטער פון אַ וואַנדער־פאָלק (ז. 418). נו, אויב די נאַטור פון דעם מדבר האָט געמאַכט אַזאַ טיפען איינדרוק אויף דעם כאַראַקטער פון דעם אידען, הייסט דאָך אַז די נאַטור פון דער לאַנד וואו אַ פאָלק וואוינט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלק. הייגט, ווען די אידען וואוינען שוין צוויי טויזענט יאָהר אין אַנאַנדער קלימאַט, וואו זיי האָבען קיין מעגלאַכקייט ניט צו לעבען ווי פּאַסטוכעס, ווען זיי וואוינען שוין צוויי טויזענט יאָהר אין שטעט, טו איז דען ניט מעגלאַך, אַז דער לעבען פון שטאָט האָט אין דער צייט פון צוויי טויזענט יאָהר אין גאַנצען איבערגעמאַכט זייער כאַראַקטער? נעמט אַ מין חיה און בריגט זי אריבער אין אַ נייע סביבה, וועט זי זיך אין דער צייט פון אַ פּאָר טויזענט יאָהר צופּאַסען צו דעם נייעם קלי־מאַט, צו דעם נייעם פוטער, זי וועט זיך אַקלימאַטיזירען, ווי מי זאָגט אין דער נאַטורוויסענשאַפט. ווען ניט, וועט דער מין אויסשטאַר־בען. איז דען דער מענטש אַן אויסנאַהם? זיינען די היינטיקע אונ־גאַרן דיזעלביקע מענטשען ווי די הונען, וואָס זיינען פאַר אַנדער־האַלבען טויזענט יאָהר געקומען פון מיטעל־אַזיע? זיינען די מינסקער אָדער די קאָוונער טאַטערן דיזעלביקע מענטשען ווי זייערע עלטער־עלטער־זיידעס, וואָס זיינען מיט זעקס־זיבען הונדערט יאָהר צוריק געקומען פון מאָנגאָליע? איז דען אין דער אַנטראָפּאָלאָגיע אויף פּאָראַן אַ „קראָמיע יעווריעיוו“?

זאָמבאַרט אַליין לעגט אַ גרויסען געוויכט אויף דעם, וואָס דער איד איז אַ קאָפּ־מענטש, ווייל ער האָט זיך טויזענטער יאָהרען פאַרנומען מיט קאָפּ־ארבייט (ז. 421), — אַט דאָס אַליין איז דער איינפלוס פון דעם אידישען לעבען אין גלות אַ סך מער, ווי פון דעם מדבר.

זאָגט אויף דעם זאָמבאַרט, אַז אפילו דער אידישער גלות ליגט אין דער אידישער נאַטור: דער זאָמען פון גלות איז ביי

דעם אידן שוין געלעגען אין זיין „גייסט“, נאָך איידער ער איז אוועק אין גלות. והא ראיה, וואָס דער איד עמיגרירט, און דער אינדוס עמיגרירט ניט (ז. 360)*). נו, האָבען אָבער זאָמבארט'ן אויף צו'להכעים די אינדוסען גראד אין דער לעצטער צייט גענומען אויסוואַנדערן אין אַזעלכע צאָלען, אַז עס איז פון דערפון אַרויסגעוואקסען אַ פּאָליטישע פראַגע און קענעדא און אין סויטה־אַפריקא, און דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע וויל מען שוין פארשפארען פאר זיי די טירען.

ווען מען באַטראַכט, אַז אין די לעצטע צוואַנציק יאָהר האָבען עמיגרירט אין אַמעריקע מערער מענטשען פון פארשידענע נאַציאָנען איידער עס זיינען פאראַן אידען אויף דער וועלט, ווי קען מען ערנסט באהויפּטען, אַז די אידישע וואַנדערונג איז אַ ספּעציעלער כאַראַקטערצוג פון דער אידישער ראַסע?

# III

לאָמיר ווידער איבערגעהן צו דעם פארגלייך צווישען קאַפּיטאַליזם און אידישקייט.

דער קאַפּיטאַליזם איז דער פּראָדוקט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען גייסט, דער קאַפּיטאַליסטישער גייסט איז דער גייסט פון דער אידישער רעליגיע, און „די רעליגיאָן פון אַ פאָלק“ קומט פון זיין „וועזען“ (ז. 433). — דאָס איז דער לאָגישער גאַנג פון זאָמבארטס באַווייזפירונג. אויב מען קען ווייזען סך הכל, אַז די אידישע רעליגיע איז קאַפּיטאַליסטיש, איז דאָך נאָך אַ פראַגע, פון וואַנען נעמט זיך דאָס, — אפשר איז דאָס גאָר דער איינפלוס פון דעם קאַפּיטאַליזם אויף די רעליגיע, דעמאָלט פאַלט דאָך זאָמבארט'ס גאַנצע טעאָריע. ווען אָבער די רעליגיע ליגט אין דער נשמה פון אַ פאָלק, קען מען דאָך שוין ניט אָפּשטרייטען, אַז די

---

*) „דיעזע לעצטע ערוועגונגען האָבען אונדז געצייגט דאָס די אידישע אייגענאַרט זיכער ניכט ערסט עטווא אין דער דיאַספּאָרא... אויסגעבילדעט וואָרדען איסט, זאָנדערן דאס די דיאַספּאָרא זעלבסט איין ווערק דיעזער אייגענאַרט איסט, די אַלזאָ שוין פאָרהער — וועניגסטענס אין קיים פארהאנדען זיין מוזטע“. (ז. 360).

אידישע נשמה האט עקזיסטירט טויזענטער יאהרען פאר דעם קאפיטאליזם. זאמבארט האלט טאקע אליין זעהר קנאפ פון דער זאגענאנטער „פאלקס-זעעלע". ער פארגלייכט זי מיט א טומאן וואס אלצדינג ווייזט זיך אוים דורך איהם אין א פאלשע געשטאלט (ז. 302). פונדעסטוועגען פילאזאפירט ער זיך ווייטער איבער דער „אידישער פסיכע" (זייטען 320, 331, 432), אזוי ווי עס וואלט געווען ערגעץ א נפקה־מינה, צי מי זאגט אויף טייטש „זעעלע", צי מי זאגט אויף גריכיש „פסיכע"*). און ווידער, איז דען דער „אי־דישער גייסט" ניט דיזעלבע זאך ווי די אידישע פאלקס־זעעלע?

זאמבארט גיט צו אליין, אז זיין גאנצע טעאריע וועגען דער „אידישער אייגענארט" איז פול מיט לעכער און באשטעהט פון א סך „רעטעניסען", אויף וועלכע עס איז אין דער היינטיקער וויסענשאפט נאך ניטא קיין ענטפער. (ז. 339). אין אנאנדער שטעלע זאגט ער נאך קלארער, אז „מיר באזיצען נאך דערווייל ניט קיין גענינענדען מאטעריאל צו באווייזען, אז באשטימטע רא־סען האבען א באשטימטע גייסטיקע אייגענארט" (ז. 385). ער לאכט אפ אליין פון די „ראסען־טעארעטיקער", וועלכע ארגומענ־טירען אזוי: „יעדע ראסע האט א ספעציעלע אייגענארט, די אי־דען זיינען א ראסע, על כן ליגט די היינטיקע אייגענארט פון די אידען אין דער באזונדערקייט פון זייער ראסע". (ז. 384). אבער אקארשט האט ער דאכט זיך געזאגט, אז עס איז ניטא קיין שום בא־וויין פאר די ריכטיקייט פון דער „ראסען־טעאריע", באלד כאפט ער זיך און זאגט, אז דערפון וואס די „ראסען־טעארעטיקער" קענען ניט באווייזען אז זייער טעאריע איז ריכטיק, איז נאך ניט געדרונגען אז זיי האבען א טעות ווען זיי זאגען, אז די „אידישע אייגענארט" ליגט ביי דעם אידען אין בלוט. ווארים זייערע קריטיקער קע־נען ניט באווייזען, אז די „אידישע אייגענארט" ליגט ניט ביי דעם אידען אין בלוט. דאס הייסט, איבערדרעהען קאפויר די כללים פון לאגיקע. באווייזען דארף יענער וואס קומט ארוים מיט א בא־הויפטונג; ווען ער קען ניט באווייזען אז זיין באהויפטונג איז ריכ־טיק, דארף מען ניט באווייזען, אז זי איז אונריכטיק. דערמיט וואס זאמבארט באצייכענט זיינע באהויפטונגען מיט דעם נאטור־

*) ביידע ווערטער באדייטען „נשמה".

וויסענשאפטליכען נאמען „היפאטעזען“, איז ער ניט פטור. אין דער נאטורוויסענשאפט, ווען א געלערנטער זאגט, אז עס איז א סברה, אז א געוויסע ערשיינונג קען ערקלערט ווערן אויף א געוויסען אופן, פארלאנגט מען פון איהם ער זאל אליין ברענגען באווייזע, אז זיין היפאטעזע שטימט מיט די פאקטען פון דער ווירקלאכקייט און אז דיזעלביקע פאקטען קענען ניט ערקלערט ווערען דורך ערגעץ אנאנדער אורזאכע. זאמבארט אבער איז צופרידען וואס ער האט געליפערט די היפאטעזע, לאזען זיך אנדערע מטריח זיין צו געפינען די באווייזע פאר זיינע היפאטעזען. אזעלכע „היפאטעזען“ קען מען זיך ערלויבען נאר אין דער עקאנאמישער וויסענשאפט, וואו עס פארנעמען נאך עד היום א בכבוד'ן פלאץ געוויסע טעארעטיקער, וואס שפינען זייער גאנצע וויסענשאפט פון פינגער.

מילא, אין וואס־זשע ווייזט זיך ארויס פאר זאמבארט'ן דער קאפיטאליסטישער כאראקטער פון דעם אידישען פאלקס־גייסט?

„די פראפאנטע פאראלעליטעט צווישען יודאיזמוס אונד קאפיטאליזמוס“ ליגט אין דעם ראציאנאליזם (ז. 331), ס'הייסט אין דער וועלט פון קאפיטאליזם דארף אלצדינג האבען א שכל, און דאס, מיינט זאמבארט, איז אויך דער גייסט פון דער אידישער אמונה. דאס איז א מיינונג וואס איז פארבערייטעט צווישען די רעפארמירטע „יו־דען“, וואס זוכען אריינצולעזען די אידעען פון דעם נייגצענטען יאהרהונדערט אין די ספרים וואס זיינען געשריבען געווארען מיט צוויי טויזענד יאהר פריהער.

דאס לאזט זיך אבער ניט אזוי לייכט באווייזען. די שטעלע וואס זאמבארט ציטירט פון הירש'ס בוך „פערזוכע איבער ישראל'ס פליכטען אין דער צערשטרויאונג“ באווייזט דעם הפך פון זיין טע־אריע: דער איד דארף פאלגען גאט'ס געבאט, צי עס האט א זין, צי ניט, פשוט דערפאר וואס גאט האט אזוי געהייסען*).

וואו איז דא די הערשאפט פון דעם מענטשלאכען שכל, וואו איז דא דער ראציאנאליזם?

---

*) „ניכט וויל אויך דו זי פיר רעכט איינזעהסט, דען אויך די געבאטע, דערען גרונד דו אהנסט, זאלסט דו ניכט דעסהאלב ערפילען, דען דאן געהארכטעסט דו נור יר, און דו זאלסט גאט געהארכען“ (ז. 263).

מילא, וואָס צו גאָט, איז צו גאָט, וואָס צו לייטען, איז צו ליי־טען. און אין דעם טעגלאַכען לעבען קען דער „אידישער גייסט“ אויסגעדריקט ווערען מיט איין וואָרט: „תכלית“

די אידן, מיינט זאָמבאַרט, ווילען האַלטען פאַר נאַרישע בעלי־חלומות די יעניקע, ווילכע זאָגען, אַז ניט דער תכלית, נאָר די טראַ־גיק איז דער אינהאַלט פון לעבען, דער אינהאַלט פון דער וועלט.**)

ווי געפעלט דאָס אייך? איז נאָך פאַראַן אַנאַנדער פאָלק אין דער גאַנצער וועלטגעשיכטע, וואָס ביי איהם איז דער אינהאַלט פון לעבען געוועזן אַזוי אָנגעפילט מיט טראַגיק ווי ביי די אידן?

דער איד (שטעהט אנדערסוואו) איז „פריי פון אונפּראַקטי־שען אידעאַליזמוס“ (ז. 334). און ווי ערקלערט מען די אַלגעמיינע פאַרדאַמונג פון שמד היינטצוטאָג אין רוסלאַנד אפילו צווישען די אידען, וואָס גלויבען גאָר ניט אין גאָט?

## IV

דער צענטער אי פון דער „קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט“, אי פון דעם „אידישען וועזען“ איז געלט (ז. 329). ביי אידן ווערט אַלץ געמאָסטען מיט געלט, מען האָט אפילו חתונה צוליב געלט — אַזוי כאַראַקטעריזירט זאָמבאַרט דעם „אידישען גייסט“. עס איז צו לעכערלאַך, אַז זאָמבאַרט זאָל אליין ניט איינזעהן, אַז דאָס איז גאָר ניט ספּעציעל אידיש, נאָר אַלגעמיין מענטשלאַך אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. „דאָס ספּעציעל אידישע“ זעהט ער אין דעם, וואָס מען שעמט זיך ניט דערמיט, מען זאָגט עס אַרויס אָפען, בעת די גוי'אישע „וואוכערערס ריכטען זאַלכעס אַלעס אויס אונטער דעם שיין דעם קריסטליכען נאָמענס“ (ז. 157). נו, איז אפילו דאָס אויך ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר אידען אַליין. גליעב אוספּענסקי גע־פינט פונקט דעמזעלביקען געלט־גייסט ביי די רוסישע פּויערים. דער גאַנצער דאָרף רעדט מיט רחמנות וועגען אַ פּויער, וואָס זיין גאָס־פּאַדאַרקע געהט צו גרונד, ווייל ער האָט אַ שוואַכע און קרענקלאַ־

---

**) „פיר טהעריכטע שווערמער ווירד דער יודע יענע האַלטען, די דאַרויף ערווידערן ווערדען: ניכט תכלית, זאָנדערן טראַגיק זיי דער אינהאַלט דעס לעבענס, דער אינהאַלט דער וועלט“ (ז. 321).

בע ווייב. מאכט גאט, אז די ווייב שטארבט. רעדט מען אין דארף וועגן דעם אזוי: איצטער וועט זיך איוואן פאפראווען, ווארים ער וועט נעמען א שטארקע, א געזונטע ווייב. דער געלט־גייסט איז אפנים אינטערנאציאנאל אויף א געוויסער מדרגה פון דער עקאנא־מישער ענטוויקלונג.

מילא, פון וואנען זשע האט זיך ביי דעם אידן גענומען דער געלט־גייסט? ניט פון סאכארא, זיכער!

די אידן האבן נאך פון די אוראלטע צייטען שטענדיק געהאט א סך גאלד און זילבער. דוד המלך האט געקראגן א סך גאלד און זילבער פון די פעלקער, מיט וועלכע ער האט געפירט מלחמה, שפעטער איז ארייגגעקומען א סך גאלד אין דעם בית המקדש אין ירושלים. אויף דעם אופן האבן די אידען האלט געקראגן געלט.

דאס מעג זיך זיין גאנץ ריכטיק, אבער דא שטעלען זיך ווידער צוויי וויכטיקע פראגען. ערסטענס, איז א סך מער גאלד און זיל־בער אריינגעקומען אין אלטען רוים, וואס האט שטענדיק געפירט מלחמה און האט באראבאוועט די גאנצע וועלט. אלזא, האט דאך געקענט די געלט־ווירשאפט זיך ענטוויקלען א סך לייכטער אין רוים איידער אין ירושלים, וואס איז אין די בעסטע צייטען געווען ניט מער ווי א רעליגיעזער צענטר פאר אידען. זאמבארט ווייזט אויף אליין, אז די באפעלקערונג פון ירושלים איז געווען ניט מער ווי 25,000, ס'הייסט, עס איז געווען א שטאט, אן ערך, ווי פינסק. ווי האט זי זיך געקאנט גלייכען מיט א וועלט־שטאט ווי רוים!

צווייטענס, גאלד וואלגערט זיך דאך ניט אויף די גאסען ווי זאמד, מען דארף עס זוכען. עס געפינט זיך אין טייכלאך צומישט מיט זאמד. אימיצער דארף עס אויסוואשען און צוזאמענשמעל־צען. זילבער דארף מען אויסגראבען פון אונטער דער ערד. אל־זא, כדי די אידען זאלען קענען קריגען גאלד און זילבער, האט שוין געמוזט עקזיסטירען ערגעץ א פראדוקציאן פון דיעזע מעטאלען. די פעלקער וואס האבען זיי געגראבען האבען דאך מסתמא אויך האלט געהאט די דאזיקע מעטאלען. אלזא, האט זיך דאך ביי זיי אויך געקאנט ענטוויקלען דער קאפיטאליסטישער גייסט. בלייבט דאך ווידער א קשיה, פארוואס זיינען עס דוקא די אידן געווען די גרינדער פון דער געלט־ווירטשאפט און ניט יענע פעלקער, וואס האט־האבען פראדוצירט גאלד און זילבער?

ארום דער צייט פון דעם חורבן פון דעם צווייטען בית־המדרש האבען די רוימער באטריבען זילבער־גרובען אין גריכענלאנד מיט דער ארבייט פון שקלאפען. זיי האבען אלזא געהאט פונקט אזא געלעגענהייט צו האנדלען מיט עדעל־מעטאלען, ווי די אידען.

עס האט אלזא געמוזט זיין א באזונדערע אורזאכע, פארוואס דוקא דער איד איז געווארען דער געלט־הענדלער צווישען די אומות העולם, און זאמבארט אליין זאגט עס: עס איז ניט דערפאר וואס מיט טויזענטער יאהרען צוריק איז דער איד געווען א פאסטוך אין סאכארא, נאר דערפאר, וואס ער איז אין גלות געצוואונגען גע־ווען צו האנדלען מיט געלט*). מיט אנדערע ווערטער, די קאפי־טאליסטישע טעטיקייט פון דעם אידן שטאמט ניט פון דעם אי־דישען גייסט, נאר פון דער אידישער לאגע אין די גלות־לענדער.

בשעת די אידען האבען געלעבט אין ארץ־ישראל, איז דער האנדעל אין ארץ־ישראל גופא געלעגען אין גוי'שע הענט, פון דעם וועלט־האנדעל שוין אפגערעדט. אזוי דערצעהלט זאמבארט אליין. דער תלמוד איז דורכגעדרונגען מיט דער געזינונג פון א פאלק פון פארמערס, וואס פראדוצירט אליין כמעט אלצדינג פאר זיין אייגענעם פארצעהר (וואס מען רופט „נאטוראל ווירט־שאפט" אין דער פאליטישער עקאנאמיע). זאמבארט ציטירט די פאלגענדע שטעלע פון רבי יחי בן יהושע: „צו וועמען איז יענער געגליכען וואס קויפט פרוכטען אין מארק? צו א קינד, וועמעס מו־טער איז געשטארבען; מען זוכט מיט איהם די טירען פון די מו־טערס, וואס זויגען זייערע קינדער, אבער דאס קינד ווערט ניט זאט. ווער עס קויפט ברויט אין מארק איז געגליכען צו יענעם, וואס גראבט פאר זיך אליין דעם קבר און וועלכען ער וועט באגראבען ווערען" (ז. 367). ער ציטירט נאך א פאר שטעלען פון אנדערע רבנים, וואס ווייזען, אז דאס איז געווען די הערשענדע מיינונג אין יענער צייט. דאס איז זיכער ניט דער גייסט פון קאפיטאליזם. אויב, אלזא, די היינטיקע אידען ווייזען ארוים א קאפיטאליסטישען גייסט, ווארצעלט ער ניט אין דעם מדבר סאכארא און אפילו

* בעדויטזאמער אונד אין זיינע ווירקונגען דורכאויס קלאר איזט דער אומשטאנד דאס דאס שפעטערע שיקזאל דען יודען די געלד־ליעבע ליעבע אויפנעטיגטע און די געלד־קונסט אנציכטען מוזטע". (ז. 429).

ניט אין דער תלמוד'יסטישער צייט, נאר אין זייער שפעטערער גע־שיכטע. א סוחר איז דער איד געווארען אין גלות. מיינט זאמ־בארט, אז די אידישע וואנדערונג. איז געווען די וויכטיקסטע קראפט אין דער געשעפטלאכער ענטוויקלונג פון די גלות־לענדער.

שפאניען איז געגאנגען ארונטער, און באלד נאכדעם איז האָ־לאנד אויסגעוואקסען; א סך שטעט אין איטאליע און דייטשלאנד זיינען געזונקען און זייער האנדעל איז איבערגעגאנגען אין אנדערע שטעט, ווי ליווארנא אין איטאליע, ליאן אין פראנקרייך, אנט־ווערפען אין דער היינטיקער בעלגיע, האמבורג און פראנקפורט־אם־מיין אין דייטשלאנד. היסטאריקער האבען עס ערקלערט דורך דעם, וואס מען האט געפונען דעם וועג מיט'ן ים קיין אינדיע, אז געוויסע מדינות האבען געקראגען א שטארקע מאכט, אנדערע זיינען פאליטיש אפגעשוואכט געווארען. פאר זאמבארט'ן אבער איז דאס ניט גענוג. צוזאמענשטעלענדיק דעם וואוקס און דעם אונטערגאנג פון יענע שטעט מיט דער געשיכטע פון דער אידישער וואנדערונג, האט ער דערזעהן, אז גראד אין דערזעלבער צייט, ווען די אידען האבען געמוזט אויסוואנדערען פון געוויסע לענדער אין אנדערע, איז דארטען, פון וואנען זיי זיינען אוועק, געווארען א וויסטעניש, און וואוהין זיי זיינען געקומען, האט דער געשעפט פון לאנד אויפגעבליהט (ז. 666).

ווען עס וואלט זיך געהאנדעלט נאר אום דעם אידישען נא־ציאנאלען שטאלץ, וואלטען מיר געקאנט זיין גאנץ צופרידען מיט דעם אויבען־אן, וואס זאמבארט וויל אונדז אוועקגעבען אין דער גע־שיכטע פון דער ענטוויקלונג פון די קריסטלאכע לענדער. פון א ווי־סענשאפטליכען שטאנדפונקט אבער, איז די ערסטע פראגע, צי זיין טעאריע איז ריכטיק. עס איז א געוועגלאכער לאגישער טעות, ווען מען געפינט, אז צוויי פאקטען טרעפען זיך צוזאמען, צו שליסען, אז איין פאקט האט געמוזט זיין די אורזאכע פון דעם צווייטען. אז א שטאט מוז רואינירט ווערען, ווען עס ווערען פון איהר פארטרי־בען טויזענטער מענטשען, וואס האבען זיך באשעפטיקט מיט האנ־דעל, איז קלאר. וואס איז שייך אבער די שטעט וואוהין די אי־דען האבען זיך געראטעוועט, דארף מען ערסט וויסען, צי יענע שטעדט זיינען פאר דעם אנקומען פון די אידען שוין אויך געווען האנדעלס־שטעט, אדער עס זיינען געווען ניט מער ווי פאליטי־שע אדער רעליגיעזע צענטרען, וואו דער עולם פלעגט אין געוויסע

חגאות צוזאמענפאהרען זיך אויף א יריד, און ווען די אידען האבען זיך דארטען באזעצט, האבען זיך די קליינע שטעטלאך ענטוויקעלט אין גרויסע האנדעלס־צענטרען. אויב אזוי, טו מעג מען דענקען, אז די אידן האבען דארטען געמאכט דעם אנהויב פון קאפיטאליזם; אויב זיי זיינען אבער געקומען אויף אלעם פארטיקע, טו הייסט דאס, אז ניט זיי האבען געשאפען דעם קאפיטאליזם, נאר זיי האבען פאר זיך דארטען געפונען א פלאץ, דערפאר, וואס די ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליזם האט זיי געגעבען א געלעגענהייט צו מאכען א לעבען פון האנדעל. איז אויף דערויף דער תירוץ, אז אין דערין ליעגט דאך טאקע דער קאפיטאליסטישער גייסט פון די אידען, וואס, ווען זיי האבען געדארפט נעהמען דעם וואנדער־שטעקען, האט זיי אימער געצויגען אין אזעלכע לענדער, וואו דער געשעפט איז געוועזן לעבעדיק. דאס וואלט געוועזן א גוטער תירוץ, ווען עס וואלט געוועזן ריכטיק. פאקטיש אבער, האבען זיך דאס רוב אידען באזעצט אין די סלאווישע לענדער, וואו דער געשעפטס־לעבען איז ביז דער לעצטער צייט געוועזן זעהר שלאפעדיק און דער קאפיטאליזם הויבט זיך אן ערסט צו ענטוויקלען אין דער גאר לעצטער צייט, נאכדעם ווי די אידען זיינען דארטען אפגעזעסען עטלאכע הונדערט יאהר.

די מאסען־אויסוואנדערונג פון די רוסישע אידען אין דער צייט פון די לעצטע דרייסיק יאהר ליפערט די בעסטע געלעגענהייט נאכצופארשען, וואס דער „קאפיטאליסטישער גייסט“ פון די אידישע אויסוואנדערער קען אויפטאן, ווארים די פאקטען ליגען פאר אונדזערע אויגען. פארגלייכט די רעזולטאטען פון דער אידישער איינוואנדערונג אין אמעריקע און אין פאלעסטינע. דאכט זיך, דיזעלביקע אידן, פון דערזעלביקער לאנד, אויסגעוואקסען אין דיזעלביקע אידעען—אויב עס ליגט אין זייער בלוט דער קאפיטאליסטישער גייסט, טו האט ער זיך געדארפט לאזען פילען אי אין פאלעסטינא, אין אין אמעריקע. וואס־זשע לאזט זיך אויס? אין אמעריקע האבען די רוסישע אידען אין דער צייט פון די דרייסיק יאהר ארויסגעגעבען א סך קאפיטאליסטען אויף אלערליי געביטען. זיי האבען אריינגענומען אין זייערע הענט געוויסע אינדוסטריען, הויפטזעכלאך די פאבריקאציע פון קליידער. אין פאלעסטינא האבען זיי קיין קאפיטאליסטישע אינדוסטרי ניט געשאפען. א קליינע צאל האבען זיך באזעצט אין די קאלאניעס; די, וואס האבען זיך ניט גע־

קענט צופאסען צו דעם לעבען פון די קאלאניעס, זיינען גרעסטענ־
טיילס אריבערגעקומען קיין אמעריקע; די וואס זיינען געבליבען
אין לאנד, מאטערען זיך אויף אלערליי אופנים אין די פאר שטעט.
דער זאמבארט׳שער „קאפיטאליסטישער גייסט" האט זיי ניט גע־
האלפען. דער אונטערשיד איז קלאר באשיימפערלאך: דער
אמעריקאנער קאפיטאליזם האט געגעבען די איינגעוואנדערטע רו־
סישע אידן די מעגלאכקייט צו באטייליגען זיך אין דער קאפיטא־
ליסטישער טעטיקייט פון לאנד: אין פאלעסטינא האט דער הויך־
לער „קאפיטאליסטישער גייסט" זייערער ניט פארמאגט צו שאפען
אפילו קיין אנפאנג פון קאפיטאליזם.

פארשטעהט זיך, זינט די אידען זיינען געווארען א פאלק פון
סוחרים, האבען זיי געשפילט די ראלע פון פיאנערען אין אלערליי
צווייגען פון דעם וועלט־האנדעל. נאך זאמבארט׳ס מעטאדע אבער,
וואו עס לאזט זיך נאר נאכווייזען, אז די אידען האבען זיך פאר־
נומען מיט א געוויסען געשעפט, הייסט דאס שוין, אז מסתמא
שטאמט דער גאנצער געשעפט ניט אנדערש ווי פון א אידישער
קעפעלע.

למשל, א פינפטל פון אלע סוחרים, וואס פלעגען קומען אויף
די דייטשע ירידע׳ן אין דער צייט פון 1767 ביז 1839, זיינען גע־
ווען אידן (ז. 26). ווייזט דאך דאס, אז פון יעדע פינף סוחרים
זיינען דאך פיר געווען גוים. פון וואנען־זשע איז דאס געדרונ־
גען, אז נאר דער איין איד האט געלעגט דעם פונדאמענט פאר
דעם קאפיטאליזם, און ניט די פיר גוים?

די ראלע וואס די אידן האבען געשפילט אין דעם געלט־גע־
שעפט איז גוט באקאנט. דער בארימטער דייטש־אידישער יו־
ריסט גאלדשמידט ווייזט אין זיין ווערק איבער האנדעלס־רעכט, אז
די אידן האבען געשאפען די אנווייזונג, ווייל אידישע מלוים זיי־
נען שוין מיט א יאהר אכט־ניין הונדערט צוריק געווען טעטיק אין
אלע לענדער און זיינען געווען פארבונדען אונטעראייבאנדער. דאס
איז געווען דער אנהויב פון דעם באנק־געשעפט. דערפון אבער,
וואס ביי דער גרינדונג פון דעם אמסטערדאמער באנק, פון דעם
האמבורגער באנק און אפילו פון דעם באנק און אינגלאנד האבען
אנטייל גענומען א פאר אידען, איז נאך ניט געדרונגען, אז דער
באנק־געשעפט איז אין יענע צייטען אויך געבליבען א אידישער
געשעפט. גאנץ פארקערט. עס זיינען דאך אין די דאזיקע אונ־

טערנעמונגען טעטיג געווען א סך מערער גוים ווי אידען — פארוואס־זשע קומט דער גאנצער כבוד דוקא די אידען?

אין דעם קרעדיט, פארשטעהט איהר, ווייזט זיך ארויס דער אידישער גייסט, וואס איז מקריב דעם היינט פאר דעם מארגען, און אין דערין ליגט די „נאטור“ פון דעם קאפיטאליזם. (ז. 330). איז דאס אבער כאראקטעריסטיש איינציק און אליין פאר דעם קאַ־פיטאליזם? און וואס איז אקערבוי און ספעציעל גערטנעריי? א גערטנער, וואס פארפלאנצט א פרוכט־בוים, מוז ווארטען עט־לאבע יאהר איידער ער וועט פון איהם האבען פרות. און גערטנע־ריי האט עקזיסטירט מיט טויזענטער יאהרען פריהער פאר דעם קאפיטאליזם.

דער איד פאסט זיך פון נאטור פאר א בערזען־ספעקולאנט, ווייל ער האט אימער געקאנט גוט רעכענען (ז. 322). עס איז אבער א פאקט, אז ניט די אידען האבען די בערזע געשאפען. זאמבארט ווייזט אליין, אז די אידען האבען נאך אין מיטען פון דעם זעכצענ־טען יאהר־הונדערט אפיציעל ניט געהאט קיין צוטריט צו דעם לאנ־דאנער סטאק עקסטשענדזש.

דער געזעץ איז שוין אין יענער צייט ניט זעהר שטרענג אפגע־היט געווארען, דער פאקט אבער, אז עס האט עקזיסטירט אזא געזעץ, איז דאך א קלארער באווייז, אז עס איז געווען א צייט, ווען דער לאנדאנער סטאק־עקסטשענדזש איז געווען אין די הענט פון ענג־לענדער. אין 1697 האבען די אידען און אלע אויסלענדער צוזא־מען אויסגעמאכט ניט מער ווי 20% פון אלע בראוקערס (מעקלער) אויף דער לאנדאנער סטאק־עקסטשענדזש, דאס הייסט, אז 80% זיינען געווען געבארענע ענגלענדער. אין בערלין, וואו עס זיינען געווען מער אידען איידער אין ענגלאנד, האבען די אידען מיט הונ־דערט יאהר צוריק אויסגעמאכט אן ערך א העלפט פון דער בערזען־קאמיטע, אבער די אנדערע העלפט זיינען דאך געווען דייטשען.

די פירענדע ראלע פון די אידן אויף דעם פראנצויזישען געלד־מארק הויבט זיך אן נאר אין דעם 19טען יאהרהונדערט. עס זיינען אבער דאך שוין געווען פינאנסיסטען אין פראנקרייך פאר יענער צייט? נו, טו איז „זעהר לייכט מעגליך“, אז שוין אין דעם 17טען און אין דעם 18טען יאהרהונדערט זיינען געווען א סך אידען

טעטיק אין דער פינאַנץ־וועלט, אָבער היות ווי אידען האָבען זיך דעמאָלט ניט געטאָרט באטייליגען אין אזעלכע געשעפטען, „איסט זעהר לייכט מעגליך“, אַז זיי האָבען זיך אָנגעגעבען פאַר קריסטען (ז. 56). דאָס זיינען די באווייזע, עס קען זיין אַז יע, עס קען זיין אַז ניט.

צו זאָגען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער בערזע שטאַמט דערפון, וואָס דעם אַלטען מאיר־אַנשעל ראָטשילד׳ס זיהן האָבען זיך באזעצט אין לאָנדאָן, אין פּאַריז, אין וויען און אין נעאַפּאָל, „אונד דאַמיט בירגערטע זיך ביים פּובליקום די געוואָהנהייט ערסט רעכט איין, זיין געלט אויך אין פרעמדען פּאַפּירען אַנצולעגען“ (ז. 116). — פּאַסט פּשוט ניט פאַר אַ פּראָפּעסאָר פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע. ס׳הייסט, ווען דער אַלטער ראָטשילד וואָלט געווען אַ בעזדיעטניק, וואָלט אפשר עד היום הזה די וועלט ניט געוואוסט פון דער אינטערנאַציאָנאַליטעט פון דער בערזע.

אָבער לאָז זיין, אַז די ראָטשילדס האָבען „דייטליך אויפגעדריקט“ דער בערזע איהר „אינטערנאַציאָנאַליטעט“, איז דאָס נאָך פאָרט ניט קיין באַוויז, אַז די אידען האָבען געשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם, וואָרים זאָמבאַרט אַליין באַמערקט, אַז אין אדאַם סמיט׳ס באריהמטען בוך „איבער דעם רייכטום פון פעלקער“, וואָס איז ערשינען אין דער צווייטער העלפט פון אַכצענטען יאָהרהונדערט, ווערט מיט קיין איינציקען וואָרט ניט דערמאָנט וועגען דער בערזע. דער קאַפּיטאַליזם איז אין דער צייט פון אדאַם סמיט שוין געווען היבש ענטוויקעלט, זיין בוך ווערט באטראַכט פאַר דעם גרונד־שטיין פון דער קלאַסישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, דאָס הייסט, אַז אין יענער צייט האָט נאָך די בערזע ניט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע אין דעם קאַפּיטאַליסטישען געשעפטס־לעבען. פּראָדוקציאָן איז דעמאָלט געווען די הויפּטזאַך, און אין דער אינדוסטריע האָבען די אידן ניט געשפּילט קיין הויפּט־ראָלע. זאָמבאַרט גיט אַליין צו, אַז די אינדוסטריע וואָלט זיך „אָהנע זי... עבענזאָ ענטוויקעלט“ (ז. 132־133).



מילא, אויב דער איד האָט ניט געשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם, טו איז ער אָבער געווען דער פּיאָנער פון די מאָדערנע געשעפטס־

מעטאדען וואס היינט־צו־טאג זיינען זיי אנגענומען פון דער גאנ־צער וועלט: ער האט איינגעפירט פרייע קאנקורענץ. די אידען האבען געבראכען מיט אלע פארצייטיקע מנהגים פון האנדעל און האנדווערק: זיי האבען פארקויפט וועלוועלער איידער די גוים, זיי האבען אדווערטייזט זייער סחורה וואס די פארצייטיקע סוחרים האבען באטראכט פאר אונאנשטענדיק, זיי האבען געזוכט צוצוציהען קונדען דורך אויסגעפוצטע פענסטער, זיי פלעגען אנשלאגען זייער סחורה צו די קונדען. דאס ערקלערט זאמבארט גאנץ ריכטיק דורך זייער „פרעמדקייט“ און „האלב־בירגערטום“. די גוי'אישע ארגא־ניזאציעס פון קרעמער און בעלי מלאכות זיינען פאר די אידען גע־ווען פארשלאסען, דעריבער האבען זיי זיך ניט גערעכענט מיט דער גוי'אישער אפיציעלער עפענטלאכער מיינונג: ווען זיי האבען ניט געפאלגט די גוי'אישע מנהגים, האבען זיי זיך ביי זיך ניט געפילט פאר אונגערעכט, ווארים זיי האבען די דאזיקע מנהגים געהאלטען פאר אונזיניק. און די פרעמדקייט פון די אידען קומט פון זייער רעליגיע, וואס האט פון זיי געפאדערט, זיי זאלען זיך האלטען פון ווייטען פון די גוים, ניט דערפון וואס די גוים האבען זיי ניט צוגע־לאזען צו זיך.

איז אבער ווידער א קשיה: אויב די אידישע אפגעזונדערט־קייט שטאמט פון דער אידישער רעליגיע, טו ווי קומט עס, אז די אשכנזים האבען געלעבט אין א געטא, בעת די ספרדים האבען ניט געלעבט אין א געטא? די רעליגיע איז דאך אי ביי די, אי ביי יענע געווען דיזזעלביקע. איז דער תירוץ, אז מסתמא זיינען זיי פון נאטור געווען פארשיעדענע סארטען אידען, כאטש דאס „לאזט זיך מיט די איצטיקע מיטלען ניט ענטשיידען“, (ז. 432), עס איז אבער בלי־ספק אזוי!

דאס וואס ער ווידערשפרעכט זיך אליין אויף יעדען שריט, קומט דערפון וואס ער האט איבערגעקערט די געשיכטע קאפויר און וויל דוקא אויספירען, אז דער אידישער גייסט איז געווען דער קוואל, ניט דער פראדוקט פון דער אידישער טעטיקייט. ווען

מען באטראכט אונפארטייאיש די פאקטען, וואס זאמבארט דער־צעהלט אליין, מוז מען קומען צו דער איינזיכט, אז די אלטע מנהגים, מיט וועלכע די אידן האבען געבראכען, וואלטען אהן זיי אויך געבראכען געווארען, ווארים זיי זיינען געשטאנען אין וועג פון דעם פראגרעס פון געשעפט. עס איז דאך א פאקט, אז אין דער צייט ווען די גוי'אישע סוחרים הויבען זיך אן צו באקלאגען אויף זייערע אידישע קאנקורענטען, אז זיי פירען זיך ניט לויט דער סוחר'שער עטיקע, האט מען זיך שוין אן די געבאטען פון דער דאזיגער עטיקע ניט זעהר שטארק געהאלטען אפילו אין גוי'־אישע קרייזען (ז. 152—153).

ווייטער, אויך ווי ווייט די געשעפטסמעטאדען פון די אידן אין דעם אנפאנג פון דער קאפיטאליסטישער צייט ערקלערען זיך מיט זייער „האלב־בירגערטום", שטאמט דאך די אידישע רעכטלא־זיקייט זיכער ניט פון דעם גייסט פון דעם אידישען רעכט. זאמ־בארט זאגט זיך אגב אוועק אין אנאנדער שטעלע גאר פארקערט, אז די באשרענקונג פון די אידישע רעכטע האט כמעט קיין באַ־דייטונג ניט געהאט פאר דיווירטשאפטליכע ענטוויקעלונג פון די אידען (ז. 207). זיינע אייגענע פאקטען אבער רעדען קעגען איהם.

נעהמט למשל דעם „אינהאבער־פאפיר", וואס ער האלט פאר זעהר א וויכטיקען אויסדרוק פון דעם „אידישען גייסט".

לאמיר אייך ערקלערען וואס דאס איז אזוינס. די אידען האבען די ערסטע איינגעפירט, אז ווען אן עקספעדיטאר שיקט ארויס ווארע, זאל אין דער קוויטאנציע חוץ דעם נאמען אויף וועלכען זי ווערט געשיקט, אויך שטעהן געשריעבען, אז זי מעג געליפערט ווערען צו יעדען איינעם, ווער עס וועט ווייזען די קווי־טאנציע. דאס פלעגט מען טאן דערפאר וואס אין די אלטע צייי־טען, ווען מען פלעגט שיקען ווארע איבער'ן ים, האט דער איד מורא געהאט פאר פיראטען, ווארים בארויבען א אידען איז אין יענער צייט געווען כמעט א מצוה, און דער איד האט געוואוסט, אז די ריכטער וועלען זיך פאר זיין קריוודע ניט אנעמען. דער־ריבער פלעגט ער אויסשטעלען די קוויטאנציע אויף אן אויסגע־טראכטען גוי'אישען נאמען און דערנאך פלעגט שוין דער איד אויף דעם אנדערען ענד קומען מיט דער קוויטאנציע און אפנעמען די ווארע. דאס איז נעווען א גאנץ

קלוגער איינפאַל, און דערפון האָבן זיך ענטוויקעלט וואָס דער דייטש רופט „אינהאַבער־פּאַפּירען“ (אויף ענגליש „טו בערער“ אויף רוסיש — „נא פּרעדיאַוויטיעליא“). אָבער ווען איהר באַטראַכט די מעשה טיפער, וואָס איז דאָ דער גרונד, „דער גייסט דעם יודישען רעכטס“, אָדער די גוי׳אישע גזירות?

# VI

אויב איהר ווילט זעהען ווי דער „ספּעציפיש אידישער גייסט“ האָט געווירקט וואו ער איז געווען פריי, טו דאַרפט איהר וואַרפען אַ בליק אויף אַמעריקע, „ווארים דאָס וואָס מען רופט אַמעריקאַניזם איז צו זעהר אַ גרויסען טייל קיין אַנדער זאַך ניט ווי דער אידישער גייסט“ (ז. 44). „עס איז ניטאָ קיין אַנדער לאַנד וואָס זאָל זיין אַזוי אָנגעפילט מיט דעם אידישען וועזען פון אויבען ביז אַרונטער ווי די פאַראייניקטע שטאַטען“ (ז. 39). איהר ווילט וויסען, פון וואַנען ער נעמט דאָס? פון די בריעף וואָס פּרעזידענט רוזוועלט און דער געוועזענער פּרעזידענט קליוולאַנד האָבען צוגעשיקט צו דעם 250־יעהריקען יובילעאום פון די אידען אין אַמעריקע! אַזוי ווי מען וואָלט געקאָנט נעמען ערנסט אַ פּאָר שעהנע פראַזען וואָס אַן אַמעריקאַנער פּאָליטישען האָט געזאָגט ביי אַזאַ שמחה.

נאַטירליך, איז דאָס ניט זיין איינציקער אויטאָריטעט, ער מיינט, אַז ווען מען שטודירט די דאָקומענטען, מוז מען קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז „אַמעריקע איז אין אַלע איהרע טיילען אַ יודען־לאַנד“ (ז. 31). וואָס־זשע שטעהט אין די דאָקומענטען?

ערסטענס, האָבען די מאַטעמאַטישע און אַסטראָנאָמישע אַרבייטען פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגאַלישע אידען מעגלאַך געמאַכט דעם פאָרען אויף שיפען איבער׳ן אָקעאַן. צווייטענס, האָט קאָלומבוס געקראָגען אויף הוצאות ביי אידען. אויף זיין ערסטע רייזע האָט ער געקראָגען אַן הלואה ביי לואיס דע סאַנטאַנכעל, און אויף די צווייטע רייזע האָט איהם קעניג פערדינאַנד געגעבען פון די געלט וואָס די שפּאַנישע רעגירונג האָט אָװעקגערויבט ביי די פאַרטריבענע אידען. (מען מוז צוגעבען, אַז ווען די שפּאַנישע אידען וואָלטען ניט אָנגעקליבען קיין געלט, וואָלט פערדינאַנד ניט געהאַט וואָס ביי זיי צו נעמען).

דריטענס, זיינען „אַללער וואהרשיינליכקייט נאָך... גרעסערע שאַרען פאָן יודען" אַריבערגעקומען אויף האָלענדישע און פּאָרטוגאַלישע שיפען קיין וועסט־אינדיע, — געננוי ווייס מען דאָס נאָך ניט (ז. 30). עס איז אָבער באַקאַנט, אַז אין דעם זיבעצענטען יאָהר־הונדערט איז די צוקער אינדוסטרי אין וועסט־אינדיע שוין געלעגען אין אידישע הענט, און די צוקער־אינדוסטרי איז אין יענע צייטען געווען דער פונדאַמענט פון דעם קאַפּיטאַליזם. (זייטען 37 און 38).

פערטענס, זיינען די ענגלישע קאָלאָניעס אין נאָרד־אַמעריקע שטענדיק קורץ געווען אין געלט, וואָרים זיי האָבען קיין אייגענע פאַבריק־אינדוסטרי ניט געהאַט און יעטוועדע זאַך פלעגען זיי מוזען קויפען אין ענגלאַנד. די געלט וואָס זיי האָבען נויטיק געהאַט פלעגען זיי זיך פאַרשאַפען דורך דעם האַנדעל מיט וועסט־אינדיע, און דער דאָזיקער האַנדעל איז געלעגען אין די אידישע הענט.

היינט, ווער האָט מעגלאָך געמאַכט די קאָלאָניזאַציע פון די וועסט? עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז פון 1843 ביז 1846 האָבען אידישע קאַפּיטאַליסטען אַריבערגעבראַכט אין טעקסאַס גאַנצע פינף טויזענד עמיגראַנטען פון אייראָפּאַ (ז. 46). אין אַלגעמיין, ווען עס פלעגען זיך אַוועקלאָזען צוואַנציק פאַמיליעס ערגעץ אין די וועסט, פלעגען זיך ניינצען פון זיי באַזעצען אויף די פאַרמס און די צוואַנציקסטע פלעגט עפענען אַ דזשענעראַל סטאָר, (אַ קראָם וואו מען האַלט אַלערליי וואַרע) — אָהן דעם דאָזיקען קרעמער וואָלטען די ניינצען פאַמיליעס ניט געקענט עקזיסטירען מיט זייער פאַרמעריי; און ווען מען וואָלט געקענט מאַכען אַן אונטערזוכונג, וואָלט מען אודאי אויסגעפונען, אַז דער קרעמער איז געווען אַ איד (זייטען 44 און 45). אמת, קיינער האָט עס קיינמאָל ניט אונטערזוכט, עס איז איצטער אומנעגלאָך דאָס צו אונטערזוכען, און מען קאָן דעריבער ניט וויסען, וואָס אַזאַ אונטערזוכונג וואָלט אויפגעוויזען. עס איז גענוג אָבער וואָס זאָמבאַרט זעהט דאָס מיט זיין „גייסטיגען אויג" (ז. 45)*).

---

*) זאָמבאַרט'ס אויג דערקענט אַ אידען, וואו קיינער האָט פאַר איהם גאָר קיין חשד ניט געהאַט, אַז דאָס איז אַ איד. אַט איז למשל דער פינאַנס־מיניסטער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, ראָבערט מאָריס. זיין גאַנצען

שליסלאך, שטיצט זיך זאמבארט אויף די ראלע וואס די אי־דען האבען געשפילט אין דער ענטוויקלונג פון קאליפארניא אין יענער צייט ווען מען האט דארטען געפונען גאלד, און וואס זיי שפילען היינטצוטאג אין דעם באנק־געשעפט, אין פילע אייזען־באנען און טראסטס, אין דעם האנדעל מיט תבואה, קאטאן און טאבאק. אמת, ער גיט צו אז לויט דער צאל אידישע קאפיטא־ליסטען און דער פראפארציע פון דעם געשעפט וואס זיי קאנטרא־לירען, איז ניט קענטיק, אז זיי זאלען זיין די בעלי־בתים איבער דער אמעריקאנער אינדוסטרי, אבער אויב נאך ניט היינט, „טו ערשיינען שוין די פאראייניקטע שטאטען אין פופציק אדער הונ־דערט יאהר ארום אין אונזער פאנטאזיע גאנץ קלאהר אלס א לאנד וואס וועט באשטעהען נאר פון סלאווען, נעגערן און אידען, וואו די אידען וועלען נאטירליך שוין האבען געוואונען די פירערשאפט אין דער אינדוסטרי“ (ז. 41).

# VII

ווי מיר האבען געזעהען, קריכט זאמבארט פון די כלים צו דערווייזען, אז די אידען זיינען פארשידען פון די זולוסען און די עסקימאסען, און דעריבער מוז מען זיין בלינד ניט צו זעהען אז זייער איינפלוס אויף די ענטוויקלונג פון די לענדער וואו זיי האַ־בען זיך באזעצט, האט געמוזט זיין גאר אנאנדערער, ווי ווען אנ־שטאט אידען וואלטען „אין די וועסט־אייראפעאישע לענדער זייט

---

לעבען האט ער געגאלטען פאר א גוי. ווען איהר קוקט אויף זיין בילד, האט ער קיין טראפען עהנלאכקייט ניט געהאט צו א אידען. עס איז באקאנט, אז זיין ווייב איז געווען די שוועסטער פון דעם ערסטען אנגליקאנישען בישאף פון פענסילוויניא. באגראבען ליגט ער הינטער א קלויסטער אין פילאדעלפיא. אין דער ענסיקלאפידיא בריטאניקא איז איבער זיין אידישקייט קיין ווארט ניטא. אין דער „דזשואיש ענסייקלאפידיא“, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען דא, אין אמעריקא, איז זיין נאמען אין גאנצען ניט דערמאנט. אבער ביי זאמבארט'ן איז ער אויף פאררעכענט פאר א אידען (ז. 59). ער שטיצט זיך אויף א באמערקונג אין די ביאגראפיע פון ראבערט מאריס'ן וואס איז גע־שריבען געווארען פון דעם בארימטען פראפעסאר סאמנער פון יעיל אוני־ווערסיטעט, יענער ווייס אבער קיין ווארט ניט צו זאגען וועגען מאריס'עס אי־דישקייט.

דעם אויסגאנג דעם מיטעל־אלטערס... גאַרילאָס איינגעוואַנדערט" (ז. 298). דאָס איז גאַנץ שעהן, ניט דאָס אָבער האָט ער גע־דאַרפט באַווייזען. די פראַגע איז ניט, צי די אידען האָבען געהאַט אַן איינפלוס אויף דעם לעבען פון יענע לענדער, נאָר וואָס פאַר אַן איינפלוס. זאָמבאַרט זאָגט, אַז דער איינפלוס איז באַשטאַנען אין דעריין וואָס זיי האָבען „אויסגעטראַכט" דעם קאַפּיטאַליזם. און דאָס האָט ער ניט געקענט באַווייזען, פּשוט דערפאַר וואָס קיינער האָט דעם קאַפּיטאַליזם ניט אויסגעטראַכט, נאָר ער איז אויס־געוואַקסען אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען וועג פון דער „אַרבייטס־טיי־לונג אין דער מאַנופאַקטור" (וואָס מען רופט סעקשאַן־אַרבייט אין דער שניידער־אינדוסטרי דאָ אין אַמעריקע), ווי מאַרקס האָט גע־וויזען אין דעם ערסטען בוך פון „דאָס קאַפּיטאַל". דיעזע פאָר־מע פון אַרבייטסטיילונג האָט זיך צוערסט ענטוויקעלט אין דעם אַכצענטען יאָהר־הונדערט אין דער ענגלישער מאַנופאַקטור־אינ־דוסטרי, וואו די אידען האָבען געהאַט זעהר אַ קנאַפּען אַנטייל. דער קאַפּיטאַליסט האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם אָרגאַניזאַטאָר אין דעם שאַפּ (ז. ז. 191 און 192). ווען ער האָט איינגעשפּאָרט אַרבייט דורך סעקשאַן־אַרבייט, האָט ער דערביי פּראָפּיטירט. דער אָנגעקליבענער פּראָפיט איז קאַפּיטאַל.

צו זיין אַ האַנדווערקער, אַ בעל־מלאכה, איז נויטיק שכל, קונסט. דער סעקשאַן־סיסטעם מאַכט די אַרבייט אַזוי איינפאַך, אַז זי קען געטאַן ווערען פון אַ רעדעל אין אַ מאַשין פּונקט אַזוי גוט און אפילו בעסער ווי פון דער מענטשליכער האַנט. אויף דעם אופן איז פון דער סעקשאַן־אַרבייט ארויסגעקומען די מאַשין. און די מאַשין האָט געשאַפען אַ די ריזיקע פאַבריקעס פון דעם נייַנצענ־טען יאָהר־הונדערט, דאָס הייסט דעם היינטיקען קאַפּיטאַליזם. ווי עס איז „נאַריש" אַפּצולייקענען דעם רייכטום פון די אידישע נבירים דערמיט וואָס „דער רייכסטע מאַן אין דייטשלאַנד אָדער דריי רייכסטע מענער אין דען פעראייניגטען שטאַטען זינד נערא־דע קיינע יודען" (ז. 213), פּונקט אַזוי נאַריש איז עס ווען זאָמ־באַרט וויל אויספירען, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אידישקייט אין לייטעשע זאַכען, דערפון וואָס עס זיינען אין אַלע צייטען געווען אַ סך אידישע קאַפּיטאַליסטען.

# סאָציאַליזם און אנטיסעמיטיזם.

---

אין רוסלאנד, קען מען זאָגען, הויבט זיך אָן דער אנטיסעמי־טיזם פון די פּאָגראָמען פון 1881. דאָס איז געווען אין יענעם מאָ־מענט, ווען דער איינפלוס פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא" איז גע־שטיגען ביז צו דער העכסטער שטופּע אין רוסלאַנד. מיט א יאָר פריי־הער האָט מען זיך גערעכט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזען, אַז ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער וועט פאַלען פון די הענט פון די טעראָ־ריסטען, קען דאָס ארויסרופען אַן אויפשטאַנד פון פּאָלק געגען אַלע פּריצים, געגען אלע „סיורטוטשניקעס", דאָס הייסט וואָס טראָגען אַ סורדוט אנשטאט א סיערמאגע. די פּויערים זיינען געווען טריי צו אַלעקסאנדער דעם צווייטען, אלס זייער באפרייער, און זיי האָבען געהאַלטען די רעוואָלוציאָנערען פאר פּריצים, וואָס האָבען זיך צו־בונטעוועט אנטקעגען עם, פאַרוואָס ער האָט פון זיי אוועקגענומען זייערע קנעכט. די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך גערעכט אז דאָס פּאָלק וועט זיך נוקם זיין אָן אלע „פּריצים" פאר דעם טויט פון דעם קיסר, און אז זיי אליין, די רעוואָלוציאָנערען, וועלען ניט פארשווינט ווערען פון דעם פּאָלק'ס צאָרן. אָבער די „נאַראָדנאַיאַ וואָליא" איז געווען צופרידען צו פּאַלען ווי שמשון הגבור אונטער די רואינען פון דעם צאריזם. די רעוואָלוציאָנערען פון יענער צייט האָבען געהאט אזאַ גלויבען אין דעם פּאָלק אַז עס האָט זיך זיי געדוכט: זאָל נאָר אויסברעכען אַן אלגעמיינער בלינדער פּאָלקס־אויפשטאַנד, מוז ער זיך ענדיקען מיט דעם שטורץ פון דער צארישער רעגירונג און מיט דער איינפירונג פון דעם „פּאָלקסווילען".

און דער „אויפשטאַנד" האָט אויסגעבראכען. ער האָט אָבער אָנגענומען אזאָ פּאָרמע אַף וועלכע די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך גאָר ניט גערעכט: אנשטאָט צו שלאָגען די פּריצים און די טשינאָוו־ניקעס, ווי די רעוואָלוציאָנערע נביאים האָבען ערווארטעט, האָט זיך „דאָס פּאָלק" גענומען שלאָגען אָרעמע מארק אידענעס און אי־דישע קרעמערלאַך. נאַטירליך, אזא „רעוואָלוציע" האָט גאָר ניט גע־מוינט, אָבער עס איז פּאָרט געווען א „רעוואָלוציע", און די קיעווער

סאָציאַליסטען האָבען געוואָלט זי אויסנוצען געגען די רעגירונג. מען האָט אָפּגעדרוקט אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער עס איז געשטאַ־נען: „געגנוג שוין צו שלאָגען אידען, קומט שלאָגען פּריצים און טשינאָווניקעס". די זשאַנדאַרן האָבען פאַרכאַפּט די דרוקעריי ביי דער אַרבייט און די מענטשען וואָס מען האָט געפונען האָט מען פאַרשיקט אַף קאַטאָרזשנע ראַבאָטע.

די פּראָקלאַמאַציע האָט ריכטיק איבערגעגעבען די מיינונג פון די רעוואָלוציאָנערען וועגען די פּאָגראָמען: מען האָט זיך גערעכנט אַז אַף די אידען וועט דער פאָלק זיך לערנען מאַכען רעוואָלוציעס, און ווען דער מוזשיק וועט זיך אַביסעל אונטערלערנען, וועט ער דע־מאָלט מאַכען אַ ריכטיקע רעוואָלוציע געגען דעם גאַנצען היינטיקען סיסטעם.

וואָס זיינען אָבער די אידען שולדיק? פאַר וואָס זאָלען זיי זיין אַ קרבן פאַר די זינד פון די דוואָריאַנעס און דער רעגירונג? אָנע־מען, אַז דער פאָלק קען אויסלאָזען זיין כעס צו אונשולדיקע מענ־טשען, וואָלט געווען אַ געפערלאַכער קלאַפּ פאַר דעם גלויבען אין דעם מוזשיק, אין אַ פאָלקס־רעוואָלוציע. יעדער בונט איז אַ קליינע רעוואָלוציע, אַלזאָ, אַ היילינע זאַך, — ווי קען אַ רעוואָלוציע זיין אונגערעכט? ווען דער פאָלק בונטעוועט זיך, איז דער פאָלק גע־רעכט און יענע געגען וועמען ער בונטעוועט זיך זיינען מסתמא אונ־גערעכט. ווען דער צאָרן פון פאָלק זיך האָט אויסגעלאָזען צו די אידען, באַווייזט דאָס נאָר, אַז פון אַלע עקספּלואַטאַטאָרס שטעהען די אידען צו עם נעהענטער און דערפאַר איז זיין האַס געגען זיי שטאַרקער. דאָס זיינען געווען די רייד פון די נאַראָדניקעס אין די „אַכציקער" יאָרען.

מיינט ניט, אַז די נאַראָדניקעס זיינען געווען פינסטערע שונאי ישראל ווי די שוואַרץ־מאה'ניקעס מיט פינף און צוואַנציק יאָר שפּע־טער. נאָר זייער אידעאַל איז געווען אַ מוזשיצקע מדינה, דער איד, וואָס וויל ניט זיין קיין מוזשיק און לעבט פון ווינט, איז אַ פּיאַווקע וואָס זויגט אויס די בלוט פון דעם מושזיק, פּונקט אַזוי ווי דער רו־סישער קולאַק.

דער פאָלק בונטעוועט זיך געגען אידען, אַלס אמת'ע דעמאָ־קראַטען מוזען מיר זיין מיט דעם פאָלק געגען אַלע זיינע אונטער־

דריקער: **אלס רעוואָלוציאָנערען, מוזען מיר אונטערשטיצען יעדע רעוואָלוציאָנערע פאָלקסבאַוועגונג.**

דערפון קענט איר זעהן ווי לייכט דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם פון די נאַראָדניקעס איז בעאיינפלוסט געוואָרען דורך דעם אידען־האס פון דעם מוזשיק. נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם אַנטיסעמיטיזם צווישען דער פאָרטגעשריטענער אינטעליגענציע. ווען היינט האַלטען נאָך די רעאַקציאָנערען אין רוסלאַנד פאַר'ן אַנטיסעמיטיזם, טו מוז מען דערפאַר באַדאַנקען די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאַטירליך מ'קען אף דעם זאָגען, אַז עס איז צו פאַרדאַנקען ניט נאָר דער רוסישער, זאָנדערן נאָך מערער דער אידישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער באַוועגונג. אָבער ערסטענס איז די אידישע סאָציאַל דעמאָקראַטישע באַוועגונג אויסגעוואַקסען פון דער רוסישער און צווייטענס, איז די רוסישע סאָציאַל דעמאָקראַטיע אופגעטרעטען צו גונסטען פון אידען נאָך אין יענע צייטען, ווען עס איז נאָך אין רוסלאַנד ניט געווען ניט קיין אידישע און ניט קיין גויעשע ארבייטער־באַוועגונג, נעמליך נאָך דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין בריסעל אין 1891. דאָס איז געווען באַלד נאָכדעם, ווי די רוסישע רעגירונג האָט ארויסגעטריבען דרייסיק טויזענט אידען פון מאָסקעווע. די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטען פון ניו־יאָרק האָבען באַשלאָסען צו שיקען אַ דעלעגאַט צום אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס, מיט אַ רעזאָלוציע וואָס האָט פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם. דער דעלעגאַט האָט געדאַרפט אויפפאָדערן דעם קאָנגרעס גוטצוהייסען די רעזאָלוציע אים נאָמען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם*).

די רעזאָלוציע פון די ניו־יאָרקער פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטען איז געמיינט געווען אלס וואָפע צו באַקעמפּפען דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט דעמאָלט געבושעוועט אין רוסלאַנד. דער קאָנגרעס האָט זיך אָבער ענטזאָגט אויסדריקליך אויסצושפּרע־

---

*) די איניציאַטיווע פון דעם פּלאַן האָט געהערט מר. מאַגידאָוו'ן, וועלכער איז דעמאָלט געווען טעטיק אין דער ארבייטער באַוועגונג. דער דעלעגאַט איז געווען מר. אברהם קאהאן. איך בין געווען דער פּערפאַסער פון דער רעזאָלוציע אין פראַנצויזיש.

כען זיך נעגען דעם אנטיסעמיטיזם. ביי דער דעבאטע וועגען דער
רעזאָלוציע זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען עטלאכע קאָמפּלימענ־
טען פאר דעם אידישען פּראָלעטאריאט פון אמעריקע, מען האָט
אָבער אָנגענומען א רעזאָלוציע, וואָס האָט פארדאמט צוגלייך די
„אויסשטרייטונגען פון אנטיסעמיטיזם און פילאסעמיטיזם". דער
טייטש פון „די אויסשטרייטונגען פון פילאָסעמיטיזם" איז די הע־
צעריי נעגען גוים אוים ליבע צו אידען! די רעזאָלוציע איז געווען א
פּשוט'ער אונזין. וועגען איהר האָט דעמאלט פּלעכאנאָוו געשריבען
אין דעם רוסישען זשורנאל „סאָציאל־דעמאָקראט":

„דער קאָנגרעס האָט זיך אין דער אמת'ען ענטזאגט צו באַ־
טראָכטען די יודען־פּראגע. דער באשלוס איז באגרינדעט געווען אף
דער מיינונג, אז דער פּראָלעטאריאט האָט קיין מאָל ניט געהעצט
און האָט ניט געקענט העצען נעגען אידען. דאָס איז טאַקע אמת,
אָבער דאָס באווייזט נאָך גאָרנישט ניט".

דאָ פארגלייכט ער דעם באשלוס וועגען דער אידען־פּראָגע מיט
־עם באשלוס וועגען דער פרויען־פּראגע, און זאָגט ווייטער אזוי:

„דאָס זעלבע מעג מען זאָגען וועגען דער אידען־פּראגע: הגם
מיר סאָציאָליסטען זיינען שוין פריהער אויך שטענדיק געווען פאר
פּאָלקאָמע גלייכבארעכטיגונג פון אַלע מענטשען, אָן אונטערשיעד
פון ראַסע אָדער רעליגיאָן, אָבער כל־זמן עם זיינען פאראַן לענדער,
וואו די פיינדליכע פּארטייען סטארעווען זיך אריינצושטופּען די
אַרבייטער אפ'ן וועג פון דער אַנטיסעמיטישער בעוועגונג, טו וועט
עם זיין גאַנץ אָם פּלאַץ אויפצופאָרדערן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַר־
טייען, זיי זאָלען שאַרף אויסשפּרעכען אין זייערע פּראָגראמען די
פאָדערונג פון גלייכע רעכטע פאר די בירגער פון יעדער לאנד, צו
וואָס פאר אַ ראַסע אָדער רעליגיאָן זיי מעגען זיך באלאנגען... נעגען
אַזאַ באשלוס וואָלט מען ניט געקענט געפינען קיין ערנסטען ארגו־
מענט.... דעם פילאָסעמיטיזם קען מען ניט פארגלייכען מיט דעם
אנטיסעמיטיזם. ווען עס וואָלט עקזיסטירט א אידישע מדינה, וואו
די אידען וואָלטען געהאט ספּעציעללע רעכטע אלם אידען, און די
קריסטען וואָלטען געווען אונטערדריקט, ווייל זיי זיינען קריסטען.
דעמאָלט וואָלט דער אמענדמענט וועגען פילאסעמיטיזם געווען אם
פּלאַץ. אָבער די „פילאסעמיטישע" העצעריי געהט פאָר (אויב זי
נעהט פאָר) אין קריסטליכע מדינות, וועלכע האָבען גאָר קיין חשש

ניט צו געבען די אידען ספּעציעלע פּאָליטישע אָדער בירגערליכע־רעכטע; ענדליך איז דער פילאסעמיטיזם נאָר ניט אזא גרויסע פּאָ־ליטישע געפאהר ווי דער אנטיסעמיטיזם; דעריבער פארלירט דער אמענדמענט יעדען זין".

ווי אַזוי זשע איז עס פאָרגעקומען, אַז דער קאָנגרעס, וואס איז באשטאַנען פון די פארטרעטער פון די סאָציאַליסטישע פּארטייען פון אָלע לענדער, האָט ניט איינגעזעהען אזא איינפאכע זאך? עס זיינען געווען אין דעם קאָנגרעס אַ פּאָר פראנצויזישע סאָציאַליסטי־שע אנטיסעמיטען, זיי האָבען עס אריינגעבראכט דעם אמענדמענט. די רעזאָלוציע, וועלכע דער בעלגישער סאָציאַליסט וואָלדערס האָט פון אָנהויב געהאט אריינגעבראכט, האָט זיך ערקלערט פאר דעם קלאסענקאמפף און געגען דעם אנטיסעמיטיזם, „אלס א מאניעוור וועלכען די קאפּיטאַליסטען און די רעאקציאָנערע רעגירונגען בא־נוצען אום אריינצוברייינגען מחלוקות צווישען די אַרבייטער און אראָפּצופירען די סאָציאַליסטישע באוועגונג פון איר ריכטיקען וועג". צום שלום איז געשטאַנען: „דערפאר געפינט דער קאָנגרעס פאר איבעריק צו באטראכטען די פראגע, וועלכע איז פארגעלעגט געוואָרען פון דעם דעלעגאט פון די אידיש־שפּרעכענדע אמעריקאנער סאָציאַליסטען".

אָבער, ווי געזאָגט, דער אנטיסעמיטישער אמענדמענט איז אָנ־גענומען געוואָרען מיט אַ מאַיאָריטעט. פאר וואָס? די געשיכטע דעקט אויף קלאָר דעם אונטערשיד פון סאָציאַליסטישע טעאָריע און סאָציאַליסטישע פּראַקטיק. פּלעכאַנאָוו, אלס טעאָרעטיקער, האָט געוויס ריכטיק אויסגעדריקט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַנדפּונקט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בוקט זיך ניט פאר דעם „פאָלק", זי פארטרעט נאָר איין קלאָס, דעם פּראָלעטאַריאַט, דעם אַרבייטער־קלאָס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט ניט נתפּעל פון יעדער שלעגערייִ: זי וויל נאָר אַ קלאסען־באוואוסטע פּראָלעטארישע רעוואָלוציאָן; אַ פּאָגראָם איז פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַנדפּונקט רעאַקציאָנער, ניט רעוואָלוציאָנער, ווייל ער איז ניט געריכטעט געגען דעם קאפּיטאַליסטישען קלאָס, נאָר געגען אַ פאָלק, וואס באשטעהט פון אלערלייִ קלאסען. דאָס איז טעאָריע. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך דעמאָלט געווען א קליינע אויסלענדישע גרופּע און האָט זיך אפילו ניט געהאַלטען פאר בא־

רעכטיקט צו שיקען א פארטרעטער צו דעם אינטערנאציאנאלען סאָ־ציאליסטישען קאָנגרעס. דערפאר איז איר טעאָריע געווען ריין ווי גאָלד. אַנדערס אָבער איז געווען די לאַגע אין דייטשלאַנד און באַזונדערס אין עסטרייך. דאָרטען זיינען געווען א סך אַנטיסעמיטען; א סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטישען וויל אריינכאַפּען וואוטס פּונקט ווי יעדער אנדערער פּאָליטישען. בעבעל האָט זיך אויסגע־דריקט אז „דער אנטיסעמיטיזם איז דער סאָציאַליזם פון דעם דומען קערל“. דאָס איז געווען די אַלגעמיינע מיינונג צווישען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטישענס. די רעזאָלוציע וועגען די „אנטיסע־מיטען און פילאָסעמיטען“ איז אָנגענומען געוואָרען אין דער האָפ־נונג אריינצונארען דערמיט דעם דומען קערל און מאכען עם פאר א קלוגען סאָציאַליסט. אידישע וואוטס זיינען אין דייטשלאַנד פאַראַן זעהר וועניק. איינרייסען מיט די אנטיסעמיטען צוליב די אי־דען האָט מען דעריבער ניט געוואָלט.

אין עסטרייך האָט דער אַרבייטער־קלאַס נאָך דעמאָלט קיין וואוטס ניט געהאַט, ער האָט נאָך געפיהרט א קאַמפּף פאר דאָס אַל־געמיינע שטימ־רעכט. די אַנטיסעמיטען זיינען געווען א שטאַרקע פּאַרטיי, און דערפאר איז דער איד וויקטאָר אַדלער געווען דער ענט־שידענסטער געגנער פון דער רעזאָלוציע פון די ניו־יאָרקער פּאַראיי־ניקטע אידישע געווערקשאַפטען.

די חניפה האָט ניט געהאָלפען. די אַנטיסעמיטען האָבען קיין חשק ניט געוויזען צו ווערען סאָציאַליסטען, קורץ נאָכדעם האָבען זיי זיך אָרגאַניזירט אין א פּאָליטישע פּארטיי, און זיינען געוואָרען די בעלי־בתים פון אדלער׳ס געבורט־שטאָט וויען. מיט זעקס יאָר שפּע־טער האָט דער אַרבייטער־קלאַס געקראָגען דאָס רעכט צו שטימען אין דער זאָגענאַנטער פינפטער קוריע, די אַנטיסעמיטען זיינען גע־וואָרען די געפעהרליכסטע געגנער פון די סאָציאַליסטען. דער כיט־רער סאָציאַליסטישער פּאָליטישען וויקטאָר אדלער איז געשלאָגען געוואָרען פון די „סאָציאַליסטישע דומע קערלען“ אין וויען; און די גאַליציאַנער אידען אין שטריימאַלאך האָבען געשיקט סאָציאַליס־טישע דעפּוטאַטען אין דעם רייכסראַטה. זינט יענער צייט איז די האָפענונג צו מאַכען סאָציאַליסטען פון אנטיסעמיטען פארשוואונ־דען און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געצוואונגען געווען אויפצו־נעמען דעם קאַמפּף מיט די אנטיסעמיטען.

די איינפירונג פון דעם אלגעמיינעם און גלייכען שטימרעכט האט ביי דער ערסטער וואהל, אין 1907, פארשטארקט די פארטרע־טונג אין דעם רייכסראט איינערזייטס פון די סאציאל־דעמאקרא־טען, אנדערערזייטס פון די אנטיסעמיטען, וועלכע האבען געצוויגען צו זיך דאס רוב פון די רעאקציאנערע עלעמענטען, און דערזעלביקער סאציאלדעמאקראטישער פירער, דר. וויקטאר אדלער, וועלכער האט ניט געהאלטען פאר פאסענד, אז דער אינטערנאציאנאלער סאציא־ליסטישער קאנגרעס זאל זיך אננעמען פאר די אידישע „בורזשוא־זיע" פון רוסלאנד אין דעם יאר פון גירוש מאסקעווע, האט איצטער ערקלערט, אז די וויכטיקסטע אופגאבע פון זיין פארטיי וועט זיין צו באקעמפפען דעם אנטיסעמיטיזם, דאס הייסט פירען א קאמפף פאר די אידישע בורזשואזיע פון עסטרייך!

דער ביישפיל ווייזט אז סאציאליסטען געווינען גארנישט ווען זיי פרובירען צוליב דעמאגאגישע צוועקען צו פארגעסען אן די אלגעמיינע דעמאקראטישע פרינציפען: רעאקציאנערען מאכט מען דערמיט ניט פאר סאציאליסטען, מיט דעם נאכגעבען די רעאקציא־נערען שטארקט מען נאר די רעאקציע. זאלען דאס געדענקען אונ־זערע אמעריקאנער סאציאליסטען, אידישע און ניט אידישע, וואס חנפ'ענען זיך אונטער צו די ראסען־פאראורטיילטע פון די אפגע־שטאנענע אמעריקאנער, אין דער האפענונג ארייצוכאפען זייערע שטימען.

# JESZCZE POLSKA NIE ZGINĘŁA!

---

אין פוילען האט זיך ווידער צוברענט א רעוואלוציאנערער פייער, וואס איז פיעל שטארקער איידער די רעוואלוציאנערע באוועגונג אין רוסלאנד. א חוץ די פיר הונדערט טויזענט ארבייטער וואס זיינען ארויס אין סטרייק פאר ארבייטער־פארדערונגען און די באפרייאונג פון פוילען, טראגט דער גאנצער פוילישער פאלק, יונג און אלט, טיף אין הארצען א באגער פאר נאציאנאלע אונאבהענגיקייט. מיר אידען האבען דערווייל נאך זעהר ווייניק געטאן צו באווייזען אונזער סימפאטיע מיט דער פוילישער רעוואלוציאנערער באוועגונג. מיר קלייבען געלט פאר די רוסישע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, פאר די רוסישע סאציאל־דעמאקראטען, אז פוילען האט מען פארגעסען. עס איז פאראן אין ניו־יארק אן ארגאניזאציאן פון דער פ. פ. ס. (פאלסקא פארטיא סאציאליסטיטשנא). זי באשטעהט מייסטענס פון פוילישע אידען, אבער מי נעמט איהר אויף ווי עפעס א ווייטע קרובה פון א קליינשטעטל. דאס איז איינער פון די טרויריקע רעזולטאטען פון דער רוסישער פאליטיק. עס מעג אייך פארקומען מאדנע, ווי אזוי עפעס קען די רוסישע רעגירונג אויף אונדז רוסישע רעוואלוציאנערען האבען אן איינפלוס? עס איז אבער פארט אזוי. מיר אלע ווילנער, קאוונער, גראדנער, מינסקער, פינסקער אידלאך זיינען געווארען רוסען. מיר ריידען רוסיש, מיר אינטערעסירען זיך מיט דער רוסישער ליטעראטור, פוילען איז אונדז פרעמד. עס וואלט אזוי ניט באדארפט זיין. די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק זיינען ענג פארבונדען מיט דער צוקונפט פון פוילען און עס איז וויכטיק, אז

---

*) דער ארטיקעל איז ערשינען אין דער „פרייער ארבייטער שטימע“ פון דעם 18טען פעברואר, 1905. ער איז דא איבערגעדרוקט, אלס דאקומענט, אום צו ווייזען, ווי איך האב געדענקט אין יענער צייט. מיין איצטיקע מיינונג וועגען דער פראגע וועט דער לעזער געפינען אין דעם נעקסטען ארטיקעל: „די פאליאקען און די אידען“.

איצטער, אויף דעם שוועל פון דער פוילישער רעוואָלוציאָן, זאָלן דער איד און דער פּאָליאַק זיך איינער דעם אַנדערן געבען די האַנט ווי ברידער.

די פּאָליאַקען האָבען צו די ליטווישע אידען אַ ביטערע טענה. סטייטש, זאָגען זיי, ווערענד מי האָט אייך פאַרפאָלגט און געטרי־בען פון גאַנץ אייראָפּע, האָבען מיר אייך געגעבען אַ היים און פּרנסה. כּל־זמן פּוילען האָט זיך נאָך געהאַלטען שטאַרק, האָט איהר אַלע גערעדט פּויליש. באַלד אָבער ווי דער קאַצאַפּ איז גע־וואָרען רער בעל־הבית איבער ליטע, זייט איהר איבערגעגאַנגען צו אונדזער שונא, אייערע קינדער קענען שוין אפילו קיין פּויליש ניט.

בעת דעם לעצטען מיאַטעזש זיינען די אידישע אינטעליגענטען אין ליטע אויפגעטראָטען אַלס איבערצייגטע רוסישע פּאַטריאָטען. די שטימונג צווישען די אויפגעקלערטע אידישע יונגע לייט איז גוט געשילדערט אין לעוואַנדא'ס ראָמאַן „גאַריאַטשעיע ווריעמיא". איהר האָט אונדז אריינגעלאָזען אין אייער לאַנד, האָט דער געבילדעטער איד געענטפערט דעם פּאָליאַק, אָבער איהר האָט אונדז באַהאַנדעלט מיט פאַראַכטונג, איהר האָט פון דעם אידען געמאַכט אַ פאַקטאָר. רוסלאַנד גיט אונדז בילדונג און מיט בילדונג אויך מענטשענרעכט. מיר וועלען דערפאַר האַלטען מיט רוסלאַנד.

דער האַס פון דעם אידען צום אַלטען פּוילען איז גאַנץ באַ־גרייפלאַך. די שטיקל ברויט וואָס ער האָט פאַרדינט פון דעם פּריץ איז געווען באַנאַסען מיט אידישע טרערען; די אידישע האָרץ איז געווען פאַרביטערט פון אייביקע באַליידיגונגען, און ווען עס איז געקומען דער רוס און האָט גענומען שטיקען דעם פּריץ, האָט דער איד געהאַט נקמה.

די רוסישע רעגירונג האָט זיך גענומען פאַר די „אָברוסיעניע קראַיא". די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון פּוילען, אידען און פּויערים. מילא, ווער רעדט פון פּויערים? דעם פּאָליאַק איבערמאַ־כען אויף אַ רוס האָט זיך די רעגירונג ניט געריכט, עס איז אַלזאָ געבליבען סך הכל דער איד. און די רעגירונג האָט זיך גענומען צו מאַכען דעם אידען פאַר אַ רוס. מי האָט פאַר איהם געמאַכט רוסישע שקאָלעס און גימנאַזיעס, רוסישע טעאַטערע, רוסישע צייַ־טונגען; עס האָט ניט גענומען קיין צוואַנציק יאָהר און ליטע איז

**געוואָרען רוסיש. די רעגירונג האָט אויסגעפיהרט איהר פּלאַן. דער פּאָליאַק איז געלעגען טיף באַגראָבען אין דר'ערד, דעמאָלט האָט זי זיך גענומען פאר דעם אידען.** די טובות פון דער רוסישער רעגירונג זיינען פאר די לעצטע פיר און צוואַנציק יאָהר איהם אַרויס באָקאָם, אויף וואָס קען ער האָפען אין דער צוקונפט? די מאַסען אידען וועלען פארבלייבען אין פּוילען און אין ליטע, ניט עמיגראַציע, ניט ציוניזמוס וועלען דאָ ניט העלפען. אז אין דער היינטיקער וועלט זיינען אַלע אידעאַלען ווערט אַ פּעים, אויף דערוויף האָבען מיר אַ ביישפּיל דאָ הי, אין אונדזער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. די איינציקע זאַך, וואָס האָט אַ ווערדע, איז מאַכט. עס איז קלאָר, אַז זעקס מיליאָן אידען אין אַ מדינה פון הונדערט און פערציק מיליאָן מענטשען זיינען גאָרנישט, ווערענד דיזעלביקע זעקס מיליאָן, ווען זיי מאַכען אויס מער ווי אַ העלפט פון אַלע שטאָטישע איינוואוינער, זיינען טאקע אַ פּאָליטישע מאַכט. צווישען אידען איז פארברייט די מיינונג, אַז דער פּאָליאַק איז פון נאַטור אַן אַנטיסעמיט, דער רוסישער אַנטיסעמיט אַבער איז דאָך ניט בעסער. אנדערערזייטס וועט שוין די אידישע ארבייטערקלאַסע זיך היינט ניט לאָזען טרעטען מיט די פיס. דאָס פּריצ'ישע פּוילען איז טויט, דאָס היינטיקע פּוילען איז אַ הויך־ענטוויקעלטע אינדוסטריעלע לאַנד מיט אַ שטאַרקער בורזשואַזיע און מיט אַ גרויסער ארבייטערקלאַסע. די צוויי קלאַסען וועלען טיילען צווישען זיך די פּאָליטישע מאַכט אין אַ פּוילישער רעפּובליק, און די אידען באַלאַנגען צו דיביידע קלאַסען. אין דעם פרייען פּוילען וועט דער איד זיין אַ גלייכער בירגער מיט אַלע אַנדערע.

ניט אין אוגאַנדא, ניט אין ירושלים, דער צוקונפטיקער ציון איז אין דער באַפרייטער ווארשע. דער אידישער אַרבייטערבונד וועלכער טרעט אויף אים נאָמען פון דעם אידישען פּאָלק האָט געזאָלט אויפשטעלען די אומאַבהענגיקייט פון פּוילען זיינע הויפּטפאָדערונגען.

---

# די פאליאקען און די אידען.*)

אום אויסצומיידען אלע מיספארשטענדניסע, וויל איך אויף פריהער קלאר מאכען מיינע פערזענליכע באציהונגען צו די פאליאקען. איך בין א ליטוואק, ניט קיין פוילישער. מיין מוטער האט גערעדט גוט פויליש, אבער מיין קינדער־שפראך איז פון אנהויב געווען אידיש, און פון זעקס יאר אן האב איך אנגעהויבען צו רעדען אויסשליסלאך רוסיש. אין מינסק, וואו איך בין אויפגעוואקסען, זיינען די פאליאקען געווען די אריסטאקראטען און אויף די אידען האבען זיי געקוקט פון אויבען אראפ, ווי אויף א נידעריקען קלאס. די מאסע אידען האבען מיט די פאליאקען קיין אומגאנג ניט געהאט, חוץ אין געשעפט. מיין פאטער האט פינף און דרייסיק יאהר געהאט א שטעל אין אבאנק, וואס איז געלעגען אין פוילישע הענט. אלע זיינע קאלעגען, מיט איין אויסנאם, זיינען געווען פאליאקען. וואס איז שייך מיר אליין, זיינען אין מיינע צייטען אין גימנאזיע געווען זעהר וועניק אידישע שילער. אין מיין קלאס בין איך עטלאכע יאהר געווען דער איינציקער איד, אלזא, האב איך געהאט פילע חברים און פריינט צווישען די פוילישע שילער. אבער ווען עס פלעגט אמאל אויסקומען מיין פאטער אדער מיר אליין אריינצוגעהן צו אונזערע פוילישע באקאנטע, האבען מיר, דורך די פוילישע העפלאכקייט אימער געפיהלט, אז מען לאזט זיך ארונטער צו אונז. מיין פאטער איז געווען ביי זיך שטאלץ, און דעריבער האט ער זיך געהאלטען אן דער פאליטיק צו זיין א גוטער פריינט פון ווייטען מיט די פאליאקען.

רעדען פויליש איז אין גימנאזיע געווען שטרענק פארבאטען. די גאנצע לופט איז געווען א רוסיפיקאטארישע. א אידישע אינטעליגענציע אין ליטע האט זיך פאיאוועט ערשט נאך דעם פוילישען אויפשטאנד, ווען די רוסישע רעגירונג האט צוליב פאליטישע צוועקען געעפענט די גימנאזיעס פאר אידישע קינדער. אויף דעם

---

*) ערשיענען דעם 4טען און דעם 16טען מיי, 1915.

אופן האט די רעגיערונג געמאכט פון די אידען א רוסישען עלע־מענט אין ליטע. די אידישע אינטעליגענציע האט קיין סימפאטיע צו די פוילישע אריסטאקראטען ניט געקענט פיהלען. א גוטען בילד פון דער שטימונג צווישען די אידען בנוגע צו די פאליאקען מיט פערציק־פופציק יאהר צוריק געפינט איהר אין לעוואנדא׳ס ראַ־מאן פון דעם פוילישען אויפשטאנד : „גאריאטשעיע וורעמיא“. די טיפען פון די אידישע פאוסטאנצעס, וואס ער שילדערט דארטען, זיינען ענטוועדער געפאלען אין קאמפף, אדער זיי האבען זיך גע־ראטעוועט אין אויסלאנד צוזאמען מיט זייערע פוילישע חברים. די אידישע אינטעליגענציע, וואס איז פארבליבען, האט געהאלטען מיט דער רעגיערונג, וועלכע האט דעמאלט נאך געגאלטען פאר כלומרשט „ליבעראל“.

די רוסישע רעוואלוציאנערע פראפאגאנדא האט דערגרייכט אונדזער שטאט מינסק מיט פערציק יאהר צוריק. דער פיאנער פון יענער באוועגונג לעבט מיט אונדז דא, אין ניו־יארק. די רעוואַ־לוציאנערע באוועגונג האט נאך מעהר פארשטארקט דעם רוסישען איינפלוס צווישען דער אידישער אינטעליגענציע, ווארים די פוילי־שע סאציאליסטישע באוועגונג איז געבארען געווארען ערסט מיט עטלאכע יאהר שפעטער, אין 1878, אונטער דעם דירעקטען איינ־פלוס פון דער רוסישער סאציאליסטישער פראפאגאנדא צווישען די פוילישע סטודענטען פון דעם פעטערבורגער אוניווערסיטעט.

די ערסטע פוילישע סאציאליסטישע ארגאניזאציע צווישען די סטודענטען פון דעם ווארשאווער אוניווערסיטעט איז באלד, אין דעם זעלבען יאהר ארעסטירט געווארען. ווען עס איז באקאנט גע־ווארען, אז צווישען די ארעסטירטע געפינען זיך עטלאכע מינסקער פוילישע סטודענטען, איז עס פאר אונדז אידען געווען א וואונדער, ווארים מיר האבען זיי געדענקט פון גימנאזיע אלס פארביסענע אריסטאקראטען, וואס האבען אויף אונדז אפילו ניט געוואלט קו־קען.

דערפון קענט איהר פארשטעהן, אז אין יענע יאהרען בין איך גאר ניט געווען באגייסטערט פאר די פאליאקען. מיין באציהונג צו די פאליאקען האט זיך געענדערט מיט א פאר יאהר שפע־טער, אין סיביר, וואו איך האב זיך צוזאמענגעטראפען מיט פוי־לישע פארשיקטע. דארטען האבען מיר געלעבט אין אן ענגען

קרייז און מיר זיינען געווארען גוטע חברים. ווען איך בין אפגע־וועז מיין צייט אין סיביר און געקומען צוריק קיין מינסק, האב איך זיך ענהענטער באקענט מיט די ראדיקאלע פאליאקען, איך האב זיך אויסגעלערענט פויליש און בין געווארען פריינדלאך צו פוילען, מיין שטעלונג צו דער פוילישער פראגע האב איך מיט א יאהר צען צו־ריק אויסגעדריקט אין אן ארטיקל אין דער „פרייער ארבייטער שטי־מע", אונטער דעם קעפל „יעשטשע פאלסקא ניע זגינעלא". מיט אכט יאהר צוריק אין א רעדע, וואס איך האב געהאלטען ביי א וואהל פארזאמלונג אין מינסק האב איך אויסגעשפראכען די מיינונג, אז די אידען און פאליאקען זיינען שכנים און מוזען פארבלייבען שכנים. און דעריבער דארפען זיי געהן האנד־אין־האנד פאליטיש. די ציו־ניסטען האבען מיך דערפאר זעהר ביטער פארדאמט בעשעת מעשה.

פון דער הקדמה קענט איהר זעהען, אז מען קען מיך ניט חושד זיין אין נאציאנאלען האס געגען די פאליאקען. אבער טעאריעס קענען ניט אויסהאלטען דעם אנשטורם פון פאקטען. איך קען אן אינטעליגענטע אידישע ווייבעל, וואס איז אויפגעהאדעוועט געווא־רען אין ווארשע אין א פויליש־אסימילאטארישער פאמיליע און איז א יאהר צוואנציק געוועזן באגייסטערט פאר די „פ. פ. ס.". איך האב איהר געטראפען ארויסגעהענדיק פון רייכסראטס־אבגעארד־נעטען הויזנער'ס מיטינג אין ניו־יארק.

„איהר האלט דאך אודאי מיט פייגענבוים'ען, איהר זייט דאך א פאלקע", האב איך איהר געפרעגט אויף רוסיש.

„אה, ניין", האט זי מיר געענטפערט, „דאס איז שוין א זאך פון דער פארגאנגענהייט. עס איז שווער, אז מען דארף איבערביי־טען א וועלט־אנשויאונג מיט וועלכער מען האט אפגעלעבט פערציק יאהר, אבער מען קען דאך ניט זיין בלינד".

דאס איז א כאראקטעריסטישע ערשיינונג. די באיקאטים־טישע באוועגונג האט געמאכט א חורבן פון דער אידישער באגייס־טערונג פאר פוילען.

כדי די פאליאקען זאלען צוריקגעווינען דעם צוטרוי פון די אידען, דארפען זיי ווייזען מיט טאטען, ניט מיט ווערטער, אז זיי ווילען געהן אויף א נייעם וועג בנוגע צו די אידען.

עס האנדעלט זיך דא ניט וועגען א קלייניגקע גרופע איבערגע־בענע סאציאליסטען, וועמעס ערלאכקייט און גוטע אבזיכטען ביז איך ניט חושד. עס האנדעלט זיך דא אום די גרויסע מאסע פון דעם פוילישען פאלק, וואס האט זיך ארויסגעוויזען אזוי פארביטערט געגען די אידען.

פוילישע פאבריק־ארבייטער פראטעסטירען ווען א אידישער פאבריקאנט וויל אריינגעמען אידישע ארבייטער. דאס איז דער־זעלבער עקאנאמישער קאמפף ווי די ווייסע ארבייטער פירען גע־גען די שווארצע אין די סאוטה, אדער די אמעריקאנער געבארענע געגען די „פארינערס“ דא ביי אונדז, אין ניו־יארק.

עס וועלען זיך אפשר געפינען לייט, וואס וועלען זוכען תירוצים צו פארענטפערן די דאזיקע שטעלונג פון די פוילישע ארבייטער בנוגע צו די אידישע. מען דארף דאך אבער פארשטעהן, אז אונ־טער אזעלכע אומשטענדען מוז זיך פאר די אידען שטעלען די פראגע, וואס וועט זיין מיט די אידען, אויב די פאליאקען וועלען ווערען די בעלי־בתים איבער פוילען.

דער פרינציפ פון טעריטאריעלע אונאבהענגיקייט איז אן אנווענדונג פון דעם פרינציפ פון דעמאקראטיע: עס הייסט, אז ד ע ר פ א ל ק פון א געוויסער טעריטאריע איז בארעכטיקט זיך אליין צו רעגירען. דער עיקר איז, אלזא, דער פאלק, ניט די שטיקל ערד אויף וועלכער ער זיצט. עס קען זיך אבער טרעפען, אז די אונאבהענגיקייט פון דער טעריטאריע זאל גאר פיהרען צו דער פארשקלאפונג פון א טייל פון איהר באפעלקערונג, — מוז מען דעמאלט אויך איבערגעבען די שקלאפען־טרייבער די ממשלה אי־בער די שקלאפען אים נאמען פון „אויטאנאמיע“? איך וועל אייך געבען א היסטארישען ביישפיעל, טאקע גופא פון דער אמעריקאנער געשיכטע.

אין 1861 האבען זיך די סטעיטס פון די סאוטה אפגעטיילט פון די פאראייניקטע שטאאטען און האבען געגרינדעט אן אייגענע רעפובליק. דער קאנגרעס פון די פאראייניקטע שטאאטען האט זיי ערקלערט קריעג, אום צו צווינגען זיי צו פארבלייבען אין די פאראייניקטע שטאטען. פרודאן, דער בארימטער פראנצויזישער אנארכיסט, האט דעמאלט געהאלטען, אז די סאוטה איז גערעכט. אבער די אמעריקאנער „אבאלישאניסטס“, וואס האבען געקעמפפט

נעגען די שקלאפעריי פון די נעגערס, האבען אונטערשטיצט לינקאלן'ס פאליטיק, הגם פאר דער מלחמה האבען זיי אויך שטענדיק געזאגט, אז יעדער סטעיט מעג זיך אפטיילען פון די יונייטעד סטעיטס און זיך ערקלערען אונאבהענגיק. פארוואס זיינען זיי געווען ניט קאנסעקווענט? גאנץ איינפאך דערפאר, וואס עס זיינען דא געקומען אין צוזאמענשטויס צוויי פרינציפען: דער פרינציפ פון טעריטאריעלע זעלבסטשטענדיקייט און דער פרינציפ פון מענטשלאכע פרייהייט. זיי האבען געוואוסט, אז אויב מען זאל די סויטה לאזען זיין אונאבהענגיק, וועלען דארטען די שווארצע פארבלייבען שקלאפען, און די מענטשלאכע פרייהייט איז פאר זיי געווען בילכער ווי די טעריטאריעלע אונאבהענגיקייט.

ווען דער בירגער־קריג האט זיך געענדיקט און ווירדזשיניא האט ווידער געוואלט אריינקומען אלס א סטעיט, האט דער קאנגרעס פון איהר געפאדערט, זי זאל אננעמען א נייע קאנסטיטוציע, וואס זאל גאראנטירען די פרייהייט פון די שווארצע. די קאנסטיטוציע, וואס ווירדזשיניא האט פארגעלעגט פאר דעם קאנגרעס, האט געהאט אזא פונקט, וואס וואלט שפעטער איהר געגעבען די מעגלאכקייט איינצופירען דורך א געזעץ א פארמאסקירטע פארמע פון שקלאפעריי. דער קאנגרעס האט אפגעזאגט אריינצונעמען איהר אלס א סטעיט, איידער זי וועט איבערבייטען איהר קאנסטיטוציע, אום צו גאראנטירען די רעכטע פון די געוועזענע שקלאפען.

אן ענלאכע לאגע האבען מיר איצטער אין פוילען. עס האנדעלט זיך איצטער אום דער פאראייניקונג פון די פוילישע פראווינצען פון רוסלאנד, פרייסען און עסטרייך אין אן אונאבהענגיקער פוילען. ווער קען זיין דאגעגען אין פרינציפ? אבער זאל מען צו דער זעלבער צייט איבערליפערן די עטלאכע מיליאנען אידען, וואס וואוינען דארט, צו שקלאפעריי אונטער דעם יאך פון אן אנטיסעמיטישער פוילישער מאיאריטעט? א מינאריטעט האט אויך מענטשלאכע רעכטע, וואס די מאיאריטעט טאר ניט אונטערדריקען.

פינף הונדערט יאהר האבען די אידען אונטער דער פוילישער רעגירונג גענאסען דאס רעכט פון קולטור־נאציאנאלער אויטאנאמיע. זיי האבען געהאט זייער אייגענע זעלבסטפארוואלטונג, זייערע אייגענע חדרים און ישיבות — קיין אנדערע לעהר־אנ־

שטאַלטען האָבען זיי דעמאָלט ניט געוואָלט האָבען; אין זייער אי־נערן לעבען האָבען זיי זיך באַנוצט מיט זייער אייגענער שפּראַך, און קיינער האָט גאָר קיין פּרעטענסיעס צו זיי ניט געהאַט דער־פאַר.

די אונאָבהענגיקע פּוילישע רעגירונג האָט אַנאַרקענט די גלייכבאַרעכטיקונג פון דער זשמודזינער און דער ביעלאָ־רוסקער שפּראַכען אין די ליטווישע פּראָווינצען, פון דער מאַלאָרוס־קער שפּראַך אין „וואָלין“, אפילו אין אָפיציעלע דאָקומענטען.

עס מאַכט גאָר ניט אויס אין דעם פּרט, צי איינער איז אַ נאַציאָנאַליסט, צי ער גלויבט אין פּוילישע אַסימילאַציע. צוגע־בענדיק אפילו, אַז עס וואָלט זיין בעסער פאַר די אידען זיי זאָלען ווערען פּאָליאַקען, טאָר מען אָבער קיין פאָלק ניט צווינגען מיט גוואַלד צו אַסימילירען זיך.

ווייל דאָס מאָדערנע בעפרייטע פּוילען אָבזאָגען די אידען אין יענע רעכטע, וואָס זיי האָבען גענאָסען אין דעם מיטעלאַלטערי־שען, פעאָדאַלען פּוילען?

דער וואַרשעווער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט יאַגעלאָ האָט פּראָטעסטירט אין דער דומע געגען די פאַרפאָלגונגען פון די אידען. ער איז אויפגעטראָטען ניט נאָר פאַר די בירגערליכע רעכטע, אָבער אויך פאַר די נאַציאָנאַלע רעכטע פון דעם אידישען פאָלק.

„אין דער לעצטער צייט — האָט ער געזאָגט — האָט די רע־גירונג, מיט דער הילף פון די פּוילישע אַנטיסעמיטען, גענומען אַרויסטרייבען הונדערטער אידישע פאַמיליעס פון די פּוילישע דערפער... דער אידישער שפּראַך ענטזאָגט זי דאָס רעכט צו עק־זיסטירען.. פון די אידישע אָנפאַנגס־שולען איז די געבורטס־שפּראַך פון די קינדער אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אפילו אלס אַ למוד“.

אויסרעכענענדיק די „פאָדערונגען פון די אַרבייטער אין פּוי־לען“, פאַרלאַנגט ער „די גלייכבאַרעכטיגונג פון די נאַציאָנאַליטע־טען און געזעצען וואָס זאָלען זיי גאַראַנטירען די פרייהייט פון זיי־ער קולטורעלער ענטוויקלונג, און די אָפּשאַפונג פון אַלע נאַציאָ־נאַלע באַשרענקונגען, וואָס זיינען געריכטעט געגען די ניט־רוסישע נאַציאָנאַליטעטען, און בפרט געגען דער אידישער נאַציאָנאַליטעט“.

צו דערזעלבער צייט אבער דארף מען ניט איבערטרייבען די באדייטונג פון יאגעלא'ס ארויסטרעטונג. די סאציאליסטישע פאר־טיי איז ניט מעהר ווי א קליינע מינאריטעט אין פוילען. יאגעלא איז ערוועלט געווארען פאר די דומא נאר דורך א פאראייניגונג פון דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי און פון דעם „בונד“ מיט די פארטרעטער פון די אידישע בעלי־בתים, אדער אויף דעם אמע־ריקאנער־לשון — דורך פיוזשאן פון די סאציאליסטישע פארטייען מיט א „קאפיטאליסטישער“ פאליטישער ארגאניזאציע. אויב די אידען וואלטען געוואלט, האבען זיי געהאט גענוג שטימען צו שי־קען אין די דומא א אידישען באלעבאטישען קאנדידאט, דעריבער איז יאגעלא'ס שטעלונג אין דער אידישער פראגע — די ווירקונג פון דער אידישער עפענטליכער מיינונג א סך מעהר ווי דער אויס־דרוק פון דער שטימונג פון דעם פוילישען ארבייטער־קלאס.

די שטעלונג פון דער מאסע פוילישע פאבריק־ארבייטער צו די אידישע ארבייטער איז זעהר עהנלאך צו דער שטעלונג פון דער אמעריקאן פעדערעישאן און לייבאר צו אימיגראנטען. עס ליגט פאר מיר דער 24טער נומער פון דעם פוילישען סאציאליסטישען זשורנאל „קוזשניא“ פאר דעם יאהר 1913. דארטען זיינען פא־ראן צוויי ארטיקלען איבער „די אידישע פראגע צווישען די אר־בייטער“. דער ערשטער ארטיקעל טראגט די קעפעל „דער פראסטער אמת“, און איז גע'חתמ'עט „ה. ארוויטש“ (דאס זעהט אויס זעהר עהנליך צו „הארוויטש“). דער שרייבער זאגט דארטען, אז „דער און'חן פון די קריסטליכע ארבייטער צו זייערע נייע מיטארביי־טער... עקזיסטירט בלא ספק ביי די ברייטע מאסען פון די פויל־שע ארבייטער“. דער שרייבער פון דעם צווייטען ארטיקעל, ווי ס'ווייזט אויס א פאליאק, טארסקי, גיט צו, אז די פוילישע אר־בייטער האבען זיך נאך ניט באפרייט פון די „פאראורטיילען גע־גען די אידישע ארבייטער“, אבער זיין רפואה איז, אז די אידישע ארבייטער זאלען ניט „בלייבען קיין פרעמדער גוף אין דער פוילישער ארבייטער סביבה“. זיי זאלען זיך „דערנעהנטערען (צו די פוילישע ארבייטער) שפראכליך און קולטורעל... אויב זיי וועלען דאס ניט דאקאזשען צו טאן, וועלען זיי בלייבען פאריאס אין דעם ארבייטער־לעבען“.

בקיצור, אויב די אידישע ארבייטער וועלען זיך ניט אסימי־

לירען, וועלען די פוילישע ארבייטער זיי באהאנדלען ווי די נידריקסטע קלאסע.

דאס איז אלזא די לאגע אין רוסיש־פוילען. וועגען גאליציע האבען מיר דא געהאט א גאנץ אויסדריקליכע ערקלערונג פון דעם סאציאליסטישען דעפוטאט פון רייכסראט האוזנער'ן. ער איז געקומען אהער אלס דעלעגאט פון א פוילישען קאמיטעט, וואס באשטעהט פון פארטרעטער פון אלע פוילישע פארטייען, פון די סאמע רעאקציאנערע ביז די סאציאליסטען. דיעזער קאמיטעט באטראכט זיך פאר א סארט פראוויזארישע פוילישע רעגירונג. אין יענע געגענדען פון רוסיש־פוילען, וואס זיינען איצטער אין די הענט פון דער דייטשער ארמעע, לאזט זיי די דייטשע מיליטערישע רעגירונג טאן די ארבייט פון א לאקאלע אדמיניסטראציע. דערמיט מיינט זי, גאטירלאך, צו געווינען די סימפאטיע פון דער פוילישער באפעלקערונג. די פאליאקען האפען, אז אויב דייטשלאנד און עסטרייך וועלען געווינען, וועט פוילען ווערען אן אונאבהענגיקע מדינה, אזוי ווי אונגארן, צ. ב. ש. די אידען האט די פראוויזארישען פוילישע רעגירונג צוגעזאגט בירגערלאכע גלייכבארעכטיגונג, קיין נאציאנאלע גלייכבארעכטיגונג וויל די דאזיקע „רעגירונג“ דערווייל ניט געבען — זאגט האוזנער. — דאס וועלען די אידען מוזען אויסקעמפפען אין דעם באפרייטען פוילען, באנוצענדיק זיך מיט דער בירגערליכער גלייכבארעכטיגונג וואס זיי וועלען קריגען.

די ערפאהרונג פון דעמאקראטישע לענדער האט אבער באוויזען, אז גלייכע בירגערליכע רעכטע זיינען גאר א קנאפע פארזיכערונג פון אמת'ע גלייכבארעכטיגונג, ווען די רעכטע פון דער מינאריטעט זיינען ניט געזיכערט. לויט דער טעאריע קומט אויס, אז היינט זייט איהר אין דער מינאריטעט, איבער א יאהר קענט איהר אבער זיין אין דער מאיאריטעט, וועט איהר זיין אויפ'ן פערד; דעריבער האט איהר זיך ניט וואס צו באקלאגען, ווען זייענדיק אין דער מינאריטעט קענט איהר ניט אויספיהרען וואס איהר פארלאנגט. דאס איז די טעאריע, אין דער פראקטיקע אבער, וואו עס לעבען צוזאמען צוויי פעלקער, אדער צוויי ראסען, ווי צום ביישפיל, די ווייסע און די שווארצע, קען דער קלענערער פאלק קיינמאל ניט ווערען קיין מאיאריטעט, און דער גרעסערער פאלק קען ביי דעם קלענערען אוועקנעהמען אלע רעכטע, ווי מיר זעהען עס אויף דעם ביישפיל פון די נעגערס דא אין די סויטה.

אין פוילען, וואו עס עקזיסטירט אזא שנאה פון די פּאָליאַקען צו די אידען, וועט די גאַנצע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג ניט ווערט זיין קיין אויסגעבלאָזענע איי פאר די אידען, אויב די אי־דען וועלען ניט ווערען אַנערקענט פאר א באזונדערע נאַציאָנאַלי־טעט מיט איהרע נאַציאָנאַלע רעכטע. עס האנדעלט זיך דאָ ניט גלאַט אום נאַציאָנאַליסטישע אדער ציוניסטישע מעאָריעס, נאָר אום גאַנץ פשוט'ע רעאַל־פּאָליטיק.

דער דעלעגאַט פון דער „פּוילישער פּראָוויזאָרישער רעגירונג" אַנערקענט אָבער ניט די אידען פאר א באזונדערע נאַציאָנאַליטעט צוגלייך מיט אַנדערע. איך האָב איהם געשטעלט די פראַגע וועגען די זשמודזינעס אין סוואַוואַלקער גובערניע — וועלען זיי קריגען דאָס רעכט צו באַנוצען זיך אָפיציעל מיט זייער שפּראַך, און אויב זיי וועלען יע קריגען נאַציאָנאַלע רעכטע, טו פאַרוואָס ניט די אי־דען אויך? זיין ענטפער איז געווען, אז דאָס פרייע פוילען וועט באַשטעהן נאָר פון איין נאַציאָן — די פּאָליאַקען. אין ליטע וועט אויך זיין איין נאַציאָן — די זשומודזיענעס, אין מאַלאָראָסיע — די מאַלאָראָסען א. אז .וו. אין יעדען פון דיעזע נאַציאָנאַלע שטאַטען וועלען די אידען אַנערקענט ווערען פאר גלייכבאַרעכ־טיקטע בירגער פון דער הערשענדער נאַציאָן. דאָס הייסט, די אי־דען זיינען ניט קיין באַזונדערער פאָלק. זיי מוזען זיך אסימילירען מיט די אַרומיקע פעלקער.

מילא, וועגען אסימילאַציע מעג מען האָבען פאַרשיעדענע מיי־נונגען. איין זאַך איז אָבער קלאָר: אז עס מוז נעהמען צייט ביז וואַנען די אידען זאָלען קענען ווערען אסימילירט. דאָ אין אַמע־ריקע, מיט דעם סיסטעם פון די פּאָבליק סקולס, ווערט דער ערס־טער דור אימיגראַנטען ניט אסימילירט, און אין די פאַרמערשע דיסטריקטען, וואו די אימיגראַנטען לעבען גאַנץ אָפּגעזונדערט פון די אַמעריקאַנער, בלייבען אפילו די קינדער פון אימיגראַנטען ניט אסימילירט. איז אַז אַרעמע לאַנד, ווי פוילען, וואָס וועט נאָך א היבשע צייט ניט פאַרמאָגען צו האָבען אַזעלכע שולען ווי אַמעריקע, מוז די אַסימילאַציע געהן נאָך לאַנגזאַמער. דער פּועל יוצא דער־פון איז, אז לויט דעם פּראָגראַם פון די פּוילישע אסימילאַטאָרען וועלען די אידען פאַר די נעקסטע פופציק יאָהר געניסען גלייכבע־רעכטיגונג נאָר אויפ'ן פּאַפּיר.

פאַן האוזנער האָט פערלאַנקט מאָראַלישע שטיצע פאַר די פּאָליאַקען וואָס פיהרען אַ רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף פאַר די באַפרייאונג פון פּוילען. ער האָט דערצעהלט, אַז די פּראָוויזאָרישע פּוילישע רעגירונג האָט אָרגאַניזירט אַ פּוילישע „רעוואָלוציאָנערע אַרמעע“ פון פופציק טויזענט מאַן, וואָס שלאָגט זיך אויף דער זייט פון עסטרייך און דייטשלאַנד. וואָס פאַר אַ ווערדע פון אַ מיליטערישען שטאַנדפּונקט עס האָט היינט צו טאָג אַ פרייוויליגע אַרמעע פון פופציק טויזענט מאַן, ווען דייטשלאַנד און רוסלאַנד האָבען צוזאַמען מיליאָנען סאָלדאַטען אין פעלד, איז לייכט צו פאַרשטעהן. די דייטשע און עסטרייכישע רעגירונג האַלטען אַזאַ „פּוילישע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע“ פאַר אַ גוטען מיטעל צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

פאַן האוזנער האָט אָבער אַליין צוגעגעבען ביי דער קאָנפערענץ, וואָס ער האָט געהאַט מיט פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אידישע ריכטונגען, אַז די פּוילישע אונאַבהענגיקייט אָדער אויטאָנאָמיע וועט אויסגעפאָכטען ווערען פון די רעגולערע אַרמעען, וואָס שטעהען איצטער אין פעלד. וואָס די פּאָליאַקען וועלען באַקומען, וועט ניט זיין דער רעזולטאַט פון זייער „רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף“, נאָר פון דיפּלאָמאַטיע. די פּאָליאַקען וועלען קריגען דאָס, וואָס זיי וועלען אויסדינגען. אויב אַזוי, טו דאַרפען זיי קיין פּרעטענסיעס ניט האָבען צו די אידען, פאַרוואָס זיי ווילען זיך אויך דינגען פאַר זייערע אינטערעסען. דערמיט שטערען זיי דאָך ניט די פּאָליאַקען צו דינגען זיך פאַר זיך באַזונדער.

דער פּראָגראַם פון דער פּוילישער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, ווי פאַן האוזנער האָט איהם אויסגעלעגט, קען קיין צוטרויען צו איהר ביי אידען און איבערהויפּט ביי פאָרטשריטליכע מענטשען ניט ארויסרופען. ווי ער האָט אונז ערקלערט, וועט פאַר די ערסטע צעהן יאָהר אין דעם באַפרייטען פּוילען מוזען הערשען אַ דיקטאַטור. נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז די „פּראָוויזאָרישע רעגירונג“ באַשטעהט פון פינסטערע רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען, פאַרווייסט מיט אַ פּאָר סאָציאַליסטען, קען מען זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ מאכל די דיקטאַטור פון אַזאַ רעגירונג וואָלט זיין פאַר דעם פאָלק בכלל און פאַר די אידען בפרט. אויסבייטען אַ רוסישען וואָיעוואָדע גענעראַל־גובערנאַטאָר אויף אַ פּוילישען? אסור אויב איך פאַרשטעה פון וואָס מען דאַרף דאָ נתפּעל ווערען.

# וואס די פאליאקען זאגען צו די יאדען*)

צווישען די דעלעגאטען וואס זיינען געקומען קיין וואשינגטאן צום פארהער איבער קאנגרעססמאן לאנדאן'ס שלום רעזאלוציע איז געווען דר. פעליקס מלינארסקי, פאר דער קאנגרעס־קאמיטע איבער אויסלענדישע ענינים, דער דעלעגאט וואס דער פוילישער העכסטער נאציאנאל־קאמיטעט האט פאר א יאהרען געשיקט קיין אמעריקע צוזאמען מיט האוזנער'ן, דעם פוילישען סאציאל־דעמאקראטישען דעפוטאט פון גאליציע אין דעם עסטרייכישען רייכסראטה. דער דאזיקער נאציאנאל־קאמיטעט, ווי באקאנט איז צוזאמענגעשטעלט פון פארטרעטער פון אלע פוילישע פארטייען, פון די סאציאל־דעמאקראטען ביז די עקסטרעם קאנסערוואטיווע. דר. מלינארסקי איז ניט קיין סאציאליסט, אבער צוזאמען מיט איהם זיינען אויך געקומען א פאר פוילישע סאציאליסטישע דעלעגאטען פון שיקאגא קיין וואשינגטאן. די פוילישע און די אידישע דעלעגאטען האבען זיך צוזאמענגעטראפען פון אוועגד און האבען זיך דורכגערעט איבער דער אידישער פראגע אין פוילען. די פאליאקען זיינען אין דער פראגע אלע צווישען זיך געווען אייניק. דר. מלינארסקי האט מיר געגעבען זיין ביכל אין ענגליש, אונטער דעם טיטל „די פראגען פון דעם קומענדיקען שלום“, וואס איז אקארשט ערשינען. דער ביכל ענטהאלט 172 זייטלאך, און די אידישע פראגע ווערט דארט באהאנדעלט גאנץ געגוי. הגם דאס איז ניט קיין אפיציעלער דאקומענט, אבער עס איז פארעפענטליכט געווארען אין ענגליש פון דעם שליח פון דעם ארגאניזירטען פוילישען פאלק, אום באקאנט צו מאכען דעם אמעריקאנער עולם מיט דעם, וואס די פאליאקען ווינטשען. מיר מעגען דעריבער אננעמען דר. מלינארקי'ס בוך לכל הפחות פאר א האלב־אפיציעלע פראגראמע.

דר. מלינארסקי האלט מיט עסטרייך.

„עסטרייך־אונגארן, זאגט ער, האט געלייזט די פראבלעמע פון

---

*) ערשינען אין „טאג“ דעם 5טען מארט, 1916.

דעם צוזאמענלעבען פון פערשידענע נאציאנאליטעטען אין איין שטאט. אין דעם ניינצענטען פונקט פון דער עסטרייכיש־אונגארישער קאנסטיטוציע פון דעם יאהר 1867 שטעהט אז „אלע נאציאנאליטע־טען אין דער מלוכה האבען גלייכע רעכט און יעדער נאציאנאליטעט האט אן אונאנטאסטבארעס רעכט, (ווי דער טייטש זאגט, — ס'הייסט א רעכט וואס קיינער טאר ניט אנרירען) צו פארטיידיקען און ענטוויקלען איהר אייגענע נאציאנאליטעט און שפראך. גלייכע רעכט פאר אלע שפראכען אין די שולען, קאנצעלאריעס, אין די רעגיערונגס־קאנצעלאריעס, און אין דעם עפענטליכען לעבען ווערען אנערקענט פון דעם רעגירונג".

אזוי שטעהט אין דער קאנסטיטוציע. ווי האלט עס אין דער פראקטיקע?

„אין עסטרייך־אונגארן עקזיסטירען שטרייטיקייטען צווישען איינצעלנע נאציאנאליטעטען, זאגט דר. מלינארסקי, אבער דאס ענדערט ניט דעם פאקט, אז עסטרייך־אונגארן איז א שטאט, אין וועלכען יעדע נאציאנאליטעט האט איהר אוטאנאמיע און די מעג־לאכקייט פאר ענטוויקלונג". (ז. 61).

דאס איז אלזא דער גרונדשטיין פון דער קאנסטיטוציע פון עסטרייך־אונגארן, דאס איז דער פאליטישער אידעאל פון דר. מלי־נארסקי. מיט דעם קענען מיר אידען זיין גאנץ צופרידען.

די צרה איז אבער, וואס דאס איז אלץ „קראמיע יעווריעיעוו", דר. מלינארסקי לייקענט, אז „דאס דעמאקראטישע פוילען" איז אנטיסעמיטיש. ער שטיצט זיך אויף די מיינונג פון דעם פרעזידענט פון דער פוילישער „פראוויזארישער רעגיערונג", פראפעסאר יא־ווארסקי, וועלכער שטעלט ארויס אזא פראגראם:

„פוילען מוז פאלגען דעם ביישפיל פון די לענדער פון מערב־איראפא אין דער לייזונג פון דער אידישער פראגע, נעמלאך, פוי־לען מוז געווינען די סימפאטיע פון די אידען דערמיט, וואס זי וועט זיי געבען גלייכע רעכטע אלס בירגער. צו דערזעלבער צייט מוזען מיר אלע אויסדריקלאך פאדערען פון די אידען, אז זיי זאלען ווערען אמת'ע בירגער פון לאנד... אזוי ווי אין מערב־איראפא זיי־נען די אידען געווארען ענטוועדער גוטע פראנצויזען, ענגלענדער, איטאליענער, אדער דייטשען. אזוי האבען מיר אויך דאס רעכט צו

**פאַדערען פון אונדזערע פוילישע אידען, אַז זיי זאָלען ווערען גוטע פאָליאַקען און זיי זאָלען זיין אמת'ע גוטע בירגער פון פוילען" (ז. ז. 125־126).**

דר. מלינאַרסקי באַקלאָגט זיך אויף דער שנאה פון די אידען קעגען די פאָליאַקען, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען דאָ אין אמעריקע, אויף די „בלבולים" וואָס זיינען דאָ געמאַכט געוואָרען קעגען די פאָליאַקען, אָנהויבענדיק מיט געאָרג בראַנדעס'עס אַרטיקלען. עס איז אַ פאַקט, זאָגט ער, אַז פוילען, ניט זייענדיק אנטיסעמיטיש בכלל, אלס אַ נאַציאָן, מוז פונדעסטוועגען זיין אַנטי־ציוניסטיש, ווען דער ציוניזם אָדער דער אידישער נאַציאָנאַליזם וויל מיט דער רוסישער אָדער דייטשער הילף שאַפען אַ יהודה־פוילען".

אויב איהר מיינט אָבער צו געווינען חן ביי דר. מלינאַרסקי'ן דערמיט, וואָס איהר וועט זיך אָפּשאָקלען פון די ציוניסטען, האָט איהר אַ טעות, — ער מאַכט ניט קיין שום אונטערשיד צווישען די ציוניסטען און אַנדערע אידישע נאַציאָנאַליסטען. ער טרעט אויף קעגען אַלע יענע וואָס ווילען „מאַכען פון פוילען אַ לאַנד פון געמישטער נאַציאָנאַליטעט". ער ציטירט אַן אַרטיקל פון דעם ניו יאָרקער „אידישען פאָלק", וואָס איז ערשינען דעם 12טען נאָוועמבער, 1915, וואו עס ווערט געפאָדערט פאר די אידען „גלייכע אנערקענונג מיט די רוסינען, טשעכען, די סלאַווען פון דער עסטרייבישער אימפעריע" אָט איז זיין תשובה אויף דיעזע פאָדערונג:

**„די שטעלונג פון דער גאַנצער וועלט צו דער אידישער פראַגע קען אויסגעדריקט ווערען דורך די פאָרמולע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן: „ביי די אידען אַלס אַ נאַציאָנאַליטעט דאַרף מען צונעמען אַלצדינג, אָבער דעם אידען אַלס מענטש דאַרף מען צוזיכערען אַלצדינג". דאָס איז דער פרינציפ פון גלייכבערעכטיגונג פאר אידען, אָהן באַזונדערע נאַציאָנאַלע רעכטע. דאָגעגען פאָדערן די אידען אין דעם צוקונפטיקען פוילען גלייכע אנערקענונג פון זייער זשאַרגאָן אַלס אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך. אפילו מערב־אייראָפּע איז נאָך ניט דערוואַקסען ביז צו אַזאַ נאַציאָנאַלער קעפּסזוייבעריי. און פוילען איז נאָך ווייניקער צוגעגרייט צו איבערטרעפען די גאַנצע וועלט אין דער אידישער פראַגע, דער אידישער נאַציאָנא־**

ליזם ליגט ניט אין דעם געביט פון פראקטישע פאליטישע פאָדע־רונגען“ (ז. 127).

אלזא, די פאָדערונג פון דער אנערקענונג פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט אין פוילען, אזוי ווי אלע נאַציאָנאַליטעטען ווערען אנערקענט אין דער עסטרייכישער קאָנסטיטוציע, איז א „ציוניס־טישע“ און פוילען מוז זיין אנטי־ציוניסטיש. איינער פון די סאָ־ציאַליסטישע דעלעגאטען, וואָס האָט זיך באטייליגט אין דער באַ־ראטונג, האָט אונדז געזאָגט, אז די אידען וועלען קריגען אין פוי־לען די מעגלאכקייט צו פירען א קאמפף פאר זייער נאַציאָנאַלע גלייכבארעכטיקונג, וואָס אונטער דער רוסישער הערשאפט האָבען זיי עס ניט. דאָס איז נאַטירליך ריכטיק, עס איז דעריבער כדאי צו וויסען, וואָס וועלען זיין די געפילען פון די פאָליאקען אין אזא קאמפף. אויף דעם געפינען מיר אויך אן ענטפער אין דר. מלינארס־קי׳ס בוך:

„דער אידישער זשארגאָן — זאָגט ער — איז א פאַרדאַרבע־נע דייטש, און די אידען זיינען אימער געווען אין צענטראל־איי־ראָפּא און ספּעציעל אין פוילען, דער אוואנגארד פון דעם טיי־טשענטום“.

אין דעם זעהט דר. מלינארסקי א געפאר פאר פוילען. ער באַ־קלאָגט זיך אויף די אידישע פּרעסע אין רוסלאנד, וואָס האָט זיך אין אנהויב פון דער מלחמה דערפרעהט מיט ניקאלאי ניקאלאיע־וויטשע׳ס מאניפעסט און האָט גענומען רעדען וועגען דער אנער־קענונג פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט. ער קריטיקירט מיל־יוקאָוו׳ן דערפאר, וואָס דער פירער פון די רוסישע ליבעראלען האָט געזאָגט, אז די אידען „האָבען א רעכט באטראכט צו ווערען פאר א באזונדערן פאָלק, כאָטש זיי זיינען אין דער מינאָריטעט“.

דער אידישער נאַציאָנאַליזם, נאָך דר. מלינארסקי׳ס מיינונג, קען נאָר אויפהאַלטען דעם רוסישען, אָדער דעם דייטשען איינפלוס אין פוילען. די פאָליאקען, שטרעבענדיק צו פולער נאַציאָנאַלער אונאבהענגיקייט, באטראכטען דעריבער דעם אידישע נאַציאָנאַליזם פאר א געפערלאכע פאָליטישע באוועגונג. דאָס איז דער זין פון

דר. יאוואָרסקי׳ס פאָדערונג, אז די אידען זאָלען ווערען „גוטע פאָ־ליאַקען און אמת׳ע גוטע בירגער פון פוילען״, און דר. מלינאַרסקי מאַכט עס נאָך קלאָרער:

„פוילען — זאָגט ער — קען ניט און וועט ניט אנערקענען קיין פאָליאַקען מיט אַ פאַסיקל (הייפּעניטעט פּאָולז)״.



# די אידען אין אמעריקע.

## א סטאטישטישער איבערבליק לויט דער נייעסטער פאלקסצעהלונג.

---

דער צענזוס פון 1910 איז געווען דער לעצטער, וואס האט זיך פארנומען מיט דער נאציאנאליטעט פון די איינגעוואנדערטע און זייערע קינדער. ביז אהער האבען די פאלקס-צעהלונגען קלאסיפיצירט די איינגעוואנדערטע נאר נאך די מדינות פון וואנען זיי שטאמען. אין 1898 האט די אפיציעלע סטאטיסטיקע אנגעהויבען צו פארצייכענען די נאציאנאליטעט פון די איינוואנדערער בעת זיי קומען אריין'אין לאנד, און די אידען זיינען צום ערסטען מאל אנערקענט געווארען פאר א באזונדערע נאציאנאליטעט. קעגען דעם האבען די אמעריקאנער יהודים זעהר שטארק פראטעסטירט, ווייל זיי האבען אין דעם איינגעזעהען אן אנטיסעמיטישע טענדענץ, אבער זייערע פראטעסטען האבען ניט געהאלפען.

עס איז גאר קיין צווייפעל ניט אז די קלאסיפיקאציע לויט די נאציאנאליטעטען איז דער רעזולטאט פון דעם ראסען-האס קעגען די אימיגראנטען, וואס איז זעהר שטארק געווארען אין דער לעצטער צייט. דער געבארענער אמעריקאנער און דער „ענגליש-שפרעכענדער" אימיגראנט, ספעציעל דער איירישער, קוקען מיט פאראכטונג אויף אלע „אונגעווינטשטע אימיגראנטען פון דרום און מזרח אייראפא", דאס מיינט מען ניט די אידען אליין, נאר אויך די איטאליענער, די פאליאקען און אנדערע סלאווישע נאציאנאליטעטען. און די סטאטיסטיקער פון אימיגראציע ווילען קלאר זיין, וויפיל אונגעווינטשטע שטופען זיך אריין אין די הייגע הייליקע לאנד.

אין 1909, ווען די עקספערטען פון דער צענזוס-ביורא האבען אויסגעארבייט די פראגראמע פון דער פאלקס-צעהלונג וואס האט געדארפט פארגענומען ווערען דעם נעקסטען יאהר, האבען זיי דארטען אריינגעשטעלט אויך די פראגע וועגען דער נאציאנאליטעט, מיט דער ערקלערונג אז די אידען מוזען באטראכט ווערען פאר א

באזונדערע נאַציאָנאַליטעט. ווען די פּראָגראַמע איז פאָרגעקומען פאַר דער צענזוס־קאָמיטע פון סענאַט אין וואַשינגטאָן, האָט זיך קעגען דער פראַגע שטארק געשטעלט דער אידישער סענאַטאָר גוגענהיים. ער האָט גע'טענה'ט, אַז די אידען זיינען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט, נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע, און די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאַטען האָט קיין רעכט ניט נאָכצופרעגען זיך ביי די איינוואוינער וועגען זייער רעליגיע, ווארים דאָס וואָלט געווען אַ פארלעצונג פון רעליגיאָנס־פרייהייט. נו, ווען אַ אידישער סענאַטאָר זאָגט אַז ער וויל ניט, מען זאָל ביי אַ אידען פרעגען, צי ער איז אַ איד, טו וועלען, פארשטעהט זיך, די גוי'אישע סענאַטאָרען אויס דרך־ארץ פאַר זייערען אַ קאָלעגע ניט באשטעהן אויף דער פראַגע: אַ גרויסע דאגה איז זיי, צי מען וועט האָבען אַ סטאַטיסטיק פון אידען, צי ניט. און מען האָט די פראַגע אויסגעמעקט.

מיט עטלאָכע חדשים שפּעטער, ווען די בלאַנקס זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָבען זיך דערוואוסט די פּאָליאַקען און טשעכען פון שיקאַגאָ, אַז מען וועט זיי רעכענען פאַר רוסען, עסטרייכער, דייטשען, אָבער ניט פאַר פּאָליאַקען אָדער טשעכען. האָבען זיי באַלד געשיקט דעפּוטאַציעס אין וואַשינגטאָן פאָדערן, אַז מען זאָל פארצייכענען די נאַציאָנאַליטעט באזונדער פון דער געבורטס־לאַנד. דער קאָנגרעס האָט אָנגעפרעגט ביי דעם דירעקטאָר פון דעם צענזוס, וואָס איז זיין מיינונג, ווי עס קען געטאָן ווערען. דער דירעקטאָר האָט איינגערופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע עקספּערטען פון צענזוס; איך בין אויך געווען איינער פון די איינגעלאַדענע. עס איז געווען אַ דעליקאַטנע פראַגע: פון איין זייט פּראָטעסטירט דער אידישער סענאַטאָר קעגען דער פראַגע מכח דער נאַציאָנאַליטעט, פון דעם אַנדערען זייט פאָדערען די פּאָליאַקען און די טשעכען דוקא, מען זאָל יע אָנפרעגען זיך ביי יעדען איינגעוואַנדערטען וועגען זיין נאַציאָנאַליטעט. איך האָב פאָרגעשלאָגען אַז מען זאָל שטעלען אַ פראַגע וועגען דער „מוטער־שפּראַך“, — דאָס איז שוין ניט רעליגיאָן. מיט דעם פאָרשלאַג זיינען אַלע געווען איינשטימיק, עס האָט זיך נאָר געשטעלט די פראַגע, וויפיל אידען וועלען אָנגעבען „אידיש“ פאַר זייער מוטערשפּראַך, ווארים עס זיינען דאָך פאַראַן אידען וואָס זייער מוטערשפּראַך איז רוסיש, אָדער פּויליש, אָדער דייטש א. א. וו. איך האָב אָנגעוויזען אויף די רעזולטאַטען פון דער רוסישער פאָלקסצעהלונג פון 1897, ווען עס האָט זיך אויסגע־

ווייזען אַז אידיש איז געווען די מוטער־שפּראַך פון אַן ערך 98 פּראָצענט פון אַלע אידען אין רוסלאַנד. דער דירעקטאָר פון צענזוס האָט אויף דעם גרונט רעקאָמענדירט דעם קאָנגרעס, אַז ביי דער פאָלקס־צעהלונג זאָל מען ביי יעדען איינגעוואַנדערטען פרעגען וואָס איז זיין מוטער־שפּראַך, און ביי די היגע געבאָרענע קינדער פון אימיגראַנטען — די מוטער־שפּראַכען פון זייערע עלטערען. דער קאָנגרעס האָט עס גוטגעהייסען. דער רעזולטאַט איז געווען אַז 1,051,767 איינגעוואַנדערטע אידען האָבען אָנגעגעבען אידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך.

קען מען זיך פאַרלאָזען אויף דיזע צאָל? אַ פאַרגלייך מיט דער סטאַטיסטיק פון איינוואַנדערונג ווייזט, אַז די ציפערען שטימען מער־וועניקער. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז עס זיינען געווען 838,000 אידיש־שפּרעכענדע אידען געבאָרענע אין רוסלאַנד, און אין די צוועלף יאָהר פון דעם ערסטען יול 1898 ביז דעם 30טען יון 1910 זיינען געקומען אין אַמעריקע 766,000. אַ טייל פון זיי זיינען געפאָרען צוריק אָדער געשטאָרבען. ווען מיר נעמען אַן אַז זיי האָבען אויסגעמאַכט 20 פּראָצענט, וועלען מיר קיין גרויסען טעות ניט מאַכען*).

עס הייסט אַלזאָ, אַז פון די 838,000 אידען וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען אין דער רוסישער מדינה זיינען אַן ערך 652,000 געקומען זינט דעם זומער 1898, און 186,000 פאַר 1898.

נאָך דערזעלביקער רעכענונג זיינען פון די 181,000 איינגעוואַנדערטע עסטרייכיש־אונגאַרישע אידען געבליבען 163,000. אויף דעם האָבען נאָך געלעבט אַ צאָל עסטרייכיש־אונגאַרישע אידען וואָס זיינען געקומען פאַר 1898, — וויפיל קען מען ניט וויסען. די צאָל אידיש־שפּרעכענדע צווישען זיי איז געווען 144,000. דאָס הייסט

---

*) ווי דר. הערש האָט אויסגערעכענט („דער וואַנדערענדער איד פון היינט" אין פראַנצויזיש), זיינען אין דער צייט צוריקגעפאָהרען 8 פּראָצ. פון די אָנגעקומענע אידען. לויט דער סטאַטיסטיקע פון דעם צענזוס, שטאַרבען יעהרלאָך אַן ערך 2 פּראָצ. פון די איינגעוואַנדערטע. לויט אַ מאַטעמאַטישען חשבון, (נעמענדיג אין אַנבעטראַכט אַז די 838,000 זיינען ניט אַלע געקומען מיט איין מאָל), מאַכט אויס די צאָל געשטאָרבענע אַן ערך 12 פּראָצ. אין איינעם אַלזאָ קומט אויס 20 פּראָצ.

אז עס זיינען געווען מעהר ווי 19,000 וואָס זייער מוטער־שפּראַך איז געווען אַן אנדערע: דייטש אָדער אונגאַריש אָדער פּויליש.

די צאָל רומעניש אידען איז געווען 41,000, און די צאָל וואָס האָבען איינגעוואַנדערט פון 1898 ביז 1910 איז געווען 55,000. הייסט דאָס אז אַן ערך 44,000 פון דער צאָל זיינען געווען ביים לעבען. די ציפערען שטימען מעהר־ווייניקער.

אַלזאָ, די צאָל אידיש־שפּרעכענדע אימיגראַנטען קענען מיר גענוי. צוזאמען מיט זייערע קינדער מאַכען זיי אויס 1,676,762. דערצו דאַרף מען צורעכענען יענע איינגעוואַנדערטע וואָס זייער מוטער־שפּראַך איז ניט אידיש, אויף דעם גרונד פון דר. דזשאָזעף'ס סטאַטיסטישער אונטערזוכונג איבער די צאָל אידישע איינוואַנדערער פון 1881 ביז 1898, מעג מען אָפּשאַצען די צאָל איינגעוואַנדערטע אידען, וועמעס מוטער־שפּראַך איז ניט אידיש, צוזאמען מיט זייערע קינדער, אויף נאָך 113,000. צוזאמען מאכט אויס די צאָל איינגעוואַנדערטע אידען און זייערע היגע קינדער 1,780,000. ווייטער וואָלט מען צו דער צאָל אידען געדאַרפט צורעכענען די אייניקלאַך פון אידישע אימיגראַנטען, אָבער די צאָל זייערע איז ניט באַקאַנט. מען קען רעכענען אז עס מוזען זיין אין די פאַראייניקטע שטאַטען ביי צוויי מיליאָן אידען. דאָס הייסט, אז די פראַגע וועגען דער מוטער־שפּראַך האָט געליפערט אַ סטאַטיסטיק מכח פינף זעקסטעל פון אַלע אידען וואָס לעבען אין אַמעריקע.

לאָמיר איצטער אַ קוק טאָן, פון וואַנען שטאַמען די איינגעוואַנדערטע אידיש־שפּרעכענדע אידען:

| מדינה | צאָל | פּראָצענט |
|---|---|---|
| רוסלאַנד — — — — — — — | 838,000 | 80 |
| עסטרייך — — — — — — — | 125,000 | 12 |
| אונגאַרן — — — — — — — | 20,000 | 2 |
| רומעניע — — — — — — — | 41,000 | 4 |
| אַלע אנדערע לענדער — | 28,000 | 2 |
| צוזאמען — — — | 1,052,000 | 100 |

די אידיש־שפּרעכענדע איינוואַנדערער פון אַלע אנדערע לענדער, חוץ די וואָס זיינען דאָ אויסגערעכענט, זיינען מסתמא געווען

אויף רוסישע, גאַליציאַנער, אָדער רומענישע, וואָס זיינען אַ צייט פארבליבען ערגעץ אויפ'ן וועג און האָבען זיך דערנאָך אריבערגע־קליבען אין די פאראייניקטע שטאַטען.

די אידען מאכען אויס איבער אַ העלפט (52 פּראָצ.) פון די איינגעוואַנדערטע פון רוסלאַנד און רוסיש־פּוילען און סך הכל 10 פּראָצענט פון די עסטרייכישע.

אין וועלכע שטאַטען האָבען זיך באזעצט די אידיש־שפּרעכענ־דע אימיגראַנטען ? איהר קענט זיי צוטיילען אין פיר גרופּען :

1) ניי־ענגלאַנד און מיטלערע שטאַטען ביי דעם אַטלאַנטישען ים ; ניו־יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענסילווייניא, דעלאַווער און מעריי־לענד, און די שטאַט וואַשינגטאָן, — מיר וועלען זיי צוזאַמען באַ־צייכענען מיט דעם נאָמען „די איסט" (מזרח־שטאַאַטען) ;

2) די צענטראַלע צפון־שטאַטען : אָהייאָ, אינדיאַנא, איליי־נאָי, מישיגאַן און וויסקאָנסין (די דע „סענטראַל נאָרטה") ;

3) די מערב־שטאַטען, — „די וועסט", וואו מיר וועלען שוין אריינרעכענען אויך די סויט־וועסט, דאָס הייסט טעקסאַס, אָקלאַ־האָמא, ניו־מעקסיקא און אַריזאָנא ;

4) די דרום־שטאַטען — „די סויטה" : ווירדזשיניא, וועסט ווירדזשיניא, די קאַראָליינאַ'ס, דזשאָרדזשיא, פלאָרידא, אַלאַבאַמא, מיסיסיפּי, לואיזיאַנא, קענטאַקי, טענעסי און אַרקאַנסאַ.

די צאָל אידיש־שפּרעכענדע אימיגראַנטען איז צוטיילט צווי־שען די פיר גרופּען אַזוי :

| | צאָל | פּראָצענט |
|---|---|---|
| די איסט — — — — — — | 866,000 | 83 |
| די צענטראַל נאָרטה — — — — | 117,000 | 11 |
| די וועסט — — — — — | 13,000 | 5 |
| די סאַוטה — — — — — — | 56,000 | 1 |
| צוזאַמען — — — | 1,052,000 | 100 |

מעהר ווי העלפט פון דער צאָל אידיש־שפּרעכענדע איינוואַנ־דערער, נעמלאָך, 556,000, דאָס הייסט 53 פּראָצ. וואוינען אין דער

שטאָט ניו־יאָרק. פון דער אַנדערער העלפט וואוינען די מערסטע אויך אין גרעסערע שטעט מיט אַ באַפעלקערונג וועניקסטענס פון 100,000 איינוואוינער, ווי מען קען זעהן פון דער פאָלגענ־דער צוזאַמענשטעלונג:

| | צאָל | פּראָצענט |
|---|---|---|
| אין דער שטאָט ניו־יאָרק — — | 556,000 | 53 |
| אין אַנדערע שטעט מיט איבער הונדערט טויזענט איינוואוינער | 356,000 | 34 |
| אַלע אַנדערע — — — — — — | 140,000 | 13 |
| צוזאַמען — — — | 1,052,000 | 100 |

אין דער פאָלגענדער טאַבעליצע וועט דער לעזער געפינען די צאָל אידיש־שפּרעכענדע איינגעוואַנדערטע און זייערע קינדער אין די וויכטיקסטע שטעט:*)

| שטאָט | ביידע דורות | איינגעוואַנדערטע אַליין |
|---|---|---|
| ניו־יאָרק — — — — — — | 862,000 | 556,000 |
| פילאַדעלפיא — — — — — — | 120,000 | 76,000 |
| שיקאַגאָ — — — — — — | 111,000 | 69,000 |
| באָסטאָן — — — — — — | 57,000 | 36,000 |
| נואַרק — — — — — — — | 33,000 | 20,000 |
| באַלטימאָר — — — — — — | 27,000 | 16,000 |
| קליוולאַנד — — — — — — | 23,000 | 14,000 |
| פּיטסבורג — — — — — — | 21,000 | 13,000 |
| סענט־לואי — — — — — — | 19,000 | 12,000 |
| ניו־הייווען — — — — — — | 11,000 | 6,000 |
| פּראָווידענס — — — — — — | 10,000 | 6,000 |
| דעטראָיט — — — — — — | 10,000 | 6,000 |
| ראָטשעסטער — — — — | 10,000 | 6,000 |
| סינסינעטי — — — — | 8,000 | 5,000 |
| מילוואָקי — — — — — | 8,000 | 5,000 |
| מינעאַפּאָלים — — — — — — | 8,000 | 5,000 |

*) אין דעם באריכט פון דעם צענזוס געפינען זיך די ציפערן פאַר יעדע שטאָט מיט איבער הונדערט טויזענט איינוואָהנער.

| | | |
|---|---|---|
| סענט־פאל | 6,000 | 4,000 |
| דענווער | 7,000 | 4,000 |
| באפאלא | 7,000 | 4,000 |
| פעטערסאן | 6,000 | 4,000 |
| לאס אנגעלעס | 6,000 | 4,000 |
| דזשוירזי סיטי | 6,000 | 3,000 |
| וואוסטער, מאסס. | 6,000 | 3,000 |
| סאן פראסיסקא | 5,000 | 3,000 |

ווי איהר זעהט, געפינט זיך אין דער ליסטע קיין איינציקע שטאט ניט אין די סאוטה, וואס זאל צעהלען פינף טויזענט אידיש־שפרעכענדע איינוואוינער, שוין צוזאמען מיט דעם היי־געבארענעם דור. אין דער שטאט ניו־יארק גופא איז די צאל אידען געווען צו־טיילט אזוי:

| | |
|---|---|
| אין מאנהעטען (ניו־יארק גופא) | 533,000 |
| אין ברוקלין | 277,000 |
| אין בראנקס | 46,000 |
| אין די אנדערע טיילען פון שטאט | 6,000 |
| צוזאמען | 862,000 |

דאס איז אלץ, וואס דער צענזוס גיט אייך. דער צוזאמענגע־קליבענער מאטעריאל ענטהאלט ציפערען וועגען געשלעכט, עלטער, וויפיל עס קענען לעזען און שרייבען, ווי לאנג איז יעדער אין אמע־ריקע, וויפיל קענען רעדען ענגליש, וויפיל זיינען געווארען בירגער, באשעפטיגונג, וויפיעל זיינען פארהייראט, די צאל פאמיליעס, און דערגלייכען. צוזאמענקלייבען דעם מאטעריאל פאר יעדען איינעם פון די 1,676,000 אידישע איינוואוינער, און דערנאך דאס אריבער־טראגען אויף א קארטל פאר יעדען איינעם באזונדער האט אפגע־קאסט א היבשע ביסל געלט. איצטער בלייבט נאר צו קלאסיפיצי־רען די קארטלאך און זיי איבערצוצעהלען, —ביידע ארבייטען ווע־רען געמאכט מיט א מאשין. אין פארגלייך מיט דעם, וואס עס האט אפגעקאסט צוזאמענצוקלייבען די קארטלאך וואלט עס געקאסט א קלייניקקייט. דא האט זיך אבער דער דעמאקראטישער קאנגרעס אפגעשטעלט צוליב „עקאנאמיע“, — זיי ווילען איינשפארען דעם שטייער־צאלער די הוצאה!

ווען די אידישע כלל־טוערס וואלטען זיך פאראינטערעסירט מיט דער זאך, איז גאנץ זיכער אז דער קאנגרעס וואלט באוויליגט די פאר צענדליק טויזענט דאלאר וואס די באארבייטונג פון דעם מאטעריאל דארף קאסטען. מיר האבען דאך עטלאכע אידישע קאנגרעס־לייט פון ביידע פארטייען. אלץ וואס איז נויטיק, איז אז עטלאכע אידישע ארגאניזאציעס זאלען זיך נעמען דערצו. איז עס נויטיק צו באווייזען די וויכטיקייט פון אזא ארבייט פון א קולטורעלען און אפילו פון א פראקטיש־פאליטישען שטאנדפונקט?



# די אידיש-אַמעריקאַנישע געלע פּרעסע. *)

עס איז געווען אַ צייט, ווען די אידישע ראַדיקאַלע צייטונגען, איך מיין די טעגלאַכע, זיינען געווען ניט מעהר ווי אַ מיטעל צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם סאָציאַליזם ; נאָר מען דאַרף אריינאַרען משה'ן אין חדר אריין, האָט מען געמוזט איהם שוין געבען די טעגלאַכע נייעס אויך. דעריבער האָט מען אין יענע צייטען ניט געקענט זיין זיכער, צי דער לעזער זוכט טאַקע דעם סאָציאַליזם אין דער צייטונג, צי ער וויל פּראָסט וויסען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און עס מאַכט איהם ניט אויס אַז די פּאָר בלעטלאַך נייעס זענען אפילו פּאַרוויקעלט אין אַ סאָציאַליסטישען שקאַרמיץ. היינט האָט זיך דאָס אַלץ געביטען. אַ אידישע צייטונג איז היינט ווי אַ סטאָר ערגעץ אין אַ קאָנטרי : איהר געפינט דאָרט אַלצדינג וואָס דער סטאָרקיפּער מיינט די קאָסטאָמערס זיינע פאַרלאַנגען. פאַרשטעהט זיך, אַ קרעמער אָדער אַ רעדאַקטאָר פון אַ טעגלאַכע צייטונג איז ניט קיין מלאך, ער קען אויך האָבען אַ טעות: ער קען ארויסשטעלען אין זיין שאָר־ווינדע מחזרים, ווען זיינע קונדען ווילט זיך גאָר שערלאָק האָלמס, און פאַרקערט, ווען עס מאַכט זיך איהם אַ דזשאַבלאָט, אַ ביסעל צוגעפּוילט, קען ער זיך אַמאָל פּאָקוואָפּען אויף די מציאה, טראַכטענדיק ביי זיך, אַז זיינע קאָסטאָמערס זיינען ניט פּאַרטיקעלע, אַ ברירה האָבען זיי. דער כלל איז אָבער, אַז אַ צייטונג וואָס איז אַ ביזנעס, ניט קיין בית־המדרש, שפּיגעלט אָפּ דעם גוסט פון איהרע לעזער. היינט ווען איהר זעהט אַז פון די דריי אידישע צייטונגען וואָס ערשיינען ביי טאָג, טראָגט איינע אַ סאָציאַליסטישע קאָקאַרדע, די צווייטע איז אַמאָל סאָציאַליסטיש, אַמאָל נאַציאָנאַליסטיש, אַמאָל סאָניניסטיש, און סתם ראַדיקאַל, און נאָר איינע איז קאָנסערוואַטיוו, און יעדע פון די דריי האָט די גרעסטע

---

*) ערשינען אין „דאָס נייע לעבען“, יוני אין יולי, 1909.

סירקולײשאָן, טו מענט איהר דערפון שליסען, אז דאָס רוב אידישע צײטונגס־לעזער זײנען סאָציאַליסטיש אָדער װעניקסטענס ראַדי־קאַל געזאָנען. װאָס איז שײך הױלע נײעס, איז דאָך דער „טאָגע־בלאַט“ פּונקט אַזױ גוט װי דער „פאָרװערטס“, אָדער די „װאר־הײט“; פאַר װאָס קױפט דער לעזער גראַד אײנע פון די לעצטע צװײ, ניט דעם „טאָגעבלאַט“, װען ניט װײל ער איז ראַדיקאַל?

אַזאַ פּראָפּאָרציע ראַדיקאַליזם געפינט איהר אפילו בײ די דײ־טשען ניט, װאָס זײ זײנען שױן די אתה־בחרתנו'יקעס פון דער אינ־טערנאַציאָנאַלער סאָציאַלדעמאָקראַטיע: עס איז פאַראַן דאָ אײן דײטשע סאָציאַליסטישע טעגלאכע צײטונג מיט א קלײנע צאָל לע־זער, װערענד עס ערשײנען דאָ עטלאכע בורזשואזנע צײטונגען אין דער דײטשער שפּראַך. און װער רעדט שױן װעגען דער ענגלישער פּרעסע!

די אידישע באפעלקערונג אין ניו־יאָרק איז אַ װיכטיקע קראַפט אין דעם היגען עפענטלאכען לעבען. װען אַ העלפט פון איהר איז ראַדיקאַל אָדער סאָציאַליסטיש געזאָנען, און זי האָט אַן אײגענע טעגלאכע פּרעסע, טו האָט די פּרעסע געדאַרפט זײן אַ װיכטיקע מאַכט פאַר דעם פּאָליטישען פאָרטשריט און פאַר דעם סאָציאַליזם. אַ צײטונג איז אַ גרױסע מאַכט, װאָס איז שײך איהר אײנפלוס, קען זי זיך גלײכען מיט אַ פּאַרטײ.

אַ לעבעדיקער בײשפּיל װאָס אַ צײטונג קען אױפטאָן, זײנען די הױרסטישע צײטונגען. װאָס זשע האָט די אידישע ראַדיקאַלע טעגלאכע פּרעסע אױפגעטאָן פאַר דעם סאָציאַליזם, פאַר די בילדונג פון דער אידישער מאַסע?

די געשיכטע פון דער אידישער ראַדיקאַלער פּרעסע הױבט זיך דאָ אָן מיט דער גרינדונג פון דער „אַרבײטער צײטונג“ אין 1890. עס זײנען נאָך פריהער אױך געװען װאָכענבלעטער, נאָר זײ האָבען זיך ניט לאַנג געהאַלטען. די אידישע באפעלקערונג אין אַמעריקא איז נאָך ניט געװען גרױס גענוג אױפצוהאַלטען אַ סאָציאַליסטישע צײטונג. אין יענע צײטען, מוזט איהר געדענקען, איז נאָך אין רוסלאַנד קײן מאַסען־באַװעגונג צװישען די אידישע אַרבײטער ניט געװען. הײנט קומט יעדער אימיגראַנט אַהער שױן אַ פּאַרטיקער „איסט“ פון דער הײם. אין יענע צײטען זײנען די אַריבערגעקומע־נע געװען פּשוט'ע עם־הארצים, און װעגען סאָציאַליזם, טרײד־יו־

ניאַניזם, קלאַסען־קאַמפּף האָבען זיי גאָר קיין ידיעה ניט געהאַט. דאָס האָבען זיי אַלץ געדאַרפט לערנען פון א"ב דאָ אין אַמעריקע. די איינציקע טרעגער פון רעוואָלוציאָנערע אידעען זיינען געווען די אינטעליגענץ, די סטודענטען, די גימנאַזיסטען, וואָס די אייגפירונג פון דער פראָצענטנער נאָרמע אין 1887 האָט געטריבען אַהער. עס איז געווען ניט קיין קליינע אַרבייט אויפצוהאָדעווען אַ פּובליקום פאַר אַ וואָכענבלאַט. אַ וועכענטלאַכע צייטונג האָט אין יענע צייטען געהאַט אַ גרעסערע באַדייטונג איידער היינט, וואָרים דעמאָלט איז נאָך קיין איינציקע אידישע טעגלאַכע צייטונג אין אַמעריקע ניט געווען.

אָט דאָס האָבען אויפגעטאָן די יונגע אינטעליגענטען אין דער צייט פון די אַכט יאָהר, זינט עס זיינען אַהער געקומען די ערסטע אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָמען פון 1881.

אין דעמזעלביקען יאָהר 1890 איז אויסגעבראָכען דער ערסטער גרויסער קאַמפּף פון די אידישע אַרבייטער, דער גענעראַל סטרייק פון די קלאָוקמאַכערס, אין וועלכען באַראָנדעס האָט זיך פאַרדינט זיינע עפּאָלעטען. ביז דאַמאָלט איז די אידישע באַוועגונג נאָך געווען אַ קרוזשקאָווע; פון יענעם יאָהר אָן ווערט זי אַ באַוועגונג פון די אידישע מאַסען. אין די נעקסטע פּאָר יאָהר האָט מען שוין אַזוי ווייט געבראַכט, אַז מען האָט פון דער וועכענטלאַכער צייטונג געקענט מאַכען אַ טעגלאַכע.

אויפהאַלטען אַ טעגלאַכע צייטונג קאָסט געלד. קיין צייטונג קען באַלד פון דעם ערסטען טאָג זיך ניט באַצאָהלען. אַ נייע קאַפּיטאַליסטישע צייטונג הויבט מען אָן מיט אַ ביסעל געלט, עס זאָל קלעקען אויף אָפּצוואַרטען ביז זי וועט זיך אָנהויבען בעצאָהלען. די סאָציאַליסטישע טעגלאַכע צייטונג האָט קיין קאַפּיטאַל ניט געהאַט, אָבער זי האָט געהאַט דעם ענטהוזיאַזם פון דער מאַסע, און דאָס האָט איהר געהאָלפען אויסצוהאַלטען. אין זיינע בעסטע צייטען אָבער האָט דער „אַבענדבלאַט" ניט געהאַט מעהר ווי צוועלף טויזענט סירקולייישאָן.

פון יענער צייט אָבער, ווי די צייטונג איז געוואָרען אַ טעגלאַכע צייטונג, האָט זיך אָנגעהויבען אַ עוואָלוציע אויף דעם וועג פון ביזנעס. פון קיין פּעטע געהאַלטען, פּערציק — פופציק דאָלאַר אַ וואָך און העכער, האָט זיך אין יענע צייטען נאָך קיינעם ניט געחלום'ט, אָבער אין יענע אָרעמע יאָהרען האָט זיך צען—צוועלף דאָ־

פאר א וואך „סטעדי" אויך ניט געוואלגערט אין גאס. היינט, ווען א סאציאליסטישע צייטונג האט א טשענס צו געבען א מענטשען א שטעלע, איז עס דאך ניט מעהר ווי יושר, די שטעלע זאלען קריגען אז איינענער מענש, וואס האט אריינגעלעגט גענוג ארבייט אין די צייטונג צו שטעלען זי אויף א פעסטען פונדאמענט, און ניט נאר האט ער פאר זיין גאנצע ארבייט ניט געקראגען א סענט, אבער ער האט נאך פון זיינע ארעמע פארדינסטען, ערגעץ אין א שאפ, אפ־געשפארט א פאר דאלאר אויף צו העלפען דער צייטונג. אויף דעם אופן האט זיך ארום דער צייטונג צוזאמענגעקליבען א קאמפאניע פון די טעטיגסטע גענאסען אלס אנגעשטעלטע אין אפיס און אין דער רעדאקציע. הגם די צייטונג איז ארויסגעגעבען געווארען פון א פאבלישינג אסאסיאיישאן, אבער די אמת'ע בעלי בתים איבער איהר זענען באלד געווארען אט די דזשאב־האלדערס. אזוי פיהרט זיך אין יעדער אמעריקאנער ארגאניזאציע, און עס קומט אויס גאנץ נאטירלאך. די אפיס לייט זיינען אימער אויפ'ן שטעל, זיי ווייסען וואס די צייטונג דארף און זיי פילען וואו דער שוך קוועטשט, ווייל זיי קומט אויס איהם צו טראגען. די איבעריקע מיטגלידער פון דער קערפערשאפט, וואס יעדער פון זיי האט איינגעצאלט א פאר דאלאר, זיינען ניט אזוי היים אריינגעטאן אין דער צייטונג. אמאל קומען זיי יע צו א געשעפטס־פארזאמלונג, אמאל פוילען זיי זיך צו, וואָרים, דעם אמת גערעדט, איז דארטען געוועהנלאך שטארק נודנע. ווען עס געפינען זיך בעלנים אויף אפצוזיצען איין אווענט נאך דעם אנדערן רעדענדיק און טראכטענדיק וועגען די וואכעדי־קע קלייניקקייטען, איז דער דורכשניטלאכער מיטגליד פון דער קער־פערשאפט העכסט צופרידען זיי איבערצולאזען דעם כבוד און די מצוה.

היינט אין יעדער חברה, אין יעדען פאראיין געהט אימער פאר א קאנקורענץ צווישען פארשידענע רעדעלפירערס, וואס יעדער איי־נער האט געוועהנלאך ארום זיך א גרופע חסידים, א „פארטיי", בפרט נאך ווען עס האנדעלט זיך וועגען געשעפט. די פאבלישינג אסאסיאיישאן פון דעם „אבענדבלאט" האט עס נאטירלאך אויך ניט געקענט אויסמיידען.

אז מען קוקט זיך ארום צוריק אויף יענע צייטען, ווען עס האט זיך אנגעהויבען די מחלוקה אין דעם „אבענדבלאט", וואס האט זיך

גענדיקט מיט דער גרינדונג פון דעם „פאָרווערטס“, איז זעהר שווער אַנצודייטען אויף ערגעץ אַ פּרינציפּיעלען אונטערשיד צווישען די צוויי פּאַרטייען. היינטצוטאָג זיצען די געוועזענע פירערס פוןביידע פּאַרטייען בשלום אין „פאָרווערטס“, פרעגט זיי צוליעב וואָס האָבען זיי זיך דאַמאָלט געקריגט! אז עס האָט זיך צוברענט די מחלוקה און די פּאַרטיי־„בעהערדען“ האָבען גענומען שטראָפען די אָפּאָזיציע פאַר „חילול־הפּארטיי“, האָבען זיך די פירערס פון דער אָפּאָזיציע אָנגעכאַפּט פאַר דעם פּרינציפּ פון „פרייע קריטיק“. אָבער די „פרייע קריטיק“ האָט צו זיי געפּאַסט פּונקט אַזוי ווי צו די קאָלווינסיסטען. בעצם זיינען זיי געוועזען און געבליבען אָרטאָדאָקסען. זיי האָבען זיך אין אַ פּאָר יאָהר אַרום איבערגעבעטען מיט זייערע געוועזענע ביטערע שונאים; די „פרייע קריטיק“ איז שוין מער ניט נויטיק געוועזען און זי איז אין קורצען אָפּגעשאַפט געוואָרען.

די אמת'ע אורזאַכע פון דעם שטרייט אין דער פּאָלישינג אַססאָסיאיישאָן איז געווען אַן עקאָנאָמישע, האָטש די שטרייטער אַליין זיינען ביי זיך אין דערין גאָר ניט קלאָר געווען.

ווי איך האָב שוין געזאָגט גאָר אין אָנהויב, איז דער צוועק פון דער „ארבייטער צייטונג“ פון אָנהויב אָן געווען צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם סאָציאַליזם, ניט צו מאַכען ביזנעס. אַ טעגלאַכע צייטונג אָבער איז שוין יע אַ ביזנעס, און ווען זי ווערט געפירט אויף אַן אמת'ן אַמעריקאַנער שטייגער, איז דאָס אַ גאָלדענער געשעפט. נאַטירלאַך, אין יענע גן־עדן צייטען, ווען פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַ הויפּט־רעדאַקטאָר איז שוין געווען איי־איי־איי, יזאָלט מען זיך פאַר זיך אַליין ביי־נאַכט אין שלאָפצימער געשעמט אַזוי גראָב דאָס אויסצודריקען, ווי איך האָב עס געטאָן. פאַרברייטען די סירקולעישאָן פון דער צייטונג האָט מען גאָדאַרפט טאַקע נאָר צוליב דער פּראָפּאַגאַנדע, זי זאָל פאַרכאַפּען די ברייטע מאַסע לעזער. ווער האָט אין יענע צייטען געקענט זיין אַזאַ נביא פאָראויסצוזעהען אַז מיט צוועלף יאָהר שפּעטער וועט אַ רעדאַקטאָר פון אַ אידישער סאָציאַליסטישער צייטונג אין ניו־יאָרק קריגען העכערע געהאַלט איידער דער אַלטער ווילהעלם ליעבקנעכט האָט געקראָגען אַלס רעדאַקטאָר פון דעם בערלינער „פאָרווערטס“? דעריבער מעגט איהר גלויבען, אַז די „קריטיקער“ אין דעם „אבענדבלאַט“ זיינען טאַקע ביי זיך טיף געווען איבערצייגט, אַז זיי מיינען נאָר דעם ערפאָלג פון

דער סאציאליסטישער פראפאגאנדע, וועלכע האט זיך דאמאלט גע־שלעפט ווי א בעל־עגלה. אבער אין דערין, פארשטעהט איהר, ליגט די מאכט פון דער עקאנאמישער סביבה, וואס דער מענש רעדט זיך איין, אז ער האנדעלט צוליב א געוויסער אידעע, ווערענד פאקטיש דריקט זיך אויס אין דער אידעע דער איינפלוס פון דער עקאנאמי־שער סביבה.

דער גייסט פון דעם אמעריקאנער קאמערציאליזם ווייזט זיך ערגעץ ניט ארוים אזוי קלאר ווי אין דעם אמעריקאנער געלען זשור־נאליזם; איז געוועז ניט מעהר ווי נאטירלאך, אז דיזעלבע עקאנא־מישע אורזאכען, וואס האבען געשאפען די ענגלישע געלע פרעסע, זאלען אויך קומען צום אויסדרוק אין דער אידישער טעגלאכער פרעסע. דער אונטערשיד איז אבער געווען דער, אז אין דער ענג־לישער פרעסע, מיט איהרע טויזענט טעגלאכע צייטונגען, איז דער געלער זשורנאליזם איינגעדרונגען, ווי יעדע נייע געשעפטס־מע־טאדע, דורך קאנקורענץ אין מארק; אין אזא ענגען קרייז אבער ווי די אידישע פרעסע, האט דער געלער זשורנאליזם ניט אנדערש גע־קענט געווינען אז איינגאנג, ווי דורך א פערזענליכען שטרייט צווי־שען זיינע פארקעמפפער און די וואס האבען געוואלט אלץ זאל בלייבען ביים אלטען.

אזוי מאלט זיך ביי מיר אפ גאנץ אביעקטיוו דער קאמפף פון דער „אפאזיציע“ פון 1896 און 1897 נעגען דעם „אבענדבלאט“. נאטירלאך, עס האבען זיך אין דעם קאמפף שפעטער אריינגעמישט אנדערע זייטיקע אומשטענדען, עס זענען צו איהם צוגעשטאנען אנ־דערע לייט; אבער דאס איז געווען דער עיקר.

די צוויי פארקעמפפער פון דעם געלען זשורנאליזם זיינען געווען לאוי מיללער און אברהם קאהן. זיי ביידע האבען געשפילט א וויכ־טיקע ראלע אין דער ענטוויקלונג פון דער אידיש־אמעריקאנישער פרעסע. צו פארשטעהן זייער איינפלוס, איז נויטיק א באקאנט־שאפט מיט זיי פערזענלאך.אלס. מענטשען האבען זיי קיין שום ענלאכקייט ניט איינער צו דעם אנדערען, אבער אלס זשורנא־ליסטען זיינען זיי פאלקאמען איינשטימיג, ווארים ביידע האבען גע־לערנט אין דעם חדר פון'ם אמעריקאנער זשורנאליזם.

מילער'ס פאליטישע ערציהונג האט זיך אנגעהויבען אין א פרוזשאק אין ווילנע נאך די זיבעציקער יאהרען, ווען ער איז געווען

א אינגעל פון א יאהר צוועלף. צו זעכצעהן יאהר איז ער שוין געווען א פאליטישער עמיגראנט אין דער שווייץ. אהער איז ער אריבערגעקומען אין די ערסטע יאהרען פון דער אידישער איינוואנ־דערונג, ווען ער איז קאם אלט געווען א יאהר צוואנציק. קיין אויס־געארבייטע מיינונגען וועגען ליטעראטור, זשורנאליזם, פאלקס־ער־ציהונג האט ער ניט געהאט. זיין ליטערארישע בילדונג איז באַ־שטאנען פון דער פארבאטענער רוסישער ליטעראטור פון יענער פעריאדע, פון פראקלאמאציעס און אגיטאציאנס־בראשורען, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער ראמאנטישען סטיל, וואו יע־דער ווארט איז געווען איבערטריבען; נאך דעם אמת האט מען זיך אין יענעם סארט ליטעראטור ניט געיאגט, אבי עס זאל האבען אן אגיטאטארישען עפעקט. די היגע סאציאליסטישע באוועגונג מיט איהרע פראזענהאפטע אגיטאציאנס־רעדען, מיט איהרע פעסטרעד־נער, וואס זעהען אויס ווי די גלחים מיט די פארגלאצטע אויגען, האט פארשארפט די ווירקונג פון דעם קורזשאק און דער שווייצערי־שער עמיגראציע. אזא ערציהונג האט איהם פארטיק געמאכט פאר דעם אמעריקאנער געלען זשורנאליזם, וועלכער האט גראד ארום יע־נער צייט אויפגעבליהט אין פוליצער'ס „ווארלד".

קאהאן, ווי מיללער, איז אויך א ווילנער און האט אויסגע־שטודירט אויף א סאציאליסט אויף דעמזעלבען אדער פון אן ענלי־כען קורזשאק. אין 1882 איז ער געצוואונגען געווען צו אנטלוי־פען פון רוסלאנד און איז אנגעקומען אהער א יונגער מאן פון צוויי און צוואנציק יאהר. ער האט געענדיקט אין ווילנע דעם אוטשי־טעלסקי אינסטיטוט און דערנאך איז ער געווען א לעהרער אין ווע־ליזש. ווילנע איז קיין גרויסער צענטער פון אינטעליגענץ אין יע־נעצייטען ניט געווען, ווער רעדט שוין פון א וועליזש. מיט דער בילדונג פון א קליינשטעטעלדיקען קורזשקאווען אינטעליגענט פון דער נאראדאוואלטשעסקער פעריאדע איז קאהאן אנגעקומען אהער. ער האט זיך באלד גענומען צו דער ענגלישער שפראך, צו דער ענג־לישער ליטעראטור. זיין גאנצע גייסטיקע ענטוויקלונג האט ער שוין דורכגעמאכט דא, אין אמעריקע, אונטער דעם איינפלוס פון דער אמעריקאנער זשורנאליסטיק.

איך געדענק ווי היינט א געשפרעך, וואס איך האב געהאט מיט מיללער'ן און קאהאנען איבער די אמעריקאנער צייטונגען אין 1891,

ווען איך בין נאך געווען גאר א גרינגער. עס איז געווען ביי מיל־לער'ן אין הויז. ער האט דאמאלט געוואוינט אין דריי קליינע קא־מערלאך ערגעץ, דאכט זיך, אין טשעררי סטריט, און ער האט מיר דערביי דערצעהלט, אז מיט צוועלף דאלאר א וואך לעבט ער מיט זיין פאמיליע אזוי ווי א גראף. אז ער וועט מיט אכצעהן יאהר שפעטער זיין א בעל־הבית איבער א גרויסער טעגלאכער צייטונג, האט איהם אליין דעמאלט ניט געקענט איינפאלען. זיין באגייסטע־רונג פאר דעם געלען זשורנאליזם איז דאמאלט זיכער געווען ריין־אידעאליסטיש.

קען גאר א רוסישע צייטונג גלייכען זיך צו אן אמעריקאנער?" האט מיללער געזאגט. „נעמט, למשל, „רוסקיא ווידאמאסטי" (דאס איז דעמאלט געווען די בעסטע און די ראדיקאלסטע צייטונג אין רוס־לאנד), איז דאס דען א צייטונג? דאס איז א וויסענשאפטליכער זשורנאל, אבער ניט קיין צייטונג. נעמט ווידער די „װאירלד", אט דאס איז א צייטונג, זי איז לעבעדיק, איהר געפינט דארטען נייעס וואס דער לעבען שפראצט פון יעדער שורה". קאהאן איז מיט איהם געווען גאנץ איינפארשטאנען. דאס איז געווען מיט א יאהר דריי פריהער, איידער עס האט זיך נאך געגרינדעט דער „אבענדבלאט", אבער דער רוח פון געלען זשורנאליזם האט שוין געשוועבט אין מיל־לער'ס און קאהאן'ס קעפ.

ווען עס האט זיך געגרינדעט דער „אבענדבלאט", האט זיך גע־עפענט פאר זיי א פעלד, וואו זייערע זשורנאליסטישע אידעען וואל־טען געקענט אנגעווענדעט ווערען. אבער עס איז זיי געשטאנען אין וועג דער רעדאקטאר פון „אבענדבלאט", פיליפ קראנץ.

קראנץ האט זיין פאליטישע און זשורנאליסטישע ערציהונג גע־קראגען אין אייראפא. ער איז שוין געווען א מאן פון דרייסיק יאהר, ווען ער איז געקומען אהער צו ווערען רעדאקטאר פון דער „ארבייטער צייטונג". ער האט געפירט די צייטונג אזוי ווי עס פיהרט זיך א סאציאליסטישע און בכלל א פארטשריטלאכע צייי־טונג אין אייראפא. אז עס האט זיך געגרינדעט די טעגלאכע צייי־טונג, האט ער זי געפירט ווי א טעגלאכע אויסגאבע פון דער „אר־בייטער צייטונג". דאס איז ניט געווען געל, פונקט פארקעהרט, די צייטונג איז געווען א ביסעל פארשלאפען, אבער סטריקטלי כשר.

**דער קאמפף פאר דעם געלען זשורנאליזם האט נויטווענדיקערווייזע געמוזט אננעהמען די געשטאלט פון א קאמפף געגען קראנץ'ן.**

דער קאמפף האט זיך אנגעהויבען אין דער פאבלישינג אססאסיאיישאן. אבער די רעפארמאטארס, מיללער און קאהאן, האבען באגעגענט א העפטיקען ווידערשטאנד פון דער ארגאניזירטער מאשין, וואס איז באשטאנען פון אלע „דזשאב־סאציאליסטען" פון איפס און דער רעדאקציע. פאר איינעם וואס האט שוין א שטעל, איז גלייכער צו אונטערשטיצען די „באשטהענדע ארדנונג", ווארים ווער וויים ווי עס וועט זיך אויסלאזען, ווער וועט זיין דער שטארקערער? מיללער און קאהאן מיט זייערע אנהענגער זיינען געבליבען אין דער מינדערהייט. זיי האבען פראטעסטירט, אז די אבשטימונג האט זיך ניט געפיהרט ערלאך, זיי זיינען ארויס פון די פאבלישינג אססאסיאעישאן מיט אן עפענטליכער ערקלערונג, אז די אסאסיעישאן ליגט אין די הענט פון א מין „טעמעני האל".

דאס האט שרעקלאך אויפגעבראכט די „גענאסען", אז זיי וואלטען די מחברים פון דער ערקלערונג אין חרם אריינגעווארפען. מען האט גאר ניט געוואלט אונטערזוכען, צי די קלאגען זיינען געווען גערעכטע, צי ניט. די עבירה איז באשטאנען אין דער עפענטלאכער אטאקע אויף א סאציאליסטישע ארגאניזאציע. אום זיך צו פארענטפערן, האבען די אפאזיציאניסטען געמוזט אויפטרעטען אים נאמען פון דעם פרינציפ פון פרייע קריטיק. אבער, זייער גאנצע קריטיק האט זיך אין יענעם מאמענט באשרענקט אויף די פירונג פון דעם „אבענדבלאט". מיללער איז געווען דער איינציקער פון די אלע אפאזיציאניסטען, וואס האט שוין דאמאלס געהאט א ברייטערען קריטישען קוק אויף די אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי (די ס. ל. פ.). ער איז געווען אקארסט געקומען פון דייטשלאנד, וואו ער האט פארבראכט א יאהר צייט, צוקוקענדיק זיך צו דער סאציאל־דעמאקראטיע. זייענדיק א מענטש מיט א קאפ, האט ער באלד דערקענט אז די היגע פארטיי האט פשוט געבלאפט מיט איהר יחוס, אז זי האט כלומר'שט א רייכע שוועסטער אין דייטשלאנד, אין דער אמת'ן איז זי גאר א ווייטע קרובה, פערד — פוס — פאדקאווע'ס איינקעל. און ער האט עס אויסגעשפראכען אין אן ארטיקל (אין דער „צוקונפט"), וואס איז געווען ווי א פרישער ווינט אין א מדבר. ניט דאס איז אבער דעמאלט געווען די „אישו", דאס

איז געווען ניט מעהר ווי א פערזענלאכע מיינונג. קאהאן, דער אנ־דערער פיהרער פון די אפאזיציאניסטען, האט אפילו דעמאלט אפען געזאגט, אז ער האלט אינגאנצען ניט פון דער „פרייער קריטיק“.

עם האט אלזא דער „אפאזיציאן“ פון אנהויב געפעהלט א פרינ־ציפיעלער פונדאמענט. אבער די ס. ל. פ. האט מיט איהר „דיס־ציפלין“ פארנאנדערגעבלאזען די אפאזיציע קעגען די פאלישינג אסאסיעישאן אין א גאנצען בונט קעגען די „אייניקייט און די גאנצ־קייט פון דער מלוכה“. גאר ניט געריכטעוהייט זיינען א סך גוטע און פרומע גענאסען געווארען בונטאוושציקעס, און זוכענדיק זיך צו פארטיידיקען האבען זיי אנגעהויבען צו פירען א רעבעלישע שפראך. עס איז מעגלאך אז די גאנצע אפאזיציע וואלט באלד איינגענומען קרח׳ס מפלה, ווי עס האט שוין פאסירט מיט אנדערע מיאטיעזש־ניקעס קעגען די פארטיי. אבער אין א גליקליכאר שעה איז דעבם גראד דעמאלט ארויסגעטראטען מיט זיין „סקאצל־דעמאקראסי“, (ווי דער „אבענדבלאט“ האט זיך געוויצעלט*). דער אקארסט געבא־רענער „פארווערטס“, א צו־להכעיס־צייטונג, האט געקראגען די מעגלאכקייט אויפצוטרעטען אין דער ראליע פון א פאנענטרעגער פון א נייער באוועגונג. פאר דעם ערפאלג פון דער נייער צייטונג איז דאס געווען זעהר וויכטיק. די קריוודעס פון דער אפאזיציע, וואס זי האט געליטען פון דער פאבלישינג אסאסיעישאן, האבען דעם גרויסען פובליקום זעהר ווייניק געארט. ס׳האט אויסגעזעהען ווי א פערזענליכע קריגעריי פון מיללער׳ן און קאהאן׳ען מיט קראנץ׳ן: ס׳זיינען אלע איין חברה, — האט זיך נעקלערט דער זייטיקער מענטש — זיי מעגען זיך איינער דעם אנדערען די קעפ אראפרייסען, וועמעס דאגה איז דאס! ווען אבער דער „פארווערטס“ איז ארויס אין די עפענטלאכקייט אלס דער ארגאן פון א נייער באוועגונג, וואס האט געזאלט ארויספירען דעם סאציאליזם פון אן ענגערן קלייזעל אין די ברייטע וועלט, דעמאלט האט ער אויפגעוועקט באגייסטערונג און אפפערווויליקייט. א טעגלאכע צייטונג איז געגרינדעט געווארען מיט א קאפיטאל פון פינף הונדערט דאלאר! די

*) Social Democracy of America.

שונאים האבען יעדען טאג געווארט אויף איהר טויט. אבער ארעמע ארבייטער האבען אפגעשפארט פון דעם עסען אויף צו שטיצען זייער ציימונג, זייגערלאך און צירונג זיינען פארזעצט געווארען, כדי די צייטונג זאל קענען ארויסקומען מארגען, די זעצער האבען וואכען־לאנג געווארט אויף זייערע שכירות. די דעבסיסטישע באוועגונג האט נעזיכערט די עקזיסטענץ פון דעם „פארווערטס“, ווען ער האט געדארפט פירען אי א קאנקורענץ־קאמפף, ווי יעדע נייע צייטונג, אי א ביטערען פערזענלאכען און פאליטישען קריג. עס האט זיך אבער די מחותנים פון „פארווערטס“ זעהר ניט געוואלט דעם שידוך. מען האט מורא געהאט אז דעבס מים זיין גאנצער קאמאנדע פון דער געוועזענער אמעריקאן רעילוועי יוניאן זיינען „פייקערס“. מיט נויט איז מען אריין אין די דעבסיסטישע באוועגונג, און די פירערס פון דעם דאמאלסדיקען „פארווערטס“ האבען איהר באנוצט ניט מער ווי פאר א מיטעל, דער צוועק איז געווען דער „פארווערטס“ גופא. ווען עס האט זיך געטראפען, אז די אינטערעסען פון „פארווערטס“ זיינען געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסען פון דער באוועגונג, האט מען מקריב געווען די באוועגונג. דאס האט זיך געוויזען ביי דעם ערסטען אויפטריט פון דעבס'ן אין ניו־יארק, ווען מען האט גענומען גרענד סענטראל פעלעס, וואס האט געהאט פלאץ פאר זעקס טויזענט מענטשען, און עס זיינען געקומען אהין געצעלטע פינף הונדערט, ווארים דער „פארווערטס“ האט אויף דעם זעלביקען אווענד אראנזשירט א מעטאטער־בענעפיט.

פארגעסט ניט, אין יענער צייט איז דער „פארווערטס“ נאך ניט געווען קיין געשעפטס־צייטונג. מיללער האט געמאכט אן אנשטענדיקען לעבען אלס אדוואקאט, ער האט אויפגעגעבען זיין פראקטיקע און האט אנגענומען פאר צוואנציק דאלאר א וואך צו זיין רעדאקטאר, און פון די קלאגעדיקע צוואנציק דאלאר פלעגט מען איהם אפט העלפט בלייבען שולדיק. אבער שוין אפילו דעמאלט איז דער ערפאלג פון דער צייטונג געווען בילכער פאר די אינטערעסען פון דער סאציאליסטישער באוועגונג. מיט דעם וואוקס פון דער צייטונג איז דער ערפאלג, אדער פראסט גערעדט: דער דאלאר, געווארען דער גאט פון דעם „פארווערטס“.

ביי א מענטשען, וואס גלויבט אין אידעאלען לעגט זיך ניט

אויפ'ן שכל, ווי אזוי עס איז געקומען דערצו, אז א סאציאליסטישע צייטונג זאל פארגעטערען דעם גאלדענעם קאלב. ווער עס איז אבער באקאנט מיט דער געשיכטע פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג, פאר דעם איז דאס גאר קיין נייעס ניט. עס איז א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג, אז א קאאפעראטיווע אונטערנעמונג, וואס איז געגרינדעט געווארען צוליב אן אידעאל, ענטוויקעלט זיך מיט דער צייט, ווען דער געשעפט געהט גוט, אין א פשוט'ע קאפיטאליסטישע קאמפאניע. אין דעם „פארווערטס“ איז דער גלויבען אין דעם געלען גאט אויך אויסגעוואקסען פון עקאנאמישע ווארצלען.

ווען עס האט זיך צוברענט די מלחמה קעגען דעם „אבענדבלאט“, איז געווארען א געשריי, אז די צרה איז וואס די בעל־הבית'טע איבער דער צייטונג איז א פאבלישינג אסאסיעישאן, א קליינע קליקע. די נייע צייטונג, פארקערט, איז דער אייגענס פון איהרע לעזער, פון דעם „גאנצען פאלק“, און זי מוז רעגירט ווערען דורך א „פאלקספערוואלטונג“. פון ווען באשטעהט אייגענטלאך די פאלקספערוואלטונג, איז אפילו אין די גוטע אלטע צייטען ניט געוועזען זעהר קלאר. און היינט איז אודאי קיין אונטערשיד צווישען דער אמאליקער פאבלישינג אסאסיעישאן און דער איצטיקער פרעסס־פעדערעישאן ניט צו געפינען. אבער מען מולירט נאך עד היום דעם עולם מיט דער „פאלקספערוואלטונג“, אז דער „פארווערטס“ איז כלומרשט דער אייגענס פון דעם „גאנצען פאלק“, און נאך אזעלכע מעשות. אין דער צייט פון א סטרייק געגען די ארויסגעבער פון „פארווערטס“ קומט דאס צוניץ.

אזוי ווי אמאל אין דעם „אבענדבלאט“, איז אין „פארווערטס“ אויך אויסגעוואקסען א קליקע בעאמטע, וואס זיינען די אמת'ע בעלי־הבתים איבער דעם „פארווערטס“. די צייטונג איז חלילה ניט קיין קאפיטאליסטישע אונטערנעמונג, זי זוכט צו מאכען פראפיט, חס ושלום זי ווייזט דער וועלט א ביישפיל, אז אונטער א סאציאליסטישער פארוואלטונג ווערט דער גאנצער פראפיט פון געשעפט צוטיילט צווישען די ארבייטער. אנדערערזייטס ווייזט אויך דער „פארווערטס“ א ביישפיל, אז אין א סאציאליסטישער אונטערנעמונג ליגט די פארוואלטונג פון דעם געשעפט אין די הענט פון די ארבייטער: די אקטיווע מיטגלידער פון דער פרעס פעדערעישאן זיינען אלע פארזארגט מיט שטעלען, און זיי רעגירען אויך איבער דער צייטונג. אויב אייך געפעלט ניט ווי מען פירט זיך אין דער פעדערעישאן, זייט איהר פריי צו ווערען א מיט־

גליד „צוליעך מיט אַלעמען“, (אויב איהר זייט נאָר אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער פון איוניאָן), און איהר קענט זאָגען אַ דעה אין דער צייטונג. עכטע דעמאָקראַטיע, ריין ווי גאָלד! ס׳איז אָבער אַזוי מעגלאַך פאַר אַן אָפּאָזיציע איבערצומאַכען דעם „פאָרווערטס“, ווי עס איז מעגלאַך פאַר נייע מיטגלידער צו רעפאָרמירען טעמעני האָל און מאַכען זי פאַר אמת דעמאָקראַטיש.

דער רעזולטאַט איז, אַז די צייטונג ליגט אין די הענט פון אַ גרופּע מענטשען וואָס מאַכען פון איהר אַ לעבען, און זיי קוקען אויף איהר פּונקט אַזוי, ווי די שותפים פון יעדען אנדערן געשעפט: וואָס מעהר פּראָפיט, איז בעסער. אַמאָל איז אין דעם „פאָרווערטס“ געווען אַ פרייע פּלאַטפאָרמע פאַר סאָציאַליסטישען פּלפּול: היינט איז פאַראַן אַ בינטעל בריעף, וואו עס ווערט דעבאַטירט איבער אַזוינע פראַגען ווי למשל: פאַר וואָס האָט אַ מעוברת׳ע ווייבעל האַלט אַרבעס, און אויב ניט, טו פאַר וואָס ניט? (פריי נאָך דעם „גרויסען קונדעס“).

אויב איהר וועט פרעגען, צי דאָס איז די אויפגאַבע פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, וועט מען אייך ענטפערען, אַז אַן דעם הענקט אָפּ די סירקולייש‌אָן, פּונקט ווי אין די אָפּענהערציק קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, וואו דער ביזנעס מענעדזשער ווייזט אָן דעם טאָן דער רעדאַקציע.

מילא אַ קאַפּיטאַליסטישע צייטונג איז אַ געשעפט און ווערט געפירט איינציק, צוליב פּראָפיט; פאַר אַזאַ צייטונג איז רעכט אַרונטערצוזינקען ביז צו דעם לעזער, אויב דער לעזער ליגט טיף אין בלאָטע. אָבער וואָס טויג דאָס פאַר אַ סאָציאַליסטישע צייטונג, וואָס דער איינציקער זין פון איהר עקזיסטענץ איז דאָך אויפצוקלערען די אַרבייטער, ניט קיצלען זיי אונטער׳ן אַרבעל?

וועגען סאָציאַליזם, וועגען דער אַרבייטער באַוועגונג געפינט איהר אין דעם „פאָרווערטס“ אַזוי פיל ווי אין הורסט׳ס צייטונגען. דערפאַר אָבער איז דער „פאָרווערטס“ סטריקט אָרטאָדאָקסיש אין זיין סאָציאַליזם. די סאָציאַליסטישע אָרטאָדאָקסיע איז נויטיק פאַר זיין געשעפט, פּונקט ווי די אידישע אָרטאָדאָקסיע איז נויטיק פאַר דעם „טאָגעבלאַט“. דערמיט וואָס דער „פאָרווערטס“ אונטערשטיצט אין דער צייט פון קאַמפּיין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייקאַנדידאַטען, צאָלט ער פּדיון דער פּאַרטיי, זי זאָל זיך ניט מישען

אין זיינע געשעפטען. אַט איז געווען אַ סטרייק פון די שרייבער אין „פאָרווערטס“, — ניט אין דער דייטשער „פאָלקסצייטונג“, ניט אין דעם ענגלישען „קאָל“ איז געווען דער סטרייק קיין וואָרט ניט געווען. שטעלט זיך פאָר אַז עס וואָלט אַזאַ סטרייק פּאַסירט אין דער „וואָרהייט“, ווי מיינט איהר, וואָלט מען שוין אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע וועגען איהם גערעדט? אַ ביישפּיל קענט איהר נעמען פון דעם סטרייק אין דער „אידישער וועלט“ מיט עטלאכע יאָהר צוריק. און דאָ וואָלט מען כאטש געזאָגט אַז דער „פאָרווערטס“ איז גערעכט און די סטרייקערס זיינען אונגערעכט, — ניט אַ וואָרט!

איך וויל גאָר ניט אויסמאָלען די בעלי־בתים פון „פאָרווערטס“ פאר אַזעלכע ביסמאַרקס, אַז זיי האָבען עס אין פאָראויס געוואוסט, אַז עס קען זיך ביי זיי מאכען אַ סטרייק פון שריפטזעצער אדער פון צייטונגס־פארקויפערס, און עס איז דעריבער כדאי צו זיין גוטפריינט מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז גאָר ניט נויטיק. די מענטשען האַנדלען אינסטינקטיוו אַזוי ווי עס פּאַסט פאר זייערע אינטערעסען. פאר אַ צייטונג וואָס זוכט צו מאכען געשעפט לוינט זיך ניט איינצורייסען מיט אַ גרויסען טייל פון איהרע לעזער. דער איד איז דורך זיין טויזענט־יאָהריקע געשיכטע אויפגעהאָדעוועט געוואָרען פאר אַ פאַנאַטיקער. ווען ער הערט אויף צו זיין אַ פאַנאַטיקער פון תורת־משה ווערט ער אַ פאַנאַטיקער פון תורת־בונד, ווי רייזין האָט עס טרעפלאך געשילדערט אין אַ סקיצע. דעריבער, ווען אַ צייטונג וויל מאכען געלט פון סאָציאַליסטען, דאַרף זי זיין אָרטאָדאָקסיש. איי וואָס די צייטונג איז געשאַפען געוואָרען פון אַפּיקורסים, און איהר גרונדפּרינציפּ איז כלומרשט געווען „פרייע קריטיק“; נו, כל־זמן עס איז נויטיק געווען אין קריג מיט דער ס. ל. פּ., האָט דער פּרינציפּ ניט געשאַט צו געשעפט, אדרבא. אָבער ווען מען האָט זיך איבערגעבעטען מיט איין העלפט פון דער פּאַרטיי, איז שוין „פרייע קריטיק“ איבעריק געוואָרען, פארקערט, מען האָט נאָך ריזיקירט מיט איהר אנצואווערען אַ היבשע צאָל לעזער, האָט מען מיט איהר נעשלאָגען כפּרות. בשעת מעשה זיינען די דזשאָב־סאָציאַליסטען אונטערשטיצט געוואָרען פון עהרלאכע פאַנאַטיקער, וואָס האָבען זיך נאָר אנגענומען פאר דעם סאָציאַליסטישען גאָט׳ס קריוודע. ווען מען האָט זיך אָבער באַפרייט פון דער קריטיק, איז שוין גרינג געווען

פטור צו ווערען פון די עהרלאכע פאַנאַטיקער. ביסלאכווייז האָט
מען די פאַנאַטיקער געמאַכט זויער און ביטער דעם לעבען און זיי
געצוואונגען איבערצולאָזען די צייטונג אינגאַנצען צו די דזשאב־
סאָציאַליסטען. ווען עס האָט עקזיסטירט אַ פרייע פלאַטפאָרמע אין
דער צייטונג, וואָלטען זיי געקענט אַפּעלירען צו די גענאָסען, צו די
לעזער. איצטער איז אָבער געבליבען כאָטש שריי ח י ו ק י ם.

די אָבשאַפונג פון דער פרייער פרעסע האָט געמאַכט די מאַ־
שין פון „פאָרווערטס“ פאַר די הערשער איבער דעם ראַדיקאַלען אי־
דישען קווארטאַל. דער „פאָרווערטס“ קען קוילענען יעדע אונ־
טערנעמונג, יעדע באוועגונג, ווען די דיפּלאָמאַטיע פון „פאָרווערטס“
האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צו רואינירען אַן אונטערנעמונג
אַ פאראיין, אָדער אַ פּערזאָן, איז פארפאלען. איך וועל דאָ נאָר
דערמאָנען איין ביישפּיל.

פלאַטאָן בראונאָוו איז גוט באקאנט געווען אין דעם אידישען
קווארטאל אַלס קאָנצערטאַנט; ער האָט געזונגען און געשפּילט אין
אַלע ראַדיקאַלע קאָנצערטען, אַ צייט לאַנג איז ער אפילו געווען
צוגעשריבען צו אַ סאָציאַליסטישע סקאָזקע. אין אַ בעזע שעה אָבער
האָט ער זיך געדאַרפט צוקריגען מיט'ן „פאָרווערטס“ איבער אַ פּאָר
דאָלאַר, וואָס ער האָט געמאָנט און דער „פאָרווערטס“, ווי עס
פירט זיך, האָט ניט געוואָלט באצאָלען. אָהין אַהער, עס איז גע־
קומען אַזוי ווייט אַז בראונאָוו האָט אָנגעגעבען אין קאָורט,
(ס'הייסט אין סוד בלע"ז), און דער דזשאָדזש האָט צוגע'משפּט אַז
דער „פאָרווערטס“ איז מחויב צו צאָלען. דעם חוב האָט מען איינ־
געצאָלט, אַ ברירה האָט מען געהאַט! אָבער זינט יענער צייט האָט
מען זיך געשטעלט צום צוועק אָוועקצונעמען ביי דעם מאַן זיין
חיונה. מען נעמט ניט אָן אין „פאָרווערטס“ קיין אַדווערטייז־
מענט וועגען אַ קאָנצערט, אָדער אַ באָל, וואו בראונאָוו איז איינער
פון די קאָנצערטאַנטען. נאַטירלאך, ווען ערגעץ אַ דובראָוונער רע־
וואָלוציאָנערער אונטערשטיצונגס־פאראיין, אָדער אַ לעכעוויצער
יאַנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיעישאָן ווילען אויסמיידען אַ דורכ־
פאָל ביי זייער יעהרליכען באָל, ווילען זיי ניט קריכען מיט אַ גע־
זונטע קאָפּ אין אַ קראַנקע בעט: אַז דער „פאָרווערטס“ איז אין כעס
אויף בראונאָוו'ן, וועט מען אויסקומען אָהן איהם. וועמעס דאגה
איז דאָס אָנצונעמען זיך פאר בראונאָוו'ס קריוודע? יעדער איינער
וואָס האָט נאָר עפּעס שייכות צו קהל'שע געשעפטען, האָט גענוג

אזעלכע פאקטען צו דערצעהלען. יעדע אידישע יוניאן, יעדער ברענטש פון ארבייטער רינג דארף אנקומען צו דער לאסקע פון דעם „פארווערטס", און דאריבער מוזען אלע אידישע ארגאניזאציעס טאנצען אזוי ווי דער „פארווערטס" פייפט.

נאטירלאך, די צייטונג האט געקראגען אזא כח ניט פאר איהרע סאציאליסטישע מצוות, נאר פשוט דערמיט וואס זי איז געווארען א קאפיטאליסטישע צייטונג. איך מיין, אין דעם עקאנאמישען זין פון ווארט: אין דעם „פארווערטס" ליגט היינט־צו־טאג א קאפי־טאל פון א פאר הונדערט טויזענט דאלאר, און דער קאפיטאל געפינט זיך אין די הענט פון א קליינע קאמפאניע, וואס בעל־הבית'עווען איבער איהם פאר זייערע פריוואטע אינטערעסען. אין דעם פרט איז גאר קיין קיין אונטערשיד ניטא צווישען דעם „פאר־ווערטס" און דעם „דזשורנאל" למשל. א קאפיטאליסטישע צייטונג קען דרוקען סאציאליסטישע ארטיקלען, ווען עס לוינט זיך פאר איהר, ווי דער „דזשורנאל האט געדרוקט ארטיקלען פון דעבס'ן. אבער אויב עס לוינט זיך פאר איהר, האט זי די מאכט צו אונטער־דריקען אלע באריכטען וועגען אזעלכע אנגעלעגענהייטען, וואס פאסען איהר ניט אין קרעמעל, און איהר קענט זיך ניט העלפען, ווייל עס פאדערט זיך א גרויסער קאפיטאל צו גרינדען א טעגלאכע צייטונג, וואס זאל קענען קאנקורירען מיט אן אלטען איינגעסטאליר־טען געשעפט.

איין פראבע איז געמאכט געווארען, איך מיין די „ווארהייט". די צייטונג איז געגרינדעט געווארען פון אנהויב צוליב א קריג קע־גען דעם „פארווערטס"; חוץ דעם אבער וואס זי איז געל, אקוראט ווי דער „פארווערטס", איז זי נאך דערצו א פריוואט־געשעפט אהן קיין שום פארשטעלונג. זי קען ניט בעטען נדבות, ווי „אייער איינענע צייטונג"; ווען עס פעלען איהר לעזער, קען זי ניט פאר־שטאפען די לאך מיט א מאסקאראד באל, זי דארף זוכען נייע לע־זער. היינט פאר א געלע צייטונג מאכט גאר ניט אויס, ווער זיי־נען איהרע לעזער, א פעני איז א פעני. פאר וואס דוקא רייסען זיך מיט'ן „פארווערטס" פאר די סאציאליסטישע לעזער? עס זיי־נען פאראן סתם לעזער, וואס אינטערעסירען זיך גאר ניט מיט דעם סאציאליזם. ביסלאכווייז האט די „ווארהייט" גענומען זוכען קונ־דען צווישען די געשעפטס־לייט, צופאסענדיק איהרע ארטיקלען צו דעם גוסט פון איהרע נייע קונדען און איבערלאזענדיק די „גענא־

סען" צו דעם „פאָרווערטס". ס'האָט זיך אויסגעלאָזען ווי מיט די מערסטע היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען: מען האָט זיך צוטיילט מיט דעם מאַרק.

היינט לאָמיר אַ קוק טאָן, מיט וואָס מען טראַקטירט דעם לעזער אין די געלע צייטונגען. די הויפּט סחורה זיינען געוועהנלאַך „סענסאַציעס". וואָס איז אַ סענסאַציע? אין דער היים רופט מען דאָס איינפאַך פּליאַטקעס, ווייבערשע מעשות וועגען דעם, וואָס עס קאָכט זיך ביי דער שכנ'טע אין טעפּעל. מיסיס גולד לעבט שלעכט מיט'ן מאַן, זי האָט האָלט צו מאַכען דעם כום; אַ דינסט־מיידעל האָט דערצעהלט אַז זי האָט געזעהען ווי דער אַקטיאָר פּאָרנום איז אַרויס פון מיסיס גולד'ס נומער אין האָטעל פּאַרטאַג און זיינע האָר זיינען ניט געווען געקאַמט. דערמיט פיטערט מען די לעזער אין די ענגלישע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, און דעמזעלבען געריכט דערלאַנגט מען דעם אידישען ראַדיקאַלען לעזער אויף אַנבייסען.

פאַרשטעהט זיך, די אויפגאַבע פון אַ צייטונג איז צו דערצעלען נייס, די פראַגע אָבער איז: וואָסערע נייס? אַז מען איז מיר געקומען אָנזאָגען, אַז מיין שוועגערין האָט געהאַט אַ מיידעל, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ שטיקעל נייס, אָבער אַרט אייך עפּעס אַ סך מיין שוועגערין'ס קימפּעט? אין אַ שטאָט מיט פינף מיליאָן איינוואוינער פּאַסירען טויזענטער אַזעלכע נייס יעדען טאָג. מען האָט חתונה, מען אַנטלויפט פון דער ווייב, מען שלאָגט אָפּ אַ פרעמדען מאַן, מען קריגט ירושה, מען מאַכט אַ שריפה צו קריגען אינשורענס, מען גנב'עט, מען גזל'ט, מען סמ'ט זיך, מען טרינקט זיך. נעמט אַ סטאַטיסטיקע, וועט איהר געפינען אַז עס פּאַסירען טויזענטער אַזעלכע געשיכטען אַ יאָהר. וואָס איז דאָ פאַראַן וועגען וואָס צו דערצעלען?

נאָר דאָס קען באַטראַכט ווערען אַלס נייס פאַ־ אַ צייטונג, פאַר דעם עולם בכלל, וואָס האָט ערגעץ אַן עפּענטלאַכען אינטערעס. אָט לאָמיך אייך געבען אַ ביישפּיל: ניט לאַנג צוריק איז דאָ געווען אַן אויסשטעלונג פון „שטאָט־קונסט". עס איז דאָרטען געווען אַ סך וואָס צו זעהען און צו הערען. למשל, ווען מען ווייזט אייך אַז אין דער שטאָט ניו־יאָרק עסט דער עולם זיינע איינענע ט י נ ו ף, איז דאָס ניט קיין „סענסיישאַן"

גאר אייך? איהר וועט פרעגען ווי אזוי? גאנץ פראסט, די וואַסער איז דאַ פארפאסקודיעט געווארען דורך דעם, וואס מען ווארפט אהין דעם גאנצען ברוד פון א גרויסער שטאט, אין די וואַסער כאפט מען איסטערס, די איסטערס זענען פאר׳סם׳ט מיט באצילען פון טיפוס, און די ניו־יארקער עסען די איסטערס. עס איז געוויזען געווארען ביי יענער אויסשטעלונג, ווי די גרויסע שטעט אין אייראפע באשיצען די געזונט פון זייערע איינוואוינער און ווי ריקשטענדיק איז די וועלט־שטאט ניו־יארק אין דעם פרט. דאכט זיך, פאר א סאציאליסטישע צייטונג איז דאס אן אויסגעצייכענטער מאטעריאל. א גוטער רעפארטער וואלט דאס געקענט אינטערעסאנט באשרייבען, א רעדאקטאר וואלט וועגען דעם געקענט שרייבען א לייטארטיקעל, ווייזענדיק, ווי די שטאט־רעגירונג שטעלט אין סכנה דעם לעבען פון די איינוואוינער. די אויסשטעלונג האט אנגעהאלטען צוויי וואכען, האט איהר עפעס פיל וועגען דעם געזעהען אין די אידישע ראדיקאלע צייטונגען? פרעגט ביי די רעדאקטערע, וועלען זיי אייך זאגען אז דאס איז גאר ניט אינטערעסאנט.

וועגען דעם פאליטישען לעבען פון לאנד, וועגען די צייט־פראגען פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע, וועגען די פערשידענע ריכטונגען און באוועגונגען וואס אינטערעסירען די אמעריקאנער אינטעליגענץ, — וועגען דעם געפינט איהר אין דעם רוימען „פארווערטס“ נאך ווענינקער ווי אין דעם געלען „דזשוירנאל“. מילא, דאס בין איך איהם מוחל, ווארים אויף דערויף קען מען געפינען א תירוץ, אז דאס זענען אלץ קאלטע רפואות, ווען עס וועט קומען די סאציאלע רעוואלוציאן, וועלען מיר דאס אלץ נעמען מיט א מאל. גאנץ ריכטיק. אבער אין דעם ניינטען דיסטריקט האט מען געפירט א וואהל־קאמפף געגען קאנגרעסמאן גאלדפאגלען. היינט פאסירט מיט גאלדפאגלען אזא געשיכטע. פאר די לעצטע צוואנציק יאהר איז די רעפרעזענטאנטען־הויז אין קאנגרעס געווארען ניט מעהר ווי א קאנצעלאריע פון דעם פארזיצענדען (ספיקער). געגען זיין אלמעכטיקקייט האט מען שוין פראטעסטירט פון לאנגע יאהרען, אבער די רעפובליקאנער פארטיי, וואס האט געהאט די מאיאריטעט אין קאנגרעס, האט שטענדיק אונטערשטיצט די סאמאדערזשאוויע פון דעם פארזיצענדען. עס האט זיך דא געהאנדעלט ניט פראסט וועגען אן

אבסטראקטען פרינציפ, נאר וועגען מאטעריעלע אינטערעסען, וועלכע גויטיקען זיך אין אזא פארזיצענדען וואס זאל קענען פאר־שטאפען דעם מויל דער אפאזיציע. אין דער לעצטער סעסיע האט זיך געפונען א קליינע גרופע רעפובליקאנער, וואס האבען צוזא־מען מיט דער דעמאקראטישער אפאזיציע געוועלט באשרענקען די מאכט פון דעם פארזיצענדען, אבער דער פלאן איז דורכגעפאלען דורך דעם פארראט פון עטלאכע דעמאקראטען, וואס האבען גע־שטימט צוזאמען מיט די רעפובליקאנער, ווארים די קארפארייר־שאנס האבען אזוי געדארפט. צווישען זיי זיינען נאטירליך גע־ווען אלע קאנגרעסלייט פון טעמעני האל, און געוועהנלאך אונזער בכבוד'ער קאנגרעסמאן גאלדפאגעל. דאכט זיך אז אויסגעצייר־כענטער מאטעריאל פאר פאליטישע אגיטאציע פאר א צייטונג, וואס ערשיינט אין גאלדפאגעל'ס דיסטריקט? האט איהר וועגען דעם פיל געלעזען אין דעם „פארווערטס“.

די אויפגאבע פון א סאציאליסטישער צייטונג איז צו פאר־שפרייטען בילדונג, צו וועקען די טעטיקייט, די איניציאטיווע פון דעם ארבייטענדען פאלק. א צייטונג, וואס באריהמט זיך, אז זי האט 80,000 סוירקולישאן*) איז א גרעסערע מאכט ווי די סאציא־ליסטישע פארטיי. אזא צייטונג וואלט געקענט ווערען דער צענטר פון א גרויסער געזעלשאפטלאכער באוועגונג. שוין ניט רעדענדיק וועגען הוירס'ן מיט זיינע צייטונגען, — א גוטער ביישפיעל איז דער שיקאגאר „דיילי סאשאליסט“. ווען עס האט זיך אנגעהויבען דער פראצעס פון רודאוויץ'ן אין שיקאגא, ווער האט געפירט די גאנצע אגיטאציע קעגען זיין אויסליפערונג צו דער רוסישער רע־גירונג? דער „דיילי סאציאליסט“. חוץ דעם וואס די צייטונג האט יעדען טאג געגעבען דריי־פיער שפאלטען נייס וועגען דעם פראצעס, א ליטעראטיקל טאג־טעגלאך, און דערצו נאך א קארטון, האט זי ארגאניזירט קאנפערענצען און מאסען־פערזאמלונגען, קורץ זי איז געווען דער צענטר פון דער גאנצער באוועגונג. וואס האט דער־

---

*) דאס איז געשריבען געווארען אין 1909.

„פאָרווערטס“ געטאָן אין פורען׳ס פּראָצעס?*)

אָדער נעמט אַנאַנדער אַנגעלעגענהייט: די אַגיטאַציע געגען דעם לייענען פּאַציערעס אין אונזער פּאָלקסשולען. עס איז דאָך ווירקלאַך א סקאַנדאַל, וואָס אין א שטאָט וואו עס זיינען פּאַראַן אַ מיליאָן אידען, זאָל מען אין די סקולס צווינגען אידישע קינדער הערען קריסטלאַכע זמירות, וואָס דאָס איז אַ פאַרלעצונג פון דער קאָנסטיטוציע. די באָארד אָוו עדיוקיישאָן האָט עס געהאַט אָפּגעשאַפט, האָבען די פּראָטעסטאַנטישע גלחים אָנגעמאַכט א ליאַרם, און די באָארד אָוו עדיוקיישאָן האָט זיך דערשראָקען און פאַרקערעוועט צוריק. איז עס ניט געווען די פליכט פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג אויפצואוועקען די אידישע מאַסען צו א פּראָטעסט אינ׳ם נאָמען פון דער קאָנסטיטוציע פאַר רעליגיאָנס־פרייהייט? אפילו פון דעם שטאַנדפּונקט פון געשעפט וואָלט זיך דאָס באַצאָהלט, וואָרים אַ סך פרומע אידען וואָס לעזען ניט דעם „פּאָרווערטס“ וואָלטען איהם אונטערשטיצט אין אַזאַ אנגעלעגענהייט. דאָס וואָלט אויך געווען א „סענסיישאָן“, אָבער אַן אַנשטענדיקע, אַ פּאָרטשריטלאַכע סענסאַציע“. די צרה אָבער מיט אונזערע אידישע געלע זשורנאַליסטען איז וואָס זייער פּאָליטישער האָריזאָנט איז זעהר קליין און עס פעלט זיי אָריגינאַליטעט אפילו אין זייערע געלע געשעפטען.

וועגען בילדונג איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען. א צייטונג איז ניט קיין אַקאַדעמיע, אמת. אָבער אַ סאָציאַליסטישע צייטונג האָט געדאַרפט וועקען דעם אינטערעס צו בילדונג, אונטערשטיצען יעדען פאַרזוך צו געבען סיסטעמאַטישע בילדונג דעם אַרבייטער־קלאַס. נו, פאַר־אַ־יאָהרען האָט דער אַרבייטער רינג אויסגעאַרבייט א פּלאַן פון סיסטעמאַטישע לעקציעס, אַ סאָרט פּאָלקס־אוניווערסיטעט, — וואָס האָט דער „פּאָרווערטס“ געטאָן צו פּראָפּאַגאַנדירען די אידעע? אַבסאָלוט גאָרנישט.

---

*) פורען און רודאָוויטץ זיינען געווען אַנטלאָפענע לעטישע רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען דאָ אַרעסטירט געוואָרען אויף דעם פערלאַנג פון דער רוסישער רעגירונג כלומרשט אַלס געמיינע פאַרברעכער. די פאַרהאַנדלונגען האָבען זיך געצויגען אַ לאַנגע צייט, סוף כל סוף האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג אָפּגעזאָגט דער רוסישער אין זייער אויסליפערונג.

אז גאָרדין איז געשטאָרבען, האָט זיך דער „פאָרווערטס" פלוצ־לונג צוואווײנט וועגען איהם, — מען קען דאָך ניט איבערלאָזען אזא טייערע סעסאַנציע פאר די „ווארהײט". אבער ווער האָט געטאָן מערער איידער דער „פאָרווערטס" צו פארניכטען גאָרדין'ס קול־טורעלע ארבייט אויף דער אידישער סצענע? די טעאַטער מענע־דזשעסר זענען אויך ביזנעסלייט, פונקט ווי די בעלי־בתים פון „פאָרווערטס". ווען מען באווארפט גאָרדין'ען מיט בלאָטע, רע־כענט זיך דער מענעדזשער, צו וואָס דארף ער צאָלען שווערע געלט פאר גאָרדין'ס דראַמען, אז ער קען שטעלען שונד דראַמען, וואָס ער קען זיי קריגען פאר אַ מציאה; אי וואָס זיי טויגען ניט, טו מאַכט מען דאָך אין דער סאָציאַליסטישער צייטונג גאָרדין'ען אויך צו־נישט, איז דאָך אַן עבירה די געלט!

און דערנאָך זוכט מען תירוצים, וואָס די סאָציאַליסטישע שטי־מען מערען זיך ניט ביי די וואהלען אין די אידישע דיסטריקטען: מען בויט אַ נייע בריק, פארשטעהט איהר, די נענאָסען האָבען גע־מוזט אריבערציהען זיך אין די בראָנקס!

די דעמאָראַליזאַציע, וואָס איהר האָט אין דעם אידישען קוואר־טאַל אריינגעבראַכט מיט אייער געלע פרעסע, רבותי, האָט גע־הרג'עט אזוי ווי אַ פראָסט די באגייסטערונג פאר ערגעץ אַן אידעאַל. ווען מען זעהט אַז אַלץ איז ביזנעס, אפילו אין אַ צייטונג וואָס איז כלומרשט סאָציאַליסטיש, טו ווי קען מען האָבען צוטרויען צו איהרע לייטאַרטיקלען?

דאָס ערגסטע איז, וואָס די דעמאָראַליזאַציע האָט פארכאַפט אפילו די געגנער פון דעם געלען זשורנאַליזם: מען האָט זיי איינגע־רעדט אַז די מאַסע האָט טאַקע ליב דעם געלען קאָליר, ו ה א ר א י ה? קוקט אויף די ציפערען פון זייער סוירקולעישאָן. נו, און וויבאַלד דער מאַסע געפעלט דאָס, קען מען זיך ניט העלפען.

איך מיין אַבער, אַז מען האָט דאָ אַ גרויסען טעות; עס איז ווי געזאָגט אויף לאַטיין: ווען איין זאַך קומט צוזאַמען מיט דער אַנ־דערער, ווייזט דאָס אַז איינע איז די אורזאַכע פון דער אַנדערער. לאָמיך אייך געבען די צאָהל איינגעוואַנדערטע פון רוסלאַנד אין פאר־שידענע יאָהרען.

**די גאַנצע איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד פון 1820 ביז 1870**

מאכט אוים פינף טויזענט פארשוין. ס'הייסט דורכשניטלאך 100 א יאהר. פון 1870 שטייגט די איינוואנדערונג, עס זיינען אנגעקומען ביז 1880 איבער 50,000. זינט 1881 פאנגט זיך אן די מאסען אימיגראציע. אבער ביז 1897, ווען עס האט זיך געגרינדעט דער „פארווערטס“, זיינען געקומען סך־הכל עפעס איבער א האלבען מיליאן, עס מאכט אוים דורכשניטלאך 33,000 א יאהר. אבער, וואס ווייטער, איז די איינוואנדערונג געשטיגען רק העכער. זינט עס האט זיך געגרינדעט דער „פארווערטס“ ביז דעם 1טען יולי, 1908, זענען אנגעקומען אהער אנדערהאלבען מיליאן איינוואנדערער פון רוסלאנד. אלזא די צאל איינגעוואנדערטע פון רוסלאנד איז היינט פיר מאל אזוי גרויס ווי אין 1897. ווען דער „אבענדבלאט“ האט דעמאלט געהאט 12,000 לעזער, טו קומט אוים אז היינט דארף א סאציאליסטישע צייטונג האבען פיר מאל אזוי פיל, דאס הייסט אן ערך 50,000.

היינט אבער אין די לעצטע פיר יאהר, זינט דעם 1טען יולי 1904, ווען עס האט זיך אנגעהויבען צו רירען אין רוסלאנד, זיינען אהער אנגעקומען איבער 800,0000, ווערענד אין די פריהערע אכט יאהר זענען אנגעקומען וועניקער ווי 700,000. די יונגע אימיגראנטען וואס זיינען געקומען אין די לעצטע רעוואלוציאנערע יארען, זיינען אבסאלוט אלע סאציאליסטיש געזאנען; זיי מעגען זיך באלאנגען צו אלערליי קלייזלאך, אבער יעדענפאלס זענען זיי לעזער פון דעם „פארווערטס“ אדער דער „ווארהייט“, ניט פון די קאנסערוואטיווע צייטונגען. פון די אריבערגעקומענע פון רוסלאנד זענען נאהענט פון א העלפט אידען.

זיבעציק פראצענט פון די רוסיש־אידישע איינוואנדערונג זענען אלט פון 14 ביז 44 יאהר, מער ווי העלפט זיינען מאנזבילען. פון די 817,000 איינגעוואנדערטע פון רוסלאנד זינט פלעווע'ס טויט זענען אן ערך פון הונדערט און פופציק טויזענט יונגע לייט און מיטעלע מענער. אט די 150,000 זענען צוטיילט געווארען צווישען די דריי נאכמיטאג צייטונגען, דעם „טאגעבלאט“, דעם „פארווערטס“ און דער „ווארהייט“. איהר זעהט, איך רעכען די פרויען ניט באזונדער, אנעמענדיק, אז א מאן און א פרוי לעזען צוזאמען דעמזעלביקען עקזעמפלאר. ווייטער גיב איך אוועק אלע גרינע וואס זענען עלטער ווי 44 יאהר צום „טאגעבלאט“. נאך אלעם דעם בלייבען

פאר יעדע פון די צוויי ראדיקאלע צייטונגען דורכשניטלאך 50,000 נייע לעזער, וואס זיי האבען צו פארדאנקען דער רוסישער רעוואלו־ציע; מיט דעם געלען זשורנאליזם האט אט דער צוואוואקס גאר קיין שייכות ניט.

אין אמת'ן, לאמיר זיך אויף איין מאמענט פארשטעלען אז דער „פארווערטס" און די „ווארהייט" וואלטען געווען אן ערך אזעל־כע צייטונגען ווי דער פעטערבורגער „פריינד", — וואלטען דען אט די יונגע גרינע לעזער בעסער געלעזען דעם „טאגעבלאט" איי־דער דעם „פארווערטס", אדער די „ווארהייט"? צוליב וואס? אויב זיי זיינען דאס די וואס קוויקען זיך מיט די געלע נייס, טו איז דאך דער „טאגעבלאט" גאר ניט געל, איז דאך ניט כדאי צו בייטען דעם „פארווערטס" אויף דעם „טאגעבלאט". אדער אפשר אז מען וואלט ניט אנגעפילט די צייטונג מיט שונד און באבסקע פליאט־קעס, וואלטען די אידישע יונגע לייט גאר קיין צייטונג ניט גענומען אין האנט? עס איז א פאקט אז די צוויי קאנסערוואטיווע צייטונ־גען, דער „טאגעבלאט" און דער „מארגען־זשורנאל", זיינען ניט געל און האבען פונדעסטוועגען פונקט אזא סירקולייש'ן ווי די צוויי גע־לע צייטונגען. הייסט דאס דען, אז די אפגעשטאנענע אידען ליבען אן אנשטענדיקע צייטונג, ווערענד דער ראדיקאל געזאנענער יונ־גער דור וויל דוקא א געלע שמאטע? וואס איז דער שכל דערפון? יעדע זאך דארף דאך האבען א זין. פון וואנען, גיט מיר צו פאר־שטעהן, האט זיך מיט אמאל ביי די גרינע גענומען אזא טעם פאר א געלע צייטונג? אין דער היים האבען זיי עס קיינמאל ניט געהאט.

עס איז פאר מיר גאנץ קלאר, אז עס זיינען אהער אנגעקו־מען אין די לעצטע פיר יאהר אן ערך פון הונדערט טויזענט לעזער וואס וואלטען געלעזען אן אנשטענדיקע טעגלאכע ראדיקאלע צײ־טונג. איצטער זיינען זיי געצוואונגען צו לעזען דעם „פאר־ווערטס" אדער די „ווארהייט". וואס קענען זיי טאן?

צוויי טויזענט יאהר זיינען די אידען געווען א פאלק פון לער־נער; די אידען, א קליינער פאלק, האבען געגעבען דער וועלט די דריי הערשענדע רעליגיעס, די אידישע, די קריסטלאכע און די מא־האמעדאנישע; די אידישע מאסע אין רוסלאנד האט געשטרעבט נאך בילדונג, און דא אין אמעריקא וואס טוען די שניידערשע קינ־

דער? נײנציק פּראָצענט פון די אינגלאַך אין סיטי קאָלעדזש זיינען אידישע קינדער, ווערענד די אידען זיינען ניט מעהר ווי אַ פערטעל פון די איינוואוינער פון דער אַלטער שטאָט ניו־יאָרק. גוי’שע אַרבייטער שיקען זייערע קינדער אַרבייטען, ניט אין קאָלעדזש: וואָס ווייזט אַז די אידישע טאַטעס און מאַמעס שעצען אויף בילדונג. אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק איז סטאַטיסטיש באוויזען געוואָרען, אַז אידישע בחורים און מיידלאַך נעהמען צום לעזען וויסענשאַפטלאכע ביכער, ערנסטע ליטעראַטור, ווערענד גוי’שע יונגע לייט לעזען שונד־ראָמאַנען. און אונזערע ראַדיקאַלע צייטונגסלייט דערצעהלען אונדז אַ מעשה, אַז דאָ אין אַמעריקע האָט דער איד אין אַ פּאָר יאָהר אינגאַנצען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך זיינע היסטאָרישע טראַדיציעס, זיין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער!

ברידערלאַך, איהר מעגט זיך זאָגען וואָס איהר ווילט, איהר פאַרשטעהט ניט דעם גייסט פון דעם אידישען לעזער. פּאָהרט זיך דורך אין דעם עלעווייטעד פון די בראָנקס אין דער פריה און פּאַסט אויף, וועלכע ענגלישע צייטונגען ווערען מערסטענסט געלעזען און ווער זיינען די לעזער: דער איירישער האַלט דעם „דזשורנאַל“, דער איד לעזט זיך די „טיימז“. ווער האָט געמאַכט די „טיימז“ פאַר אַ גרויסע צייטונג, אויב ניט די רוסישע אידען?

אויב מען וויל ניט אויפגעבען אין פאַרצווייפלונג יעדע קולטור אַרבייט צווישען דער אידישער מאַסע, איז די ערסטע זאַך וואָס מען מוז האָבען — אַ טעגליכע צייטונג, וואָס זאָל זוכען צו מאַכען דעם לעזער פאַר אַן אינטעליגענטען מענש, ניט פּראָסט אויסנאַרען ביי איהם אַ פּעני: דער שרייבער זאָל זיין אַ פאָלקס־לעהרער, ניט קיין שרייב־קנעכט ביי’ן רעדאַקטאָר אָדער ביי’ן ביזנעס מענעדזשער. די צייטונג זאָל ניט ציהען דעם לעזער פאַר’ן פּאָלע אין איהר קרעמעל אַריין: ווען עם געפעלט צו פליוסקענען זיך אין די לוזשעס פון די געלע צייטונגען, זאָל מען לאָזען פאַרבייגעהן; די קעפּ זענען נאָך ביי די אידען ניט אויסגעדאַרט, צווישען אַ מיליאָן אידען וועלען זיך זיכער געפינען גענוג קונדען פאַר אַ צייטונג וואָס אַן אינטעליגענטער מענטש זאָל זיך ניט דאַרפען מיט איהר שעמען.

# דער אמעריקאנער דרייפוס *)

אויף אזוי ווייט ווי עס ווענדעט זיך אָן דעם אמעריקאנער געזעץ, איז מעגלאך אז אן אונשולדיקער מענטש וועט געהאנגען ווערען, און די העכסטע קאורט פון די פאראייניקטע שטאטען צוזאמען מיט דער העכסטער קאורט פון סטעיט דזשארדזשיא זיינען אויף דעם מסכים. דאָס איז דער אלטער כלל וואָס איז אויסגעדריקט אין דעם לאטיינישען זאץ: „לאָז זיין גערעכטיקייט, מעג די וועלט אונטערגעהן”. גערעכטיקייט מיינט, פארשטעהט זיך, די פאפירענע גערעכטיגקייט פון די קאורטס.

באטראכט נאָר די גאנצע געשיכטע. דער דזשאדזש וואָס האָט געפירט דעם פּראָצעס האָט זיך אויסגעדריקט אז ער איז ניט איבערצייגט, אז פרענק איז שולדיק. צוויי פון די דזשאדזשעס פון דער סופרים קאורט פון די פאראייניקטע שטאטען, נאָכדעם ווי זיי האָבען דורכגעשטודירט דעם סטענאָגראפישען באריכט פון דעם גאנצען פּראָצעס, האָבען אָפיציעל פאר דער גאנצער וועלט ארויסגעזאָגט זייער מיינונג, אז פרענק'ס פּראָצעס איז געווען ניט מער ווי אַ געזעצלאכע לינטשעריי, און פונדעסטוועגען מוז פרענק געהאנגען ווערען, סיידען דער גאָווערנאר וועט זיך אויף איהם מרחם זיין. ער איז אָבער דאָס ניט מחויב צו טאָן, אויב ער וויל ניט. דער סך הכל דערפון איז, אָז אן אונשולדיקער מענטש קען אויף אַ געזעצלאכען אופן געלינטשט ווערן אין די פאראייניקטע שטאטען.

אויב עס וועט איהם געלינגען צו ראטעווען פון דער תליה, וועט דערפאר קיין דאנק ניט קומען דער אמעריקאנער אָפיציעלער גערעכטיקייט, נאָר עס וועט זיין דער רעזולטאט פון דער אגיטאציע וואָס האָט אויפגעוועקט די עפענטליכע מיינונג. ווען אזא אונגליק טרעפט זיך מיט אן ארעמאן וואָס האָט ניט קיין רייכע קרובים וואָס זאָלען פאר איהם קריגען די בעסטע אדוואָקאטען פון לאנד

---

*) ערשינען אין „טאָג” דעם 25טען אפּריל 1915.

און פירען אזא לאנגען קאמפף אין די קאורטס, וואלט ער שוין לאנג געלעגען אין קבר.

דאס איז די גרעסטע שמאך פון דער אמעריקאנער יוסטיץ, די גרעסטע שאנדע פון די אמעריקאנער קאורטס. עס איז א גע־זונטער סימן פון פארטשרים, וואס די דענקענדע מענטשען פון לאנד האבען פארלארען דעם צוטרויען און רעספעקט צו די דזשא־דזשעס. א מענטש וואס האט ניט געשלונגען דעם שטויב פון די פארשימעלטע „רעפארטס" פון די אמעריקאנער קאורטס קען קאם פארשטעהן זייער פסיכאלאגיע. די זיבען דזשאדזשעס אין וואשינגטאן זיינען איבערצייגט אז זיי האבען מקריב געווען א מענטשלאכען לעבען צוליב א פרינציפ. דאס איז דער פרינציפ פון אונאבהענגיקייט פון די סטעיטס. יעדער סטעיט איז לויט דער טעאריע אן אונאבהענגיקע רעפובליק, וואס קען ביי זיך אין דער היים טאן וואס זי וויל; זיי זיינען פארבונדען אין א פעדע־ראציע פאר געוויסע עסקים, און פאר די עסקים איז געשאפען גע־ווארען א פעדעראלע רעגירונג, וואס די סופרים קאורט איז א טייל פון איהר. אבער די פעדעראלע רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין די געשעפטען פון די אונאבהענגיקע סטעיטס. אים נאמען פון דעם פרינציפ פון דער אונאבהענגיקייט פון די סטעיטס האט זיך די סאוטה מיט איבער פופציק יאהר צוריק אפגעטיילט פון די פאראייניקטע שטאטען, און לינקאלן האט ערקלערט קריג צו צווינ־גען די סאוטה מיט גוואלט צו בלייבען אין דעם פערבאנד פון די אמעריקאנער סטעיטס. אונפארטייאישע היסטאריקער אנערקע־נען איצט, אז פון א געזעצלאכען שטאנדפונקט איז די סאוטה געווען גערעכט, אבער די וואשינגטאנער רעגירונג האט געהאט מער געלט און מער סאלדאטען, און זי האט געזיגט. די סאוטה האט זיך געמוזט אונטערגעבען, אבער די וואס האבען געקעמפפט אין די רייהען פון איהר ארמעע זיינען געבליבען ביי זייערע מיי־נונגען. דער איצטיקער פארזיצענדער פון דעם סיופרים קאורט האט געדינט אין דער „רעבעלישער" ארמעע. א מענטש וואס האט גע־שטעלט זיין אייגענעם לעבען אין קאן צוליב א געוויסען פרינציפ קען זיך נאטירליך ניט אפשטעלען פאר'ן געדאנק אז צוליב דעם פרינציפ וועט אן אונשולדיקער מענטש מוזען שטארבען, — זיי־נען דען הונדערטער טויזענטער מענטשען ניט געשטארבען צוליב דעם זעלביקען פרינציפ אין דער צייט פון דעם בירגער־קריג? חוץ

איהם זיינען פאראן אין דער סופרים קאורט נאך צוויי דזשאדזשעס פון די סאוטה. דאס איז די פרינציפיעלע ערקלערונג פון זייער האלטונג.

דערצו דארף מען נאך נעמען אין באטראכט דעם לאקאלען פאטריאטיזם פון די סאוטה. די לינטשערייען פון יענעם פינסטערען געגענד האבען איהם פארשאפט א מאוסן נאמען איבער גאנץ אמעריקע. אנערקענען אפיציעל, אז דער צווישעטער מאב האט אנגעיאגט אזא פחד אויף די דזשורי־לייט, אז זיי האבען פשוט אויס מורא פאר זייער לעבען געמוזט ערקלערען אן אונשולדיקען מענטש פאר שולדיק, וואלט געווען א פאטש אין פנים פאר די קאורטס און די רעגירונג פון דעם סטעיט דזשארדזשיא, און פון די סאוטה בכלל. איהר פארשטעהט עס ניט? קוקט זיך איין אביסעל ארום זיך, וועט איהר אפשר געפינען א משל וואס וועט דאס אייך מאכען קלאר. ווען עס פאסירט א מאוס׳ע מעשה אין ערגעץ א פארטיי, אדער א יוניאן, איז עס ניט א געוועהנטלאכער זאך אז די מיטגלידער פון דער פארטיי אדער פון דער יוניאן זאלען עס פרובירען פארגלייכען? אדער ווען עס האבען זיך געוויזען עכטע אמעריקאנער נענגס צווישען די היגע געבארענע קינדער פון אידישע אימיגראנטען, האבען זיך ניט געפונען אזעלכע פאטריאטישע אידען, וואס האבען געהאט פרעטענסיעס צו יענע אידישע כלל־טוערס וואס האבען זיך גענומען עפענטליך בעקעמפפען די דאזיקע מכה? חוץ דעם איז עס אן אלגעמיינע טענדענץ ביי אלע קאורטס אויפצוהאלטען ביי דעם עולם דעם גלויבען, אז א קאורט קען גאר קיין טעות ניט מאכען. ווען אן אונווויסענדער, אדער א נארישער דזשאדזש האט ארויסגעגעבען אן אונזיניקע ענטשיידונג, וועלען געוועהנלאך די העכערע דזשאדזשעס זוכען אלערליי תירוצים צוריקצואווייזען די אפעלאציע געגען זיין ענטשיידונג.

ווידער, איבער גאנץ אמעריקא געהט איצטער אן א בעוועגונג צו „רעפארמירען“ די קאורטס, צו מאכען די „גערעכטיקייט“ אין קרימינאל־פראצעסען געשווינדער, אפצושאפען די אמעריקאנער פארמאליסטיקע. פון אויבען אן קען זיך דאס אויסווייזען פאר א פראגרעסיווע באוועגונג, אין דער אמת׳ן אבער איז זי טיף רעאקציאנער. דער גאנצער ליארם איז קעגען די לאנגע פראצעסען מיט די פילע אפעלאציעס פון איין קאורט צו דער אנדערער.

ווען אַ מענטש ווערט פאַר׳משפט צום טויט אין אַן אַמעריקאַנער קאָורט און עס געלינגט איהם צו געווינען ביי דער העכערער קאָורט, אַז מען זאָל איהם משפט׳ן איבער אַ נייס, הויפּט זיך אַז אַ בלוטדורשטיקער געשריי אין אַלע צייטונגען, אַז עס נעמט צו לאַנג אין אַמעריקע איידער אַ פאַרברעכער ווערט באַשטראָפט, און דעריבער שרעקען זיך די פאַרברעכער ניט פאַר׳ן געזעץ. נעמט אַ ביישפּיעל פון ענגלאַנד — האָט געשריבען אַזאַ רעדאַקציאָנעלער תּליון מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, ווען אַ לאָנדאָנער דענטיסט איז געהאַנגען געוואָרען פאַר הרג׳ענען זיין ווייב, — אין פינף חדשים נאָכדעם ווי מען האָט געכאַפּט דעם מערדער, איז ער שוין אויפ־געהאַנגען געוואָרען. ביי אונדז וואָלט עס גענומען יאָהרען, ביז וואַנען דער פּראָצעס וואָלט געוואַנדערט פון איין קאָורט אין די אַנדערע!

די פאָרמאַליסטיקע פון די אַמעריקאַנער קאָורטס איז זעהר אָפט אַבסורד און לעכערלאַך, דער גרונד געדאַנק איהרער איז אַ גוטער, אַ הומאַנער: מיט די אַלע „טעקניקאַליטיז״ וויל מען גאַ־ראַנטירען די רעכט פון דעם אַנגעקלאַגטען, אַז אונשולדיקער מענטש זאָל ניט פאַר׳משפט ווערען אַן קלאָרע באַווייזע.

אין פרענק׳ס פּראָצעס האָבען זיך זיינע אַדוואָקאַטען באַנוצט מיט אַזעלכע פאָרמאַלע פּונקטען צו ראַטעווען זיין לעבען. זיי האָבען צום ביישפּיל געוויזען, אַז בשעת די דזשורי האָט אָפּגעגע־בען איהר ווערדיקט, אַז ער איז שולדיק, איז ער ביי דערביי ניט געווען, וואָס דאָס איז קעגען דעם געזעץ. אין גרונד גענומען, וואָס איז די נפקא־מינה, צו ער איז געווען ביי דערביי, צי ניט? נאָכדעם ווי די דזשורי האָט זיך שוין געאייניקט, וואָלט זי דאָך ניט אי־בערגעטריבען איהר מיינונג, צי ער וואָלט געווען דערביי, צי ניט. אָבער געזעץ איז געזעץ. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער פּונקט פאַר פרענק׳ן. דערצו זיינען דאָך פאַראַן דזשאָדזשעס, אַז מען זאָל קענען אויס׳פּשט׳לען יעדען געזעץ, עס זאָל אַרויסקומען פּונקט קאַפּויר. די קאָורט אין דזשאָרדזשיא האָט גע׳פּסקנ׳ט, אַז עס איז טאַקע ריכטיק, אַז פרענק האָט געזאָלט זיין ביי דערביי, אָבער זיינע פּאַרטיידיקער האָבען דאָס געדאַרפט אָנגעבען באַלד ווען זיי האָבען צום ערסטען מאָל אַפּעלירט, און היות ווי זיי האָבען עס תּיכּף ניט געטאָן, איז פאַרפאַלען. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע

געזעצלאכע פשט׳לעך, נאר איך וויל זיך דא ניט ארייגלאזען אין געזעצלאכע פלפולים. דער עיקר איז, אז פרענק איז געפאלען א קרבן פון דער רעפארם־באוועגונג געגען די פארמאליסטיקע פון די קאורטס.

עס האבען זיך געפונען דעמאגאגען אין דער פרעסע, וואס האבען די גאנצע צייט אויפגעהעצט די עפענטלאכע מיינונג קעגען פרענק׳ן. זייער אנפירער איז געווען טאם וואטסאן, פון דזשארדזשיא, אן אמאליקער פאפוליסטישער פאליטישען, וואס האלט זיך פאר א דזשעפערסאנישען דעמאקראט. ער האט פראטעסטירט אים נאמען פון „דעמאקראטיזם“, קעגען דעם וואס מען מאכט אזוי פיל צערעמאניעס מיט א רייכען פארברעכער, ווערענד אן ארעמער פארברעכער וואלט שוין לאנג באשטראפט געווארען. נאך זיין מיינונג נאך דארף גלייכהייט באשטעהן אין דערין, אז אלע אונ־שולדיקע אנגעקלאגטע זאלען צוגלייך געהאנגען ווערען. עס איז אינטערעסאנט, אז גאר פון אנהויב האט די היגע דייטשע סאציא־ליסטישע „פאלקסצייטונג“ אויך אנגענומען א פיינדליכע שטעל־לונג קעגען פרענק׳ן ווייל ער איז א קאפיטאליסט און דעריבער, הייסט עס, שיט ער מיט געלט אויסצודרעהען זיך פאר זיין פארברע־כען. עס איז דא אויך ווערטה צו דערמאנען, אז דער פאפסט פון דעם ארטאדאקסישען פראנצויזישען סאציאליזם, דער אונקאמפ־ראמיסליכער רעוואלוציאנער זשול געד, וואס איז איצטער פאר־בונדען מיט דער רוסישער רעגירונג, איז בעת דער אגיטא־ציע פאר דרייפוס׳ן ארוים קעגען זשארעס׳ן, פאר וואס ער האט זיך ארייגגעווארפען אין דעם קאמפף פאר די באפרייאונג פון א קאפיטאליסט, נאך געד׳ס מיינונג האט עס הפנים ניט געשטימט מיט דער טעאריע פון דעם קלאסען־קאמפף.

קעגען פרענק׳ן, ווי אמאל קעגען דרייפוס׳ן האבען זיך פאר־איייניקייט אלע פארטרעטער פון דעם שטאט. — די קאורטס, דער פראקוראר, די פאלים. פאר דעם אפיציעלען אנקלאגער און פאר די פאלים איז געגאנגען אום זייער רעפוטאציע. אין אמעריקע זיינען די דיסטריקט אטוירנים, די פאלים און די דזשאדזשעס אימער פארבונדען פאליטיש צווישען זיך, נו, וואשט איין האנט די אנדערע. פרענק מוז געהאנגען ווערען, אום צו ראטעווען די רעפוטאציע פון זיין אפיציעלען אנקלעגער.

צו אַלע צרות איז נאָך פרענק אַ איד. צו די אַנטיסעמיטי־שע העצע האָט זיך ענטוויקעלט פון פרענק׳ס פּראָצעס, צו די שנאה צום אידען איז שוין פאר דעם אויך געווען שטארק און פרענק׳ס פּראָצעס האָט נאָר געגעבען די אַנטיסעמיטען די געלעגענהייט אַרויסצוזאָגען וואָס זיי האָבען שוין לאַנג געפילט, איז אַ טעאָרע־טישע פראַגע. דער פאַקט איז אָבער, אז קעגען אַ איד איז דער ווייסער מאָב אין אַטלאַנטאַ געווען צופרידען צו גלויבען אפילו אַ ניגער, וואָס געוועהנלאָך ווען עס האַנדעלט זיך אום אַ ווייסען מענטשען אין די סאוטה, וועט מען זיך אויף אַ שווארצען עדות ניט פארלאָזען.

די גאַנצע געשיכטע פון פרענק׳ס פּראָצעס קלינגט אַזי ווי אַ פרייע איבערזעצונג פון דעם בארימטען ראָמאַן פון עמיל זאָלאַ: „לא ווערימע“ (דער אמת). די הויפּט פיגור אין יענעם ראָמאַן איז אויך אַ געבילדעטער אידישער יונגערמאַן, וואָס איז אַלגע־מיין באטראכט געווען פאר אַן אָרענטלאכען מענטשען, מיט אמאָל ווערט באַגאַנגען אַ מאָרד אין פארבינדונג מיט אַ געשלעכטליכען פארברעכען. דעם אמת׳ן שולדיקען קען מען ניט געפינען. עס געלינגט אָבער דעם פארברעכער צו ווארפען אַ חשד אויף דעם אונשולדיקען אידישען יונגען מאַן. דער אמת׳ער מערדער טרעט אויף אלס דער הויפּט־עדות קעגען דעם אָנגעקלאָגטען איד. די גאַנצע עפענטלאכע מיינונג איז אויפגערעגט קעגען איהם, און ער ווערט פאר׳משפּט צו פארברייגען זיין גאַנצען לעבען אין געפענגנים. יאָהרען געהען אוועק אין זאָלא׳ס ראמאַן, דער געוויסען פון דעם פאלק ווערט אויפגעוועקט. דער פאר׳משפּט׳ער איד קריגט אַ נייעם פּראָצעס, אין וועלכען עס ווערט באַוויזען זיין אונשולד, און ער ווערט באַ־פרייט.

וועט דער אַמעריקאַנער פאָלק דערלאָזען אז אַן אונשולדיקער מענטש זאָל געהאַנגען ווערען, און עס זאָל נאָך זיין טויט באַ־וויזען ווערען, אז ער איז אונשולדיק, ווי עס האָט פּאַסירט מיט עטלאכע יאָהר צוריק מיט אַ אידישען אַרבייטער אין רוסלאַנד?**)

---

**) דעם ענטפער אויף די פראַגע האָט מיט עטליכע מאָנאַט שפּע־טער געגעבען דער מאָב, וואָס האָט געלינטשט פרענק׳ן, נאָך דעם ווי דער גאָווערנאָר האָט אומגעביטען די טויט־שטראָף אויף לעבענס־לאַנ־גען געפענגנים.

# סאָציאַליסטען אין די סויטה וועגען פרענק'ס לינטשריי. *)

אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געווען אין פראַנקרייך איין פראָווינץ, לאַ וואַנדעי, וואָס איז ניט נאָר געבליבען טריי דעם קעניג, אָבער האָט נאָך דערצו געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמפף קעגען דער רעוואָלוציע, אויף דעם שטייגער פון די רוסישע טשערנאָסאָטיענצעס אין אונדזער צייט. ווען עס האָט זיך מיט אכציק יאָהר שפעטער געגרינדעט די דריטע פראַנצויזישע רעפובליק, איז נאָך לאַ וואַנדעי אַלץ געבליבען אַ שוואַרצער פלעק אויף פראַנקרייך. אין דער צייט פון דער ערסטער ביז דער דריטער רעפובליק האָבען דריי דורות רעוואָלוציאָנערע רעפובליקאַנער זיך פשוט גערעכענט מיט דעם פאַקט, אז עס איז פאַראַן אין פראַנקרייך אַ געגענד, וואו עס לעבען האַלב־ווילדע מענטשען, וואָס זיינען אויף הונדערטער יאָהרען אָפגעשטאַנען פון דער היינטיקער ציוויליזאציע, און עס דאַרף נעמען דורות ביז וואַנען זיי וועלען זיך אויסגלייכען מיט די איבעריקע טיילען פון לאַנד.

אָט אזאַ אָפגעשטאַנענע לאַנד פון באַרבאַרען האָבען מיר דאַ אין אַמעריקע. דאָס איז די סויטה. עס איז געווען אַ קללה פאַר די ציוויליזירטע סטעיטס פון די נאָרטה און די וועסט, וואָס לינקאָלן'ס אונגעזעצלאַכע אוזורפּאַציע**) האָט אויף זיי ארויפגע־

---

*) ערשינען אין „טאָג" דעם 30טען סעפּטעמבער, 1915.

**) פאר יענע וואס האבען געלערענט אמעריקאנער געשיכטע פון די אָפיציעלע ביכלאך ווענט אויסקומען דזשיקע, ווען איך זאג, אז לינקאלן האט געהאנדעלט אונגעזעצליך. דאס איז אבער א קאלטער היסטארישער פאקט. לויט דער קאנסטיטושאן פון די פאראייניקטע שטאטען, ווי זי איז אויסגעלעגט געווארען פאר דעם בירגער־קריג, האט יעדער סטעיט געהאט דאס רעכט אָפ־

צוואונג די פּאָליטישע שותּפות מיט די האַלב־ווילדע מענטשען פון די סויטה. און ווען איך זאָג האַלב־ווילדע, מיין איך טאַקע די האַלב־ווילדע אַנגלאָ־סאַקסען, וואָרים איהר דאַרפט וויסען, אַז יענע באַרבאַרען זיינען זעהר שטאָלץ מיט דער ריינקייט פון זייער אָפּשטאַמונג, — אימיגראַנטען פון אַנדערע פעלקער האָבען זיך דאָרטען זעהר זעלטען באַזעצט.

דער צוואַנג וואָס די אַרמעע פון די נאָרטה האָט אַרויפגעלעגט אויף די סויטה האָט דאָרטען פאַרשטאַרקט. די שטימונג פאַר די אָפּגעזונדערטקייט פון יעדען סטעיט, דעם „סעפּאַראַטיזם“ בלע"ז. ווען עס קומען „פרעמדע“, פון מאַסאַטשוסעטס אָדער אילינאָי, און ווילען זאָגען אַ דעה דעם אונאָבהענגיקען סטעיט דזשאָרדזשיא אין זיינע היימישע געשעפטען, ווערען די בירגער פון דזשאָרדזשיא באַלד אויפגעקאָכט: ס'אַראַ חוצפּה!

די סויטה האָט איהר אייגענע וועלט־אַנשויאונג, און זי זאָגט, אַז קיינער חוץ די וואָס זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין די סויטה, קען זיי ניט פאַרשטעהן. און אין דעם זיינען זיי גערעכט: עס איז זעהר שווער פאַר אַ מענטשען פון דעם צוואַנציקסטען יאָהרהונדערט צו פאַרשטעהן דעם געדאַנקען־גאַנג פון מענטשען וואָס לעבען נאָך אין דעם זעכצעטען יאָהרהונדערט.

גאַנץ נאַטירליך, אַז מי קומט צו אַזעלכע האַלב־ווילדע מענטשען און מען וויל ביי זיי איינפלאַנצען דעם סאָציאַליזם, וואַקסט דער־

---

צוטיילען זיך פון די פאַראייניקטע שטאַטען. דאָס איז געשטאַנען אין די לעהר־ביכער פון דעם אַמעריקאַנער געזעץ, דאָס האָבען אַנערקענט די פּאָליטישע טוערס פון אַלע פּאַרטייען, ספּעציעל די אַבאָלישאַניסטען, וואָס האָבען געפירט אַ קאַמפּף געגען שקלאַפעריי, — זיי האָבען געוואָלט, אַז די סטעיטס פון די נאָרטה זאָלען זיך אָפּטיילען פון די סויטה, כדי די נאָרטה זאָל ניט געצוואונגען זיין צו יאָגען זיך נאָך די אַנטלאָפענע שקלאַפען. דער בירגער־קריג איז ניט ערקלערט געוואָרען אום אָפּצושאַפען שקלאַפעריי. לינקאָלן האָט עס גאַנץ קלאָר געזאָגט. די ביזנעס קרייזען פון די נאָרטה האָבען געוואָלט האָבען דעם מאַרקעט פון די סויטה פריי פאַר זיך און פאַרצאַמט מיט אַ טאַריף פאַר ענגלישע וואָרען, — דאָס איז געווען די ריכטיקע אורזאַכע פון דעם בירגער־קריג.

פון ארויס גאָר אַ מאָדנער סאָרט קראַפּיווע. דאָס האָט זיך אויסגעוויזען אין דער געשיכטע מיט פרענק'ן. דער סאָציאַליסטישער „מילוואָקי לידער" האָט אַ „פאָלקס־טריבונע", וואו יעדער איז איינגעלאַדען אויסצודריקען פריי זיין מיינונג. דאָרטען זיינען ערשינען עטלאכע בריף פון סאָציאַליסטען פון די סויטה, וועלכע זיינען גאַנץ צופרידען מיט דער לינטשעריי. עס איז געווען נאָר איין בריף פון א סאָציאַליסט פון די סויטה, וואָס פארדאמט „מאָב לאָא", אָבער אפילו ער גלויבט אויך, אַז פרענק איז געווען שולדיק, נאָר ער פילאָזאָפירט, אַז דאָס איז געווען ניט מער ווי איינער פון פילע ביישפּילען, ווי „דער דלות צווינגט גאַנץ יונגע מיידלאך צו געהן ארבייטען אין די פאבריקען, וואו זיי זיינען אויסגעזעצט צו באַליידיגונגען מצד זייערע בעלי בתים, דורך דעם עקאָנאָמישען דרוק. מערי פייגאַן איז געווען נאָר אַ קרבן פון דעם פארברעכען פון דער געזעלשאַפט און פרענק איז געווען ניט מער ווי אַן אינסטרומענט אין דער סאָציאַלער מאַשינערי".

אַזוי רעט איינער, וואָס איז אַן אויסנאַם. לאָמיר איצטער אויסהערען, וואָס עס זאָגען די עכטע זין פון דער געבענטשער סויטה.

איינער אַ געוויסער ריוועריז פון סאָמערוויל, אין דזשאָרדזשיא, איז זעהר אין כעס, למאי דער „מילוואָקי לידער" האָט איבערגעדרוקט א לייטאַרטיקל פון דער „שיקאַגאָ טריביון", וואָס זאָגט ארויס די מיינונג, אַז די סויטה איז האלב־ציוויליזירט, אונ'ברחמנות'דיק און בויאַנסקע, א סכנה פאר דער גאַנצער רעפּובליק. ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט פּושט אום אַן אונשולדיקען מענטשען, וואָס אַ מאָב האָט געלינטשט, ענטפערט דער סאָציאַליסטישער קאָרעספּאָנדענט פון דעם „מילוואָקי לידער", וואָלט די נייעס פארדרוקט געווען ערגעץ אין אַ פינסטערען ווינקל פון דער פּרעסע און וואָלט דאָרטען פארבליבען העכסטענס צוויי טעג. אָט ליגט אין סאָלט לעיק סיטי דזשאָו היל פאר'משפּ'ט צום טויט אויף זעהר שוואַכע באווייזע פאר אַ מאָרד, וואָס איז באגאנגען געוואָרען אין דער צייט פון אַ סטרייק, און די „שיקאַגאָ טריביון" שרייבט וועגען דעם ניט. וואָס איז די אורזאַכע? — פרעגט ער, און ענטפערט: „ווייל היל איז אַן אָרעמער אַרבייטער, אָהן געלט,

און פרענק איז געווען א קאפיטאליסט״. אבער הערט נאך ווײ־טער:

„די טריביון״ האט קיינמאל ניט געצווייפעלט, אז פרענק האט געמאכט אן אנגריף אויף זיין קליינע לוין־שקלאפין און האט איהר דערנאך דער׳הרג׳עט. דאס איז גאר ניט געווען קיין פראגע פאר די „טריביון״ און דעם גרויסען חיל פארקויפטע צייטונגען. דער עיקר ביי זיי איז געווען נאר איין זאך: עס מוז פעסטגעשטעלט ווערען, אז קיין מאן, וואס קען אויפברענגען אזוי פיל געלט פאר זיין פארטיידיגונג, ווי פרענק, זאל ניט ליידען דערפאר, וואס ער האט געשענדעט און גע׳הרג׳עט א קליינע אונבאקאנטע מיידל אין זיין פאבריק, זיינע א שקלאפין״.

ווייטער זאגט דערזעלבער שרייבער, אז איידער פרענק איז געלינטשט געווארען, זיינען די אלע צייטונגען כלומרשט געווען ענטשלאסען ניט צו פאלגען דעם געזעץ, ווייל זיי האבען געזאגט אז דער געזעץ האט געמאכט א שרעקלאכען טעות, און דאס טאר מען ניט דולדען. אבער ווי באלד פרענק איז געלינטשט געווארען, האט זיך אלץ איבערגעביטען, און די צייטונגען האבען מיט אמאל אנגעהויבען צו שרייען, אז דעם געזעץ מוז מען אימער פאלגען, צי ער איז גערעכט, צי אונגערעכט. דער אמת׳ער זין דערפון, נאך זיין מיינונג, איז דער פאלגענדער:

„דער געזעץ דארף שטעהן אן א זייט, ווען ער קומט אין צוזאמענשטויס מיט די געלוסטען און אינטערעסען פון די רייכע קונדען פון די צייטונגען, אבער ווען דער געזעץ באגעהט אן עולה קעגען דעם פאלק און זיינע קליינע יתומים, מוז מען איהם פאלגען און קיין קשיות ניט פרעגען״.

אן אנדערער, וואס שרייבט פון קענטאקי, זאגט אגב, אז ער איז געגען מאב־לאא, ער וויל אבער, אז די וואס פארדאמען די לינטשערס זאלען לעזען טאם וואטסאן׳ס „דזשעפערסאניאן״, ווע־לען זיי זיך איבערצייגען, אז גאווערנאר סלייטאן האט געמאכט צו נישט דעם געזעץ פון דזשארדזיא, ווייל „גרויסע ביזנעס״ האט איהם אונטערגעשמירט.

„איך וויל, — מאכט ער, — אז די סאציאליסטען פון גאנצען

לאנד זאָלען פארשטעהן די לאגע פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם ארבייטער־קלאַס.

אין וואָס־זשע באשטעהט דער שטאַנדפּונקט פון דעם אר־בייטער־קלאַס אין דער געשיכטע מיט פרענק'ן? אַט הערט.

„אַלע דענקענדע מענטשען ווייסען, אז א קאַפּיטאַליסטישע צייטונג איז נאָר אַ מיטל צו קריגען אדווערטייזמענטס און ווערט דרוקען יעטוועדע זאך, ליבען צו רואינירען, לויט נאך דעם, פאר וואָס זי ווערט קריגען באצאָלט דעם גרעסטען הויפען געלט".

„והראיה? פאר וואָס האט זיך די קאפיטאַליסטישע פרעסע נים אָנגענומען פאר לאָוסאַנ'ען?"*)

מען מוז זיין זעהר קורצזיכטיק נים צו זעהן, אז ווען מען דער־לאָזט די געריכטען פאר'משפּט'ן אונשולדיקע מענטשען, וואָס זיינען רייך, וועט עס זיך דערנאך אויסלאָזען צו די קעפּ פון אָרע־מע לייט, וואָס וועלען אָנגעקלאָגט ווערען אין אַ קרימינאַל־געריכט. ווען מען איז צופרידען, אז א מיליאָנער, הערי טאָא, ווערט קענען דעם געזעץ געהאַלטען פאַרשפּארט (אין דעם גייסט האבען גע־שריבען די „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג" און דער „מילוואָקי לי־דער"), טו דארף מען זיך נים וואונדערען, וואָס די קלאַסען־יוסטיץ האנדעלט פּאַרטייאיש קעגען אן ארבייטער, וואָס פאלט אריין אין איהרע הענט.

א שרייבער פון דעם סטעיט ווירדזשיניא באקלאָגט זיך, אז דער „מילוואָקי לידער" שעדיקט די זאך פון סאָציאַליזם דערמיט, וואָס ער דרוקט איבער ארטיקלען פון צייטונגען, וועלכע „באליי־

---

*) לאָסאָן איז פאר'משפּט געווארען פאר מארד אין א סטרייק אין קאָלאָראַדאָ. נאך דעם ווי דער ארטיקל איז ערשינען, האט ער געקראָגען א נייעם פּראָצעס און איז דערוויילע ארויסגעלאָזען געווארען פון טורמע.

דיקען" דעם פאָלק פון די סויטה.

„דער עולם אין די סויטה איז ראוי ל'סאָציאַליזם, אָבער מיר וועלען ביי זיי קיינמאָל ניט אויספירען זיי זאָלען איהם אָנעמען, אויב מיר וועלען שליידערען זיי אין פנים די באַליידיגונגען פון פאַרטייאישע ציימונגס־רעדאַקטאָרען".

דאָס הייסט, זיי זיינען טאַקע שוין פאַרטיק פאַר דעם סאָציאַליזם, אָבער זיי קענען אין כעס ווערען אויף די צייטונגס־רעדאַקטאָרען, וועלען זיי קיין סאָציאַליסטישען אמן ניט זאָגען. דער שרייבער איז גאַנץ זיכער, אַז פרענק האָט געשענדעט און גע'הרג'עט די פופצען־יעהריקע מיידעל. געוועגלאַך טשעפּעט ער צו באַלד צו פרענק'ן דעם סטרייק־פירער לאָוסאָן, וועלכער איז פאַר'משפט געוואָרען אין קאָלאָראַדאָ, — ס'הייסט, אַז לאָוסאָן איז פאַר'משפט געוואָרען, טאָ פאַרוואָס קומט פרענק'ען מען זאָל איהם באַהאַנדלען מיט מער יושר? דערנאָך קומט די פאָלגענדע טעאָריע פון געזעץ:

„מיר רעדען פון שטאָט און געזעץ, אָבער סוף כל סוף איז דער פאָלק — דער שטאָט, און דער פאָלק איז דער געזעץ, דעריבער מעגען מיר זאָגען, אַז דער פאָלק פון דזשאָרדזשיא האָט גע'הרג'עט פרענק'ן, זיינען מיר ווען עס איז באַרעכטיקט צו נעמען אַ מענטשלאַכען לעבען? און איז אַ מענטש מענטשלאַך, ווען 'ער האַנדעלט ווי אַ חיה?"

עס איז ווירקליך ציעקאַווע צו זעהן, ווי עס אַרבייט דער מח ביי אַ געבאָרענעם פון די סויטה, ווען ער ווערט אַ סאָציאַליסט.
ער קען פשוט ניט זעהן דעם אונטערשיד צווישען דעם טויט־
ער קען פשוט ניט זעהן דעם אונטערשיד צווישען דעם טויט־
וועניקסטענס אַ שטיקל מעגלאַכקייט צו פאַרטיידיקען זיך, און אַ לינטש־מאָרד, וואָס ווערט דורכגעפירט פון אַ באַנדע בלוטדורשטיקע ברואים. ער פאַרשטעהט ניט, אַז הגם דער פאָלק מאַכט דעם געזעץ, קען אָבער דער גאַנצער פאָלק ניט משפט'ען יעדען פאַר־

ברעכער. ווארים דער גאנצער פאָלק האָט דערצו קיין צייט ניט. כדי דער אָנגעקלאָגטער זאָל קריגען אַ ריכטיקען משפט, מוז מען אויסקלייבען מענטשען דערצו, אַ דזשורי און אַ דזשאָדזש. ווען עס האַנדעלט זיך אום די פרייהייט אָדער דעם לעבען פון אַ מענ־טשען, קען אפילו די מאַיאָריטעט פון פאָלק עס ביי איהם ניט אָוועקנעמען: עס פאָדערט זיך אַן איינשטימיקער באשלוס פון די געשוואָרענע. און ווייטער, עס טרעפט זיך, אַז זיי מאכען אַ טעות, וואָס קען אויף אַ געוועגלאכען וועג ניט פארריכט ווערען. דעריבער גיט דער געזעץ דעם גאָווערנאר דאָס רעכט צו באגנאָ־דיגען אַ פארברעכער, — דאָס איז אויך אַ טייל פון געזעץ. דער גאָווערנאר איז דער אויסגעקליבענער פארטרעטער פון פאָלק, דורך וועמען דער פאָלק האַנדעלט, ניט פראָסט ערגעץ אַ באַנדע מענ־טשען, וואָס קיינער האָט זיי ניט געגעבען די מאַכט צו האנדלען אין נאָמען פון פאָלק. דאָס איז דער אלף־בית פון דעמאָקראַטיע, אָבער פאר אַ סאָציאַליסט פון די סויטה איז דאָס צו הויך, ווייל ער איז אויפגעוואַקסען צווישען ווילדע מענטשען, וועלכע האַל־טען פון מאָב־הערשאַפט.

פון די בריוולאך קענט איהר קלאָר זעהן, אַז מיט דער סאָ־ציאָליסטישער באוועגונג אין די סויטה ווידערהאָלט זיך דיזעלבע געשיכטע, ווי מיט עטלאכע און אכציק יאָהר צוריק מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דעמאָלט האָט די סויטה אויך געפּאָ־דערט, מען זאָל זיך ניט מישען אין די פראגע פון שקלאַפעריי. דעמאָקראַטיע, זעהר שעהן, אָבער נאָר פאר די ווייסע, די שוואַרצע שקלאַפען דאַרף מען לאָזען צו רוה. און די דעמאָקראַטען פון די נאָרטה האָבען געמוזט זיי נאָכגעבען, ווייל דער אינטערעס פון דער פּאַרטיי האָט עס געפּאָדערט. פּרעזידענט דזשעקסאָן ווערט באַ־טראכט פאר דעם פאָטער פון דער דעמאָקראַטיע, און ער האָט ארויסגעגעבען אַן אָרדער, אַז דער פּאָסט־אָפיס זאָל ניט איבערשי־קען קיינע צייטונגען, אין וועלכע עס ווערט אָנגעגריפען די שקלאַ־

פעריי.

און היינט קומען די סאָציאַליסטען פון די סויטה און פאַר־לאַנגען, אַז א סאָציאַליסטישע צייטונג זאָל ניט איבערדרוקען קיין אַרטיקעל, וואָס פאַרדאַמט די מאָב־הערשאַפט פון די סויטה, ווייל די בירגער פון די סויטה ווילען דערפאַר פאַריבעל האָבען און ווע־לען זיך אָפּקעהרען פון סאָציאַליזם. אין דער נעגער־פראַגע האָבען זיי שוין לאַנג אָנגענומען דיזעלבע שטעלונג ווי די דעמאָקראַטען און די „ליליען־ווייסע„ רעפּובליקאַנער פון די סויטה.

די סם פון דער רעאַקציאָנערער סויטה האָט שוין פאַרפּעס־טעט די בורזשואזנע רעפאָרמערשע עלעמענטען פון די נאַטרה, זי האָט שוין פאַרפּעסטעט די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג, וועט איהר אויך געלינגען צו פאַר׳סם׳ען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אמעריקא?



# אידישע אינטערעסען אין אמעריקא *)

---

האבען מיר ספעציעל אידישע אינטערעסען אין אמעריקע? אונדזערע רייכע קרובים, די „יהודים", האלטען אין איין טענה'ן, אז די אידען זיינען ניט קיין נאציאנאליטעט, נאר א רעליגיעזע סעקטע, און, היות ווי דער שטאט איז אין אמעריקע אינגאנצען אפגעזונדערט פון דער רעליגיע און אלע אמונות זיינען גלייך און פריי, איז דערפון געדרונגען, אז אלס אידען האבען מיר דא קיין אנדערע ספעציעלע אידישע אינטערעסען ניט, חוץ וואס איז שייך צו דער אידישער אמונה. אין דער פאליטיק זיינען מיר ניט קיין אידען, נאר פשוט'ע אמעריקאנער בירגער, גלייך מיט אלע אנדערע אמעריקאנער בירגער; און ווי אנדערע בירגער, זיינען מיר ענטוועדער רעפובליקאנער אדער דעמאקראטען, אדער — „א חרפה און א זיית" — סאציאליסטען, אבער אידען? נאך וואס?

גאנץ נאטירליך, אז די אידען האבען דערפילט א נויט צו ארגאניזירען זיך, אלס אידען, האבען זיך אונדזערע אמעריקאנער פריינט באלד דערשראקען, די נייע ארגאניזאציע זאל חלילה ניט באנוצט ווערען פאר פאליטישע צוועקען. ווי געניטע פאליטישענס האבען זיי פארשטאנען, ווי אזוי ארייננצוכאפען די „קהלה" אין זייערע הענט און מאכען פון איהר א רעליגיעזען פערבאנד, א סארט אידישען סינאד.

זעלבסט־פארשטענדלאך, מיט אזא „קהלה" קען די איינגעוואנדערטע רוסיש־אידישע אינטעליגענץ גארנישט ניט האבען צו טאן. איך בין א איד, איך בין פארבונדען מיט אידען, מיר זיינען אידען נעהנטער איידער יעדער אנדער פאלק, מיר זיינען טייער די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק. אבער איך וויל צווישען דעם אידישען פאלק אויך רעליגיאנס־פרייהייט, איך וויל אז ביי די אידען זאל די נאציאנאליטעט זיין אפגעטיילט פון דער אידישער אמונה. אויב מ"ר פלוני דעם רב'ס איניקעל וויל פאסטען אום יום־כפור

---

*) ערשינען אין „דאס אידישע פאלק", אקטאבער 7, 1910.

און דער רעווערענד דאָקטאָר סילווערמאַן וויל עסען געפילטע פיש שבת צו־נאַכט און מאַכען הבדלה זונטאָג צו נאַכט, — געזונטער־הייט! אָבער פאר מיר זיינען די משמודים כוואָלסאָן, פערגאַמענט און הערצענשטיין פונקט אַזעלכע כשר׳ע אידען ווי אַ געגאָלטער רעפאָרמירטער „רב". פערזענלאָך בין איך ניט רעליגיעז און איך פארלאַנג פאר זיך אלס איד צווישען אידען דאָס רעכט צו זיין אַ פריידענקער. אונטערשטיצען אַ „קהלה" וואָס וועט האָדעווען מלמדים, האָט ביי מיר פונקט אַזאַ זין, ווי אַנצושליסען זיך אָן אַ קריסטלאכען פאראיין, וואָס שיקט מיסיאָנערען צווישען אידען. בקיצור, ווי מיינער אַ פריינט, איינער פון די ערסטע פּאַלעסטינצעס, האָט מיר געזאָגט מיט דרייסיק יאָהר צוריק: „איך בין אַ איד, אָבער ניט פון דער אידישער קאָנפעסיאָן".

זייענדיק אַ איד, בין איך פאראינטערעסירט אין דעם, אַז דער איד זאָל ניט האָבען צו ליידען דערפאר, וואָס ער איז אַ איד. די „יהודים" מעגען זיך מיינען, אַז עס איז אַ גוטע פּאָליטיק צו מאַכען זיך ניט וויסענדיק פון דעם אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזם, אָבער דאָס רופט מען אויף דייטש: „פּאָגעלשטראוס־פּאָליטיק". דערמיט וואָס מיר פארשליסען די אויגען אויף דעם אַנטיסעמיטיזם, מאַכען מיר נאָר זיך אליין בלינד, דעם אַנטיסעמיטיזם שאַפען מיר ניט אָפּ פון וועלט.

עס זיינען פאראַן אַזעלכע אָפּטימיסטען צווישען אפילו די איינגעוואַנדערטע אידען, וואָס ווילען מאַכען דעם אַמעריקאַנער אַנ־טיסעמיטיזם צו גאָרנישט. „עט, גלאט, וואָס מען לאָזט ניט אריין דעם באַנקיר זעליגמאַנ׳ס אַ זון אין יוניאָן־ליג קלאָב, אָדער סענאַ־טאָר רעינער׳ס שוועסטער אין אַן אַריסטאָקראַטישען האָטעל? אויך מיר אַ גרויסע דאַגה! די אנדערהאַלבען מיליאָן אידישע קלאָוקמאַ־כער, סאָדאַ־וואַסער־סטענד־קיפּערס, און אפילו פאַבריקאַנטען, דאָק־טוירים און אַדוואָקאַטען, וועלען אין יענע קלובען און האָטעלס אליין ניט קריכען, און פון די קריוודעס פון די פּאָר אידישע מיליאָנערען עס איך זיך גאָר וועניג אָפּ די האַרץ".

אַזוי האָט אַ היגער אָפּטימיסט מיט עטלאַכע יאָהר צוריק גע־שריבען אין אַ רוסיש־אידישען מאָנאַטלאַכען זשורנאַל. די אָפּטי־מיסטען פארגעסען אָבער דערביי איין זאַך, אַז די מיליאָנערען וואָס לאָזען ניט אריין אין זייער קלוב קיין אידען, אָדער צוליב וועמען אַ

אידישע מיליאָנערקע ווערט ניט אַריינגעלאָזען אין אַ רייכען האָ־
טעל, — אַז דיזעלביקע מיליאָנערען זיצען אין דעם סענאַט פון די
פאַראייניקטע שטאַטען, אַז זיי מאַכען די פּרעזידענטען פון דער רע־
פּובליק און די מיניסטאָרען. און ווען עס הערשט צווישען ד ע ם
קלאַס מענטשען אַן אַנטיסעמיטישע שטימונג, טו ווערט זי זיך פריי־
הער אָדער שפּעטער אויסדריקען אויך אין דער פּאָליטיק פון דער רע־
גירונג. און אַז דאָס איז ניט גלאַט געשפּונען פון קאָפּ, ווייס יעדער,
ווער עס איז באַקאַנט מיט דער ביורא און אימיגריישאָן.

די האַלטונג פון דיעזער ביורא בנוגע צו אידען האָט זיך
גלענצענד אַרויסגעוויזען אין צוויי פעלע, וואָס זיינען פּאָרגעקומען
אַרום דער זעלבער צייט. אין האָנאָלולו האָבען די אַמעריקאַנער
צוקער־פּלאַנטאַטאָרס געגרינדעט אַ טעריטאָריעלע אימיגרעישאָן־
ביורא, וואָס איהר אויפגאַבע איז צו פאַרזאָרגען די פּלאַנטאַטאָרס
מיט איינגעוואַנדערטע אַרבייטער. דאָס איז, נאַטירליך, גאַנץ גע־
זעצלאָך, כל זמן זיי פאַרשטויסען ניט געגען די געזעצע פון דעם
קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטען. זיי מעגען גאַנץ געזעצ־
לאָך אימפּאָרטירען אַרבייטער פון די פאַראייניגטע שטאַטען: אין
ניו־יאָרק, שיקאַגאָ און אין אַנדערע גרויסע שטעט געהען אַרום אַ סך
מענטשען לעדיק, וואָס וואָלטען צופרידען זיין צו קריגען אַרבייט
אין האָנאָלולו. נאָר אַזעלכע אַרבייטער ווילען די אַמעריקאַנער
פּלאַנטאַטאָרס ניט. זיי ווילען וואָלוועלע אַרבייטער, וואָס זיי זאָ־
לען קענען באַהאַנדלען ווי שקלאַפען, אויף דעם מעקסיקאַנער שטיי־
גער. מער ווי אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג פון דער האַ־
וויי׳ער טעריטאָריע זיינען איינגעוואַנדערטע יאַפּאַנעזער, אָבער די
יאַפּאַנעזער אַרבייטער זיינען פאַר די אַמעריקאַנער פּלאַנטאַטאָרס
געווען צו גרויסע עזות־פּנים׳ער, זיי האָבען געמאַכט אַ סטרייק.
דעריבער האָבען זיך די פּלאַנטאַטאָרס מישב גע־
פאַרשטעהט איהר. דעריבער האָבען זיך די פּלאַנטאַטאָרס מישב גע־
ווען און האָבען געשיקט זייערע אַגענטען צו אימפּאָרטירען רוסישע
מוזשיקעס און אַרבייטער פון סיביר. אויף דעם אופן האָבען זיי
אימפּאָרטירט מער ווי טויזענט מענטשען. קיינמאָל האָט נאָך דער
קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אַזוי פרעך און אָפען ניט עובר געווען דעם
געזעץ געגען אימפּאָרטירטע קאָנטראַקט־אַרבייטער, ווי אין דעם
פאַל: מען האָט די מענטשען גאַנץ קלאָר געזאָגט, אַז זיי פאָרען
אויף צוגעגרייטע שטעלען. מען האָט די לייט אונפאַרשעמט אָפּגע־
נאַרט. און ווען זיי האָבען געפאָדערט דעם פּרייז, אויף וועלכען זיי

האָבען זיך באַדונגען, האָט מען זיי אַרויסגעטריבען. ווען די געשיכטע איז אויף דער אויפפאָדערונג פון פּרעזידענט גאָמפּערס פון דער אַמעריקאַן פעדרערעישאַן אָוו לייבאָר אונטערזוכט געוואָרען פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, האָבען די גרויסע יוריסטען פון דער רעגירונג געפונען, אַז קיין פאַרברעכען געגען דעם געזעץ וועגען קאָנטראַקט־אַרבייטער איז דאָ ניט באַגאַנגען געוואָרען.

אַרום דערזעלבער צייט האָט די יט"א געשיקט אַ טראַנספּאָרט אידישע אימיגראַנטען דורך גאַלוועסטאָן. אין גאַלוועסטאָן און אין די אַרומיקע שטעט זיינען דאָ פאַרטרעטער פון דער יט"א, וואָס האָבען אַרונטערגענומען די אימיגראַנטען און פאַר זיי געזוכט אַרבייט. די יט"א האָט פאַרנאַנדערגעטיילט בראָשורען אין רוסלאַנד, וואו מען האָט דערצעלט די עמיגראַנטען, אַז אויב זיי פאָרען דורך גאַלוועסטאָן, האָבען זיי בעסערע אויסזיכטען צו קריגען אַרבייט, איידער אין ניו־יאָרק, און אַז דאָרטען וועט מען זיי באַגעגנען און העלפען מיט אַן עצה. אָט דאָס, זעהט איהר, האָבען די חכמים פון דער אימיגרעישאָן־ביוראָ יע אָנגענומען פאַר קאָנטראַקטאַרבייט, כאָטש קיין באַשטימטע שטעל האָט מען קיינעם ניט צוגעזאָגט, און אַ סך אונגליקלאַכע מענטשען זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען.

פון די צוויי פעלע קענט איהר זעהן קלאָר, אַז אין אונדזער וואַשינגטאָנער אימיגרעישאָן ביוראָ זיינען פאַראַן צוויי פאַרשיעדענע געזעצען: איינער פאַר די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען, און אַן אַנדערער פאַר אידישע איינוואַנדערער.

לויט וואָס האָבען פערזענלאַך געהאַט צו טאָן מיט דער אימיגרעישאָן־ביוראָ אין וואַשינגטאָן, באַקלאָגען זיך, אַז די לופט אין דער דאָזיקער קאָנצערליאַריע איז אָנגעזעטיקט מיט אַנטיסעמיטיזם. וואָס קען מען שוין ערוואַרטען פון אַ קלענערען טשינאָווניק'ל!

מיר קענען ניט צווינגען, אַז מען זאָל אַ אידישע אַקטריסע אַריינעמען אין אַן אַנטיסעמיטישען אַרטיסטישען קלוב. עס איז אַ שווערע זאַך צו צווינגען דורך דעם געזעץ אַ האָטעל־אייגענטימער אַריינצונעמען אידישע אורחים געגען זיין ווילען. אָבער ווען מיר וואָלטען געווען אָרגאַניזירט אַלס אידען, ניט פאַר רעליגיעזע, נאָר פאַר פּאָליטישע און סאָציאַלע צוועקען, — זייט זיכער, אַז אַזאַ שונא ישראל ווי דער (געוועזענער) אימינרעישאָן קאָמישאָנער וויל־

ליאַמס וואָלט קיין איבעריקען טאָג ניט געבליבען אין אַמט. די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי קען ניט אויסקומען אָהן די אידישע שטימען פון ניו־יאָרק.

און איז דאָס די איינציקע זאַך? אין דער שטאַט ניו־יאָרק, וואו די אידען זיינען אַ פערטעל פון דער באַפעלקערונג, האָבען מיר ניט געקענט אויספירען, אַז מען זאָל די אידישע קינדער ניט צווינגען צו הערען „פּאַציערעס“ אין די פאָלקסשולען, וואָס אפילו אין רוסלאַנד, וואו די קריסטלאַכע רעליגיע איז די הערשענדע רעליגיע, טוט מען דאָס אויך ניט! די קאָרטס און די אַטוירני־דזשענעראַלס אין אַנדערע סטעיטס האָבען גע׳פּסק׳ענט, אַז לייענען די ביבעל אָדער (מאָליטוועס) אין די סקולס און קעגען די קאָנסטיטוציע, אָבער אין ניו־יאָרק האָבען אַ קליינער הויפען פּראָטעסטאַנטישע גלחים מער צו זאָגען איידער אַ מיליאָן אידען, געשטיצט אויף דער קאָנסטיטוציע.

איז דאָס אַלעס? עס וואָלט גענומען צו לאַנג אויסצורעכענען אַלע ביישפּילען, וואו די אידישע אינטערעסען ליידען דאָ דורך דעם, וואָס די אידען זיינען דאָ ניט־אָרגאַניזירט אויף צו באַשיצען זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען אַלס אידען.

עס זיינען נאָך געבליבען צווישען אונדז אַזוינע אוטאָפּיסטען, וואָס עס חלומ׳ט זיך זיי נאָך רק פון קאָסמאָפּאָליטיזם. דער חלום איז וואונדער־שעהן, איך וועל דעם גערן צוגעבען, — גלייכהייט, ברידערליכקייט! די צרה איז נאָר, וואָס דאָס איז אַ חלום. וואָס העלפט, וואָס מיר, אידען, וועלען זיין קאָסמאָפּאָליטען, אַז די גאַנצע גוי׳אישע וועלט באַשטעהט פון שאָוויניסטישע נאַציאָנאַליסטען? ווי עס קריסטעלט זיך, אַזוי אידעלט זיך, — איז אַ ריכטיקער גלייכווערטעל. לאָז זיין, דער נאַציאָנאַליזם איז אַ רעאַקציאָנערע ריכטונג, אָבער ער איז אַן ענטפער אויף דעם אַנטיסעמיטיזם.

כל זמן מען דריקט אונדז, מען וויל אונדז ניט אַנערקענען פאַר מענטשען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אומות־העולם, מוזען מיר זיך ווערען. איינציקווייז קענען מיר עס ניט טאָן. מיר מוזען, אַלזאָ, זיין אָרגאַניזירט אויף אַ נאַציאָנאַלען פונדאַמענט.

---

# יאהודים און אידען.

דער גרויסער רוסישער סאטיריקער סאלטיקאוו דערצעלט א מעשה, ווי אזוי צוויי רוסישע ליבעראלען האבען געזוכט א מיטעל, אז די נאטשאלסטווא זאל זיי גלויבען, אז זיי זיינען פאטריאטען. זיי זיינען געפאלען אויף א פלאן אפצו'שמד'ען א אידען, דערפון וועט שוין קלאר זיין בלא ספק, אז זיי זיינען אמת'ע פאטריאטען. זיי האבען געפונען א אידעל וואס האט ניט געהאט קיין פראוואזשיטעלסטווע און האבען מיט איהם גענומען לערנען תורת יעזוס. ער האט זיך ארויסגעוויזען פאר אזא פרומען קריסט נאך פאר'ן שמד, אז ער פלעגט שטענדיק בעטען מען זאל איהם ווייזען א חזרשען אויער (אזוי מאכט מען חוזק פון א אידען אין רוסלאנד).

איך האב זיך דערמאנט אן דער מעשה ווען איך האב געהערט אין מילוואקי וועגען דעם עפענטלאכען ארויסטרעטען פון די רעפארמירטע ראביי'ס פון יענער שטאט קעגען די אידישע שפראך. די מעשה איז אזוי געווען.

אין דער שטאט מילוואקי פירט זיך א צייט פון עטלאכע יאהר, אז מען לערנט מיט די קינדער אין די פאלקס־שולען פרעמדע שפראכען, אויב זיי ווילען. געוועהנלאך לערנען די קינדער די שפראך פון זייערע עלטערען. אין די פוילישע געגענדען לערנט מען פויליש, עס זיינען פאראן שולען וואו מען לערנט גריכיש, ניט דעם פארצייטיקען יוניש פון האמער אדער פלאטאן, נאר דעם היינטיקען גריכיש, וואס וועניזעלאס און די שטיוועל־פוצערס פון מילוואקי רעדען. האבען זיך באטראכט די גרינדער פון דער אידישער נאציאנאל־ראדיקאלער שולע, אז די אידען זיינען ניט ערגער פאר לייטען און עס וואלט געווען ניט מער ווי רעכט, אז די שטאט זאל זיי געבען א פלאץ ערגעץ אין א סקול. זיי האבען זיך געווענדעט צו דער פארוואלטונג פון א סקול אין דעם אידישען געגענד און האבען עס אהן קיין שום שוועריקקייטען געקראגען. אין 1915 האבען זיי געוואלט עפענען קלאסען אין א צווייטער סקול, און די קאמיטע פון דער באארד אוו עדיוקעישאן האט רעקאמענדירט, אז זיי זאלען עס קריגען. האבען אבער די ראביי'ס קעגען דעם אויפ־

געהויבען אַ פּראָטעסט פאר דער באָארד אוו עדיוקעישאָן, און דר. הירשבערג האָט געפּרעדיגט קעגען אידיש אין זיין טעמפּעל עמאַנועל. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ קליינע סענסאַציע אין שטאָט, און די צייטונגען האָבען וועגען דער דרשה ברייט באַריכטעט. אָט הערט צו, וואָס ער האָט געזאָגט:

„די בירגער פון דיזען לאַנד פעלט ליידער אַ ריכטיקער נאַציאָנאַלער געפיל און גייסט, און די איצטיקע אייראָפּעאישע מלחמה האָט עס באַוויזען... עס איז פאַראַן צופיל „הייפענניזם“ אין אונזער היינטיקען אַמעריקאַניזם. מיר זיינען צושפּאָלטען אין פילע נאַציאָנען אַנשטאַט צו בילדען איין גלייכאַרטיקע נאַציאָן, ווי עס האָט געזאָלט זיין. מיר האָבען אויסלענדישע קווארטאלען אין כמעט אַלע אונזערע גרויסע שטעט וואו מען רעדט אויף פרעמדע שפּראַכען און מען האָלט אויף אַ פּרעמדען אַרט לעבען און פרעמדע מנהגים... עס איז ניט צופיל צו פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיי אַרויפּברענגען וואָס שנעלער אויפ’ן וועג צו ווערען אַמעריקאַניזירט. דאָס אָבער האָבען מיר פאַרברעכעריש פאַרנאַכלעסיקט. און אָט די דאָזיקע פּאָליטיק פון אונזערע פּאָלקס־שולען בנוגע צו דעם לערנען פרעמדע שפּראַכען איז אַ ביישפּיל... עס איז ניטאָ קיין גרעסערע שטערונג צו דער ענטוויקלונג פון אַ נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין, ווי ווען מ’באַשטעהט דוקא אויף דעם געברויך פון ערגעץ אַ פרעמדער שפּראַך, און אָט אונטערשטיצען מיר אין אונזערע שולען דעם געברויך פון אָט די דאָזיקע שפּראַכען.

„אַז איך וואָלט געהאַט די דעה — און איך מיין וואָס איך זאָג, וויסענדיק וואָס פאר אַ שטורם פון פּראָטעסטען עס וועט מסתמא אַרויסרופען — וואָלט איך קיין איינציקע אויסלענדישע שפּראַך ניט געלערנט אין קיינע פון אונזערע שולען, חוץ די הייי־סקולס. און איך וועל זיין אָפען און וועל זאָגען, אַז איך האָב אין זינען, ווען איך זאָג דאָס, אויך די דייטשע שפּראַך און די ספּעציעלע פּרעטענסיעס וואָס זי קען האָבען, אַז מען זאָל זיך מיט איהר רעכענען אין אונזער שטאָט... צוליב שטרענג־אַמעריקאַנער טעמים, האָבענדיק אין זינען איינצופלאַנצען אין אונזערע קינדער אין שול וואָס פריהער אַזאַ טיפען און שטאַרקען אַמעריקאַניזם, ווי עס איז נאָר מעגלאַך, וואָס זאָל פאַרכאַפּען דעם גאַנצען פעלד פון זייער באַוואוסטזיין, אין דעם זין, אַז פון אַ נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט זיי־

נען זיי אמעריקאנער און קיין אנדער פאלק, וואלט איך זיין קעגען יעדער אנדערער שפראך, חוץ די וואס איז געווארען די נאטירליכע, די געבורטס־שפראך פון אונדזער בירגערטום. א פרעמדע שפראך אלס טעגלאכע שפראך אין הויז האט די טענדענץ צו פאראייביקען אויסלענדיזם („פארייניזם" — עס קלינגט פונקט אזוי דזיקע אין ענגליש, ווי „אויסלענדיזם" אין אידיש) ; זי האט די טענדענץ צו באפארבען דעם געדאנק און דעם געפיל מיט אן אויסלענדישען קאליר, און צו שאפען א צוטיילטע נאציאנאלע צוגעהעריקייט און טרייקייט אנשטאט יענער איינציקער און אונגעטיילטער צוגעהעריקייט און טרייקייט, וואס איז דער איינציקער סימן פון דעם אמת'ן בירגער".

ווענדענדיק זיך ספעציעל צו דעם ענין, האט דער ראביי עס כאראקטעריזירט, אלס „אן אפווייכונג פון דער אויסגעפרובירטער און אנגענומענער פאליטיק פון דעם אמעריקאנער אידענטום".

„עס טאר קיינמאל ניט זיין קיין הייפעניזם אין יודאיזם.. מען מוז דעריבער גיכער אנשטרענגען זיך אינ'ם נאמען פון אן אמת'ן אמעריקאניזם צו אנטוואוינען דעם פאלק פון אידיש, איידער צובינדען איהם מערער צו אידיש. לאזען יענע וואס רעדען איצטער אידיש בעסער לערנען זיך צו פארגעסען עס, איידער זייערע קינדער זאלען עס ווייטער פאראייביקען. דאס וועט זיין די גרעסטע טובה פאר די פרישע אידישע אימיגראנטען אין אמעריקא. מיר האבען אזוי אויך גענוג פרעמדע עלעמענטען אין אונדזער אמעריקאנער באפעלקערונג. זאל קיינער ניט נעמען אויף זיך צו ענטוויקלען נאך איינעם".

זינט דער מלחמה פארנעמען ביי אונדז דעם אויבען־אן די עכט־אמעריקאנער פאטריאטען, די קינדס־קינדער פון די אמאליקע „נאטיוויסטען", אדער „נאו־נאטהינגז", וואס זיינען לייבלאכע ברידער פון די „עכט רוסישע לייט". דער ראביי האט זיך געוואלט אונטער'חנפ'ענען צו די „עכט־יענקישע לייט". א חוץ דעם וואס דאס איז שוין אביסעל צו מה־יפות'דיק, איז עס אין א שטאט ווי מילוואקי פראסט געווען ניט טאקטיש צו זאגען, אז מען דארף די דייטשע קינדער ניט לאזען לערנען דייטש.

דעם עכט־אמעריקאנישען ראביי האט גאנץ גוט געענטפערט

איינע פון די גרויסע טעגלאכע צייטונגען פון מילוואָקי, די „פרי פרעס“:

„דער טייל פון אונדזער באפעלקערונג וואָס איז פאראנטוואָרט־לאך פאר די פארלייקענונג פון דעם אמת'ן אַמעריקאַניזם... איז ניט יענער טייל וואָס שטאמט פון דעם אייראָפּעאישען באָדען און רעדט די דייטשע שפּראַך. ניין, דאָס איז יענער טייל פון דער באפעל־קערונג, אַנהויבענדיק פון דעם פּרעזידענט, וואָס רעדט נאָר די ענג־לישע שפּראַך, וועמעס גייסטיקער האָריזאָנט איז באשרענקט דורך דעם, וואָס זיי קענען נאָר די ענגלישע שפּראַך... די פּראַקטישע באקאנטשאפט מיט אַנדערע שפּראַכען חוץ ענגליש וועט ניט מאַ־כען פון אונדז קיין ערגערע אַמעריקאַנער, נאָר בעסערע אַמערי־קאַנער, ווייל אַזאַ באקאנטשאפט וועט אויסברייטען אונדזער גייס־טיקען און מאָראַלישען קוק, וועט מאַכען ליבעראַלער אונדזערע באַ־גריפען און אונדזערע סימפּאַטיעס. קענענדיק שפּראַכען פון אַנ־דערע פעלקער, קומען מיר אין בארירונג מיט זייערע שטרעבונגען און זייער אויפטהואַכץ, און דאָס העלפט דעם אינטערנאַציאָנאַלען פארשטענדניס און דער אינטערנאַציאָנאַלער פריינטשאַפט“.

ספּעציעל פאר די אידישע באפעלקערונג דאָ אין אַמעריקע איז די פראַגע גאָר ניט, ווי פארהיט מען די קינדער פון רעדען אידיש, — נאָר ווי אַזוי האַלט מען אויף די גייסטיקע פארבינדונג צווישען די אידיש־שפּרעכענדע עלטערען און די ענגליש־שפּרעכענדע קינדער. ווען איך בין געווען אין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, וואו עס זיי־נען פאראַן גאָר ווייניק אידען, איז געקומען צו רייד אין אַ אידי־שער קאָמפּאַניע וועגען אָט דער אַנגעוועהטאָקטער פראַגע. אַ גאַנץ אינטעליגענטע יונגע אידישע מוטער האָט זיך באקלאָגט, אַז זי האָט מורא, אַז איהרע קינדער וועלען אויסוואַקסען פרעמד צו איהר. אויב מען וויל ניט צורייסען די פארבינדונג צווישען די קינדער און די עלטערען, דאַרף מען ענטוועדער שיקען די עלטערען אין סקול, זיי זאָלען זיך אויסלערנען ענגליש אַזוי גוט, ווי זייערע קינ־דער, אָדער פארקערט, מען מוז די קינדער לערנען חוץ ענגליש אויך די שפּראַך פון זייערע עלטערען. יעדער קלאָרער מענטש פאַר־שטעהט, אַז די מאַסע אַרבייטער, קליינע געשעפטסלייט און זייערע ווייבער האָבען ניט די צייט, וואָס עס איז נויטיק אויסצולערנען זיך ענגליש אַזוי, אַז עס זאָל פאר זיי ווערען אַ צווייטע מוטער־שפּראַך.

א קינד אבער קען זיך אויסלערנען צוויי שפראכען. אין שוועדען לערנט מען אין די פאלקסשולען אלע אינגלאך דייטש און אלע מיידלאך פראנצויזיש, און ווען זיי ענדיקען, קענען זיי זיך צוזא־מענרעדען אין די שפראכען. דא אין אמעריקע איז עס נאך לייכ־טער. וועגען דעם פראקטישען ווערט, וואס עס האט פאר א מענטשען די באקאנטשאפט מיט מער ווי איין שפראך, איז דאכט זיך פאר אונדז אידען ניטא וואס פיל צו רעדען. איך וויל דא נאר זאגען א פאר ווערטער, ספעציעל צו אונדזערע אסימילאטארישע טאטעס, וואס שיקען זייערע קינדער אין די קאלעדזשעס און אוני־ווערסיטעטען.

עס איז גאנץ קלאר, אז אונדזערע היגע געבארענע קינדער וועלען דא אין א יאהר צען־צוואנציק ארום שפילען א גרויסע ראלע אין דעם עפענטלאכען און ספעציעל אין דעם פאליטישען לעבען. עס ליגט פאר זיי א ברייטער פעלד, צו וועלכען די איינגעוואנדערטע עלטערן האבען ניט געקענט צוקומען. די בעסטע, די אינטעלי־גענטסטע פון אונדזערע קינדער וועלען האבען די מעגלאכקייט צו ווערען פונקט אזוי גרויס און איינפלוסרייך, ווי די קינדער פון די איירישע, די דייטשע און די סקאנדינאווער איינוואנדערער. דערצו מוזען זיי אבער שטיצען זיך אויף די מאסען פון דעם היגען אי־דישען פאלק. און דאס וועט נאר דעמאלט זיין מעגלאך, ווען זיי וועלען פארשטעהן די שפראך פון דעם אידישען פאלק.



# קאפוליער-אמעריקאנער *)

---

א נייער סארט „הייפענעיטעד אמעריקאנז“ (אמעריקאנער מיט א פאסיקעל). עקס־פרעזידענט רוזוועלט און „גענאסע“ טשארלז עדוארד ראסעל דארפען באצייטענס נעמען שריט קעגען די נייע געפאר פאר דעם שמעלצטאפיקען פאטריאטיזם!

דער צענטער פון דעם „קאפוליער־אמעריקאנערטום“ געפינט זיך אין סו־סיטי, — דאס איז א שטאט, וואס האלט א קאמאנדירענדע פאזיציע — רעדענדיק אויף דעם מיליטערישען לשון — איבער דריי שטאטען: איאווא, נעבראסקא און סאוטה דאקאטא. איהר דארפט זיך אבער ניט שרעקען, ס'איז דא קיין געפאר פאר דער נאציאנאלער עקזיסטענץ פון אנקעל סעם'ס מדינה ניט פארבארגען. ניט מער וואס די שטאט איז אויסגעבויט געווארען וואו עס קומען זיך צוזאמען די טייכען מיזורי און סו, און דעם ווינקעל האט מען אויסגעקליבען פאר א גרענעץ־פונקט צווישען די דריי שטאטען.

וואס עפעס האב איך אויסגעקליבען צו שרייבען דוקא מכח סו־סיטי? איז דער תירוץ, אז דאס ווייזט די ראליע פון צופאל אין דער געשיכטע. ווי פריינט פיליפ קראנץ וואלט עס אויסגעטייטשט. פארשטעהט איהר, מען האט מיך אריבערגעבראכט קיין סו־סיטי אויף א לעקטשור, וואס דאס איז דאך ניט מער ווי א צופאל, (ווארים עס זיינען דאך פאראן א סך אנדערע שטעט וואו איך האב ניט געלעקטשורט), נו, האב איך זייענדיק דא ענטדעקט דעם נייעם מין „געפאסיקטע“ אמעריקאנער, די קאפולער־אמעריקאנער.

עס וועלען זיך אפשר געפינען קריטיקער, וואס וועלען זאגען, אז דער נאמען איז ניט שטרענג וויסענשאפטליך, ווייל עס זיינען פאראן אין סו־סיטי א צאל סלוצקער אויך, און ווען איך האב שוין געוואלט אויסקלייבען איין אלגעמיינעם נאמען פאר זיי אלעמען, וואלט פאסענדער געווען זיי צו באצייכענען אלס סלוצקער־אמערי־

---

*) ערשינען אין „טאג“, דעצעמבער, 1915.

קאַנער, וואָרים סלוצק איז דער אויעזד און קאַפּוליע איז ניט מער ווי אַ מיעסטעטשקע אין סלוצקער אויעזד. אויף דערויף אָבער, זעהט איהר, בין איך דאָך פּאָרט אַמאָל געווען פּאַרמישט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און בלויז צוליב דעם וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געמאַכט סלוצק פאַר דעם אַדמיניסטראַטי־ווען צענטער איבער קאַפּוליע, זאָל איך דאָ, אין אַמעריקע, נאָך אַלץ בלייבען טריי צו די געזעצען פון מיין אַלטען פאָטערלאַנד, פון וועל־כען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, ווען איך בין געוואָרען אַן אַמעריקאַ־נער בירגער? נאָו סער! קודם כל, וואָלט דאָס געקענט אויסגעטייטש ווערען, אַז איך שטעל מיין צוגעבונדענקייט צו מיין אַלטען פאָטערלאַנד איבער מיין חוב צו די „סטאַרז ענד סטרייפּס“, און צווייטענס דערלאָזט דאָס מיר ניט מיין אידיש־נאַ־ציאָנאַלער ש ט אָ ל ץ. וועלכער איד ווייס דאָס ניט פון קאַפּו־ליע? „קאַפּוליער אַנצוהערענים“ איז געוואָרען אַ קלאַסישער אויס־דרוק אין דער אידישער שפּראַך. און וואָס איז שייך די פּאָר סלוצ־קער, טו וועלען מיר זיי אריינעמען אונטער דעם קאַפּוליער פּראָ־טעקטאָראַט. דאָס רופט מען אין דער טעאָריע פון ליטעראַטור „פּארס פּראָ טאָטאָ“, וואָס מיינט אויף לאטיין „אַ טייל אנשטאט פון דעם גאַנצען“, ווי למשל ווען מען זאָגט, אַז דער צוועק פון נאָ־מינירען אַ טיקעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז „צו צעהלען די נעזער“, מיינט מען ניט נאָר די „נעזער“, אָבער אויך די קעפּ, צו וועלכע די נעזער שטעהען אין דעמזעלבען פארהעלטניס ווי קאַ־פּוליע צו סלוצקער אויעזד.

די אידישע באפעלקערונג פון סו־סיטי באשטעהט פון אן ערך פינף הונדערט פאַמיליעס. די פּיאָנערען פון דער רוסיש־אידישער אימיגראַציע האבען זיך דאָ באזעצט מיט אַ יאָהר פינף און צוואנציק צוריק. איך האָב זיך געטראָפען מיט איינעם פון זיי, וואָס איז געקומען קיין סו־סיטי אין דער צייט, ווען עס זיינען דאָרטען געווען סך הכל צוויי זכרים איבער אַ מנין... היינט צו טאָג פארנעמען זיי אַ גאַנץ וויכטיקען פּלאַץ אין דעם געשעפטס־לעבען פון דער שטאָט. דער גרעסטער דעפּאַרטמענט סטאָר באלאנגט דאָ צו די ברידער דייווידסאָן, וואָס דער עלטסטער פון זיי איז געקומען אהער פון סלוצק אַן ערך אין דער זעלבער צייט ווי איך. אָבער איך האָב געשטעקט אין ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעט, דעריבער בין איך געבליבען אויף דער עלטער, ניט פאר אייך גערדאכט, אַ אידישער

מחבר און אַ מגיד. מר. דייווידסאָן פאַרקערט איז נעגאַנגען אין די קאָנטרע, האָט אָנגעהויבען פון פעדלעריי און איצטער האָט ער דעם גרעסטען דעפּאַרטמענט סטאָר. דאָס איז אַ לעבעדיקער באַווייז, אַז די פראַגע פון דער אידישער אימיגראַציע אין אמעריקע איז אַ פראַגע פון „דיסטריביושאָן“. לאָזען די אידען זיך צושפּרייטען איבער׳ן לאַנד און ווערען פעדלערס. צו העלפען זיי אין דעריין, דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דעם „רעמואוואַל אָפּיס“.

ניט אַלע אידישע פעדלערס אין סו־סיטי זיינען געוואָרען אייגענטימער פון דעפּאַרטמענט־סטאָר, אָבער זיי מאַכען ניט שלעכט אַלס פעדלערס. איך האָב געהערט פון די היגע סטאַטיסטיקער — ווער איז היינט צו טאָג ניט קיין סטאַטיסטיקער? אַז אַ אידישער פעדלער פאַרדינט דורכשניטלאַך זיינע פופציק־זעכציק דאָלאַר אַ וואָך, וואָס איז אַ סך מעהר, ווי אַ איד קען פאַרדינען, ווען ער שטעלט זיך אַרבייטען אין די סטאָק־יאַרדס. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע אויך, אָבער ניט פיל.

פעדלעריי איז דאָ נאָר די ערסטע שטופע: דער פעדלער שפּאָרט אָפּ אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר און עפענט אַ דזשאָנקשאָפּ, דערנאָך אַרבייט ער זיך אַרויף אויף אַ גרעסערען געשעפט. ווען איהר געהט זיך דורך איבער דעם היגען בראָדוויי — די פערטע סטריט, זעהט איהר אומעטום אידישע נעמען אויף די סיינס. דאָס זיינען אַלץ קאַפּוליער און סלוצקער אידען. עס זיינען דאָ אויך פאַראַן אַ קליינע צאָל רייכע „דייטשע“ אידען, די מערסטע פון זיי זיינען שוין היגע געבאָרענע. די קאַפּוליער און סלוצקער אידען האָבען דאָ אויך אַ גוטע האָפנונג צו ווערען מיט דער צייט דייטשע יאַהודים. די דייווידסאָנ׳ס האָבען שוין געקראָגען זייערע צווייטע פעיפּערס פון דעם רעפאָרמירטען טעמפּעל.

אידישע אַרבייטער זיינען דאָ פאַראַן גאַנץ וועניק. וועגען דעם האָב איך געהערט צוויי טעאָריעס, איינע אַ נאַציאָנאַליסטישע, די אַנדערע אַן אַסימילאַטאָרישע. איינע דערצעהלען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז שטאַרק אין סו־סיטי: אין די סטאָק־יאַרדס נעמט מען אידען צו דער אַרבייט זעהר ניט גערן, און די וואָס מען נעמט יאָ, שטעהען דאָרטען אויס נעברענטע צרות פון די פּאָליאַקען און היימישע רוסען, מיט וועמען זיי דאַרפען אַרבייטען צוזאַמען, און פון די איירישע פאַרלייט. מען רופט זיי „שיני“ אויף יעדען שריט, מען שפּילט זיי אָפּ אַלערליי טריקס — מען גנב׳עט צו זיי־

ערע געצייג, אדער אווראלז. בקיצור, מען מאכט זיי אזוי ענג, אז זיי מוזען אוועקגעהן. אן אסימילאטאר, וואס איך האב זיך מיט איהם באקענט אין מינסק, האט דאס געלייקענט. נאך זיין מיינונג, זיינען דאס ניט מער ווי איינצעלנע פעלע, דער בעסטער באווייז אז דאס איז ניט דער כלל, איז וואס א צאל אידען ארבייטען יע אין די סטאק־יארדס. מילא, ווי די זאך איז, פארבלייבען דארטען די אידען נאר ביז וואנען זיי קענען זיך נעמען פאר ערגעץ אנ׳אנדער זאך, ווארים די ארבייט איז א שווערע און עצאלט זיך שלעכט.

א צאל אידען ארבייטען אלס קלוירקס אין דייווידסאן׳ס דעפארטמענט סטאר, דאס איז דער איינציקער דעפארטמענט סטאר, וואו א איד קען קריגען א שטעל אלס קלוירק, — דאס האט צוגעגעבען מיין אסימילאטארישער פריינט אויך. אין די אנדערע געשעפטען זיינען אויך פאראן אידישע אנגעשטעלטע, אבער נאר אין אזעלכע שטעלען וואו עס פאדערט זיך געניטקייט און ערפארונג — וואו דער איד פארשטעהט דעם געשעפט בעסער פאר דעם גוי, מאכט דעם גוי׳אישען בעל הבית ניט אויס, וואס ער איז א איד.

פאקטיש אבער איז ביז אהער די פראלעטארישע לאגע געווען נאר אן איבערגאנגס־צושטאנד פון די אידען אין סו־סיטי. די וואס האבען זיך שוין צוגעשלאגען צו א געשעפט האבען ארגאניזירט א קאסע אויף צו העלפען די אנפאנגער מיט קרעדיט צו קערעווען זיך. ווען איינער האט שוין אויפגעבויט א שטיקל געשעפט דארף ער ניט אנקומען צו קיינעמ׳ס לאסקע, ווייל די היגע באנקען זיינען קרעדיט־אנשטאלטען פאר דעם קליינעם געשעפטסמאן. אין אזא שטאט ווי סו־סיטי קען מען יעדערען פערזענלאך, און ווען א מענטש האט א גוטען נאמען, איז זיין קרעדיט פיל מאל גרעסער ווי זיין אייגענער געשעפט באטרעפט, — אין אזא שטאט ווי ניו־יארק פירט זיך דאס ניט.

פארשטעהט זיך, זיינען דא אויך פאראן אידישע ארעמע לייט, דער בעסטער באווייז איז, וואס עס זיינען דא פאראן אידישע טשאריטיס. אבער די צאל מענטשען, וואס מוזען אנקומען צו זייער הילף איז קליין.

הגם די אידען זיינען דא א קליינער פראצענט פון דער בא־

פעלקערונג, ווערען דאָך די קאַפּוליער־אַמעריקאַנער דאַ אַנערקענט
אין דער לאָקאַלער פּאָליטיק. אין ניו־יאָרק רעכענט מען זיך מיט
דער צאָל אידישע שטימען ווענינער ווי אין סו־סיטי, ווייל אין
סו־סיטי זיינען די אידען געשעפטסלייט און גיבען צושטייער אויף
די קאַמפּיינס. און אויב עס וועט אונז אויסקומען צו קעמפּפען
געגען אַן אויסלענדישען שונא, וועט „קוירנעל“ רוזוועלט מיט זיינע
זין ניט שטעהען אייגזאַם אויף דער וואַך. אונדזערע קאַפּוליער־
אַמעריקאַנער „קעפּטענז אָוו אינדאַסטרי“, די בעל בתים פון דעם
דייווידסאָן דעפּאַרטמענט־סטאָר האָבען אָרגאַניזירט אַן אייגענע
קאַמפּאַני מיליציע פון זייערע אַנגעשטעלטע צו פּאַרטיידיגען אונ־
זער פלאַג. מען האָט מיר דערצעהלט, אַז עס זיינען געווען אַנדערע
צווישען זיי, וואָס עס האָט זיך זיי גרייליך ניט געוואָלט געהן,
אָבער אַז דער באָס „בעט“, איז ווילענדיק ניט ווילענדיק ווערט
מען אַ פּאַטריאָט.

וואָס איז שייך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, זיינען די אי־
דען פון סו־סיטי אויך דער טעטיקסטער עלעמענט אין דער סאָ־
ציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס על־פּי טעאָריע האָט דאָס ניט גע־
דאַרפט זיין אַזוי, ווייל די אידישע סאָציאַליסטען זיינען אין זייער
פּריוואַט לעבען די זעלבע „בורזשוקעס“, ווי מען פלעגט זאָגען אין
דער היים, אָדער קליין־קאַפּיטאַליסטען אויף דעם אַמעריקאַנער
סאָציאַליסטישען לשון, ווי זייערע גוי'אישע קלאַסען־גענאָסען.
פּאַרקערט די היגע ענגליש־שפּרעכענדע פּראָלעטאַריער שטימען
פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

אַ געשעפטס־מאַן, וואָס דאַרף האַנדלען מיט מענטשען, דאַרף
זיך מיט זיי קענען צוזאַמענרעדען. וואָס איז שייך שפּראַך, זיי־
נען שוין די קאַפּוליער־אַמעריקאַנער מער־ווענינער אַמעריקאַני־
זירט. דער צווייטער דור, וואָס וואַקסט דאַ, וועט שוין זיין גאַנצ־
אַמעריקאַניש און וועט זיכער שפּילען אַ וויכטיקע ראָליע אין דעם
אַלגעמיינעם קהל'שען לעבען פון דער שטאָט. ווי קליין עס איז
נאָך דער היגער אידישער ישוב. — אַ גרויסער טייל זיינען געקומען
אָהער נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, — זיינען דאַ פאַראַן אַ הונ־
דערט אידישע קינדער אין הייסקוהל און זיי זיינען אַלע די בעס־
טע שילער. מען האָט מיר דערצעהלט אַזאַ פאַל. אַ אידישער אינ־
נעל האָט געקראָגען אַ שלעכטען מאַרק (אַטמיעטקע) אין מאַטע־

מאטיקע, האט זיך די לערערין באקלאגט צו זיינעם א חבר:
„סטייטש, איהר קענט מיר ניט איינרייידען, אז א אידישער באי
זאל ניט קענען פארענטפערען אזא פראבלעם אין מאטעמאטיקע?“

די לערערס פארהאלטען זיך זעהר פריינטלאך צו די אידישע
שילער, און אויסערלאך זיינען די באציהונגען צווישען די אידישע
און די גוי'אישע שילער אויך פריינטלאכע. אבער דער אנטיסע-
מיטיזם עקזיסטירט דא, ווי אומעטום. אין דער היי־סקוהל איז
פאראן א „סיוויק־קלאב“, אין וועלכען לויט זיין קאנסטיטושאן
ווערט קיין אידישער שילער ניט אריינגענומען. דער קלוב איז נאך
געגרינדעט געווארען אין יענער צייט, ווען די איינציקע אידישע
שילער זיינען געווען די קינדער אדער די אייניקלאך פון איינגע-
וואנדערטע דייטשע אידען. דער געזעלשאפטליכער אנטיסעמי-
טיזם איז אלזא געריכטעט געווען געגען די „יאהודים“; די „אי-
דען“ האבען איהם שוין געקראגען בירושה. אין דעם געזעלשאפט-
ליכען פארקער האלטען זיך די היגע געבארענע קינדער און קינדס-
קינדער פון די דייטשע יהודים אין זייער אייגענעם קרייז. דער
אידישער נאציאנאליזם דריקט זיך אוים ביי זיי אינסטינקטיוו
אין זייערע טאנץ־קלובען און עהנלאכע פאראיינען.

צום שלוס וויל איך ענטפערען אויף א פראגע, וואס די ענטוויש-
טע לעזער קענען מיר שטעלען: וואס האב איך זיך צונעמשע-
פעט צו זיי מיט סו־סיטי? זיי הערען אפילו דעם נאמען פון דער
שטאט צום ערסטען מאל. איז דער ענטפער, אז סו־סיטי איז ניט
איין שטאט, נאר א טיפ פון אזעלכע שטעט אין די וועסט. פאר-
שטעהט איהר שוין?



# די באוועגונג פאר א אידישען קאָנגרעס.

## I.

מיר האָבען דאָ אין אַמעריקע אַלערליי אָרגאַניזאַציעס, וואָס דאגה'נען פאר דעם גאַנצען פאָלק ישראל, אָדער פאר געוויסע טיילען פון פאָלק. אָבער ווען עס האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען אהער ידיעות וועגען די אידישע צרות אין רוסלאַנד, האָט זיך קיינער פון זיי ניט גערירט פון אָרט, ביז וואַנען עס האָט זיך געפונען גאָר א געוועהנלאכער יונגערמאַן, אָהן קיין שום עפּאָלעטען, וואָס האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע אויפצוּוועקען דעם שלאָפעדיקען עולם. איך מיין דאָ דר. קרימסקי'ן פון ברוקלין.

ווי געוועהנלאך, פאר אַזאַ חוצפּה האָט ער געקראָגען פון אלע זייטען. סטייטש, ו ו ע ר איז ער אַזוינער? מיט וואָס פאר אַ רעכט אונטערשטעלט זיך אַ מענטש, וואָס קיינער קען איהם ניט און קיינער ווייסט איהם ניט, צו נעמען אויף זיך צוזאַמענצורופען אַ מיטינג וועגען אַ פראַגע, וואָס בארירט די אינטערעסען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק? ווער האָט איהם באפאָלמעכטיקט דערצו? עס זיינען פאַראַן „פאראַנטוואָרטלאכע“ אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען קאָמפּעטענט אויפצונעמען אַזאַ פראַגע, אויב זיי ווילען עס געפינען פאר פּאַסיק. אויב זיי שווייגען, מסתמא ווייסען זיי פארוואָס.

די מאָטיווען פון די אָנקלעגער זיינען ניט אימער געווען פריי פון קליינע פּערזענלאכע אינטערעסען, אָבער דאָס איז אַ נעבענזאַך. דער עיקר איז דער קאַזיאָנער — אָדער אויף דעם אַמעריקאַנער לשון, דער מאשינעווער־גייסט, מיט וועלכען עס איז אָנגעזעטיקט אונדזער עפענטלאכער לעבען. אין קיין שפּראַך קען מען דאָס ניט אויסדריקען אַזוי גוט ווי אויף רוסיש: „ווישע לבא אושי ניע ראסטוט“ (די עווערען וואַקסען ניט איבער'ן שטערן) — ס'הייסט אַז די עווערען דאַרפען הערען וואָס דער שטערן קלערט אָפּ. די „עלטערע“ ווייסען בעסער, — אויב די „עלטערע“ שווייגען און טוען גאָר נישט, דאַרף דער עולם שווייגען.

דאָס איז אָבער בשום אופן ניט קיין אויסשליסלאכער נאַציאַ־

נאַל־רוסישער פּרינציפּ. דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע איז עס דער גרונד־פּרינציפּ פון „אָרגאַניזעישאָן“. ער האָט געפונען אַן אויס־דרוק אין דער שטעלונג פון אַ קאָנסעקוועטען „אָרגאַניזעישאָן־מאַן“, מר. לואי מארשאל, ביי דער קאָנווענשאָן פון דער קהלה. מיינט אָבער ניט אז דאָס איז דערפאר וואָס מר. מארשאל איז אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש. גאָר ניט לאַנג צוריק איז ארויס מר. גערבער, אַ בעאַמטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מיט אַן ערקלערונג אין דעם „קאָל“, אז ער איז קעגען יעדען סאָרט פון „פּרי לאַנסעס“, דאָס הייסט פון מענטשען וואָס זיינען טעטיק אין דער עפענטליכקייט אויף זייער אייגענער איניציאַטיווע.

די „אָרגאַניזעישאָן“ לייט רעדען שטענדיק וועגען „פאַראַנט־וואָרטלאַכע“ פּירערשאַפט. דער אמת איז, אַז זיי אַליין זיינען אין דער ווירקלאַכקייט, אויך צו קיינעם ניט פאַראַנטוואָרטליך, חוץ צו זיך אַליין. אויב מען קען וועגען דעם נאָך שטרייטען בנוגע צו פּאָליטישע פּאַרטיי ־ מאַשינען, איז עס קלאָר ווי טאָג אין דער פראַגע וועגען אַ אידישען קאָנגרעס. ווער זיינען די „פאַראַנטוואָרטלאַכע“ קערפּערשאַפטען, וואָס נעמען זיך דאָס רעכט צו רעדען אינ׳ם נאָמען פון די אַמעריקאַנער אידען? פּשוט פאַראייניגונגען פון אַ קליינע צאָל מענטשען, וואָס האַנדלען נאָך דעם פּרינציפּ: „כטאָ פּאַלקו ווזיאַל, טאָט קאַפּראַל“ (ווער עס האָט גענומען דעם שטעקען אין האַנט, יענער איז דער קאַפּראַל).

איך באַשטרייט ניט דאָס רעכט פון ערגעץ אַ קאָמיטע ארויס־צוטרעטען מיט עפענטלאַכע פּראָטעסטען אינ׳ם נאָמען פון זייערע פּרינציפּען און צו אַפּעלירען צום פּאָלק פאַר סימפּאַטי. דאָס איז זייער רעכט. אָבער יעדער איינצעלנער בירגער האָט פּונקט אַזאַ רעכט צוזאַמענצורופען אַ מיטינג צו באַשפּרעכען ערגעץ אַ קהל׳־שען עסק. ווער עס וויל ניט, איז ניט מחויב צו קומען. די וואָס קומען יע, מעגען אָנעמען רעזאָלוציעס, וואָס דריקען אויס זייער מיי־נונג; זיי בינדען דערמיט קיינעם ניט, חוץ זיך אַליין, און יענע, וואָס שטימען מיט זיי איין.

דאָס איז דער אַמעריקאַנער פּרינציפּ פון רעדע־פרייהייט און פערזאַמלונגס־פרייהייט. ווען איהר וועט אריינקוקען אין די גע־שיכטע פון אַלע פּאָרטשריטלאַכע באַוועגונגען, וועט איהר זעהען, אַז עס האָט זיך אימער געפונען ערגעץ אַ יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט

געהאט די חוצפה ארויסצוטרעטען מיט א נייעם געדאנק, ניט פארלעגענדיק איהם פריהער אויף די „ראזסמאטרעניע פון דער פאדליעזשאשטשער נאטשאלסטווע“, — וואס מיינט בלשון אמעריקאנער מאשין־פאליטיק, ניט ארבייטענדיק אין דער ארגאניזעישאן. מארטין לוטער איז געווען אזא יונגערמאנטשיק, לאסאל איז אויך געווען אזא יונגערמאנטשיק. די אמעריקאנער באוועגונג פאר אונאבהענגיקייט האט זיך אנגעהויבען דערפון וואס עטלאכע „אונפאראנטווארטלאכע“ מענטשען האבען גענומען שרייבען בריוולאך איינער צום אנדערן, — זיי האבען זיך געגעבען א נאמען „קאמיטי אוו קארעספאנדענס“.

אט אזא קאמיטע, די „דזשואיש עמאנסיפעישאן קאמיטי“, איז אויסגעוואקסען פון דעם מיטינג וואס דר. קרימסקי האט צוזאמענגערופען. דאס איז געווען דער אנפאנג. אין דער קאמיטע זיינען אריין עטלאכע טוערם אלס יחידים, אבער די ארגאניזאציעס זיינען נאך דערווייל געשטאנען פון ווייטען.

דער צווייטער שריט איז געמאכט געווארען, ווען יוסף באראנדעס האט צוזאמענגערופען א גרויסע פארזאמלונג פון באקאנטע אידישע כלל־טוערם פון אלע שאטירונגען. עס האט זיך געגרינדעט א קאמיטע מיט דעם נאמען „דזשואיש רייטס קאנגרעס“, וואס האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צוזאמענצורופען א אידישען קאנגרעס. דיזער שריט איז באטראכט געווארען פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע אלס א דירעקטע אפאזיציע צו איהר. עטלאכע רעדנער ביי דער פארזאמלונג האבען טאקע שארף קריטיקירט די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע פאר איהר אונטעטיקייט און איהר אונדעמאקראטישע האלטונג. ווי עס האט זיך שפעטער אויסגעוויזען, איז איהר אונדעמאקראטישקייט געווען ענג פארבונדען מיט איהר אונטעטיקייט: זי האט גארנישט ניט געטאן דערפאר, וואס זי האט געהאלטען פאר שעדלאך עפעס צו טאן, איהר לאזונג איז געווען — „ליי לאו“, שווייגען שטיל, — „מיר אידען דארפען זיך ניט מישען“, ווי אונדזערע טאטעס פלעגען זאגען. אויב מען זאל אריינלאזען דעם „מאב“, וועט ער זיך צושרייען אויפ'ן קול, און ווער קען קאווירען אז דער געשריי וועט זיין דיפלאמאטיש?

דאס רוב פון אונדזערע יהודים זיינען, פונקט ווי אלע אנדערע אמעריקאנער, פרא־אלייעס. זיי האבען אבער קיינמאל ניט גע־

שמעקט דעם קאַנצעליאַרסקען און דעם סאָלדאַטסקען גערוך, דער־ריבער האָבען זיי אויס באַגייסטערונג פאַר די פראַנצויזען און ענג־לענדער פאַרמאַכט די אויגען אויף די רוסישע רציחות קעגען די אידען. זיי זיינען נעווען קעגען יעדען פאַרזוך באַקאַנט צו מאַכען די אַמעריקאַנער פּרעסע מיט די פאַרפאָלגונגען פון די רוסישע אידען, וואָס זינט די צייטען פון טאָרקעמאַדא און כמעלניצקי האָט די וועלט אַזעלכע באַרבאַרייען ניט געזעהען. איך וויל זיי ספּע־ציעל ניט באַשולדיקען: די איצטיקע מלחמה האָט פאַרטעמפּט דעם געפיל פון מענטשלאַכקייט ביי פילע גוטע לייט. מענטשען, וואָס באַוויינען די ליידען פון דער „אונשולדיקער“ בעלגיע, וועלכע איז געגאַנגען אין מלחמה און האָט געליטען אַ נידערלאַגע, דיזעלביקע מענטשען בלייבען קאַלט, ווען איהר דערמאַנט זיי אָן די צרות וואָס די רוסישע אידען שטעהען אויס גאָר אונשולדיקערהייט פון זייער איינענער רעגירונג. איך רעד פון סאָציאַליסטען, וואָס זיי־נען אַליין אידען דערצו. זייער טענה איז אַז די אידען זיינען ניט די איינציקע מענטשען אין דער וועלט, און אויב מען דאַרף דעם פּאַניע'ס הילף צו ראַטעווען די פראַנצויזישע און די ענגלישע „דע־מאָקראַטיע“, מוזען די אידען ליידען. אויב אידישע סאָציאַליסטען, וואָס זיינע אַליין אַריבערגעקומען פון רוסלאַנד, קענען אַזוי פילען, טאָ וואָס קען מען האָבען צו די היגע געבאָרענע יהודים? זיי קען מען לכל הפּחות פאַרענטפערען דערמיט, וואָס זיי האָבען מורא אויפצורייצען אַן אנטיסעמיטישע באַוועגונג אין אַמעריקע, אויב די אַמעריקאַנער וועלען זיך דערוויסען אַז די אידען האָבען פיינט די רוסישע נאַגאַיקע.

מילא, פאַר דעם ברייטען עולם איז די פּאָזיציע פון דער אַמע־ריקאַן דזשואיש קאָמיטע געוואָרען קלאָר מיט אַ צייט שפּעטער. ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט דער „דזשואיש רייטס קאָנגרעס“, זיינען אַ סך פון די אנוועזענדע געווען גאַנץ „נייטראַל“ צו דער אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע (איהר קענט מיך אויך אריינרעכענען צו זיי). עס האָט פּשוט קיינעם ניט געהאַרט, צי די אַמעריקאַן דזשו־איש קאָמיטע טוט עפּעס, צי זי טוט גאָרנישט, — ווער קען פון איהר מאַנען, זי זאָל טאָן מערער ווי זי וויל אַליין טאָן? זי איז דאָך ניט מער ווי אַ פּרייוויליקער פאַרבאַנד, וואָס האָט אויף זיך ניט גע־נומען קיין פאַדריאַד צו זאָרגען פאַר די גאַנצע וועלט. ווידער, האָט זי דאָך קיין חזקה ניט אויף אַלע אידישע עסקים, — טוט זי ניט,

מעגען אנדערע טאן. ווען עס איז געקומען צו דער פארזאמלונג דר. מאגנעס און האט פארגעשלאגען, מען זאל זיך דורכרעדען, אפשר וועט מען געפינען א וועג צו געהן האנט אין האנט מיט דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע, האבען אלע באלד איינגעשטימט אויף דעם.

די פארטרעטער פון אלע ריכטונגען אין דער באוועגונג פאר א אידישען קאנגרעס האבען געוויזען אז זיי האבען געוואלט אז אלע אידען זאלען האנדלען פאראייניקט אין דיזער פראגע. מען איז צופרידען געווען צו ברענגען אלערליי קרבנות אויף דעם מזבח פון דעם מולך פון אחדות. מענטשען וואס האבען זיך ביז אהער צוליב אלערליי טעמים ניט באטייליקט אין דער קהלה זיינען דעם מאל געגאנגען אלם דעלעגאטען צו איהר קאנוועגשאן.

עס איז ניט געווען קיין ארגאניזירטער פלאן צו פאקען די קאנוועגשאן מיט דעלעגאטען וואס זאלען פארכאפען איהר אין זייערע הענט, „קעפטשורען“ זי בלשון אמעריקאנער „פאליטיקס“. די וואס ווילען א אידישען קאנגרעס זיינען ניט געווען ארגאניזירט, זיי האבען ניט געוואוסט איינע פון די אנדערע. עס איז צוזאמענגערופען געווארען דורך דער אידישער פרעסע אן עפענטלאכע פאר־קאנפערענץ, צו וועלכער אלע דעלעגאטען זיינען געווען איינגעלאדען, עס איז אבער געקומען גאר א קליינע צאל. נאר דער געדאנק פון א קאנגרעס האט זיך אויסגעוויזען אזוי פאפולער ביי די דעלעגאטען אז גאר אהן די אלע מעכאנישע מעטאדען פון די מאשין־פאליטישענס, אהן קיין שום ארגאניזאציע, האט דער געדאנק געוואונען א באגוואלטיקע מאיאריטעט פון דער קאנוועגשאן. דאס האבען בא־ ריכטעט די רעפארטערס פון די ענגלישע צייטונגען, וועלכע זיינען זיכער געווען אונפארטייאיש אין דער פראגע.

אין דער צוטיילונג פון די דעלעגאטען איבער דער פראגע האט זיך גאנץ קלאר אפגעשפיגעלט דער אונטערשיד צווישען די איינגעוואנדערטע און די אמעריקאנער געבארענע אדער אמעריקאניזירטע אידען. פאר א קאנגרעס זיינען געווען די איינגעוואנדערטע אידען, וואס קומען מערסטענס פון רוסלאנד, וואו דער פאלק טאר זיך ניט צוזאמענקלייבען אום דורכצורעדען זיך איבער זיינע אינטערעסען. קעגען אן עפענטליכען קאנגרעס, פאר געהיימע דיפלאמאטיע, זיינען געווען די אמעריקאנער, וואס זיינען אויפגעהאדעוועט

געוואָרען אין א לאנד, וואו מען מעג אָפּהאַלטען עפענטלאכע פאַר־זאמלונגען און מען מעג זאָגען אפילו וואָס מען וויל. ווענען דעם לאָזט זיך א סך רעדען. אויף דערויף אָבער האָבען די דיפּלאָמאַ־טען א פארטיקען תירוץ: דער חלוק צווישען א שקלאַף וואָס איז אָקאָרסט באפרייט געוואָרען פון זיינע קייטען און א מענ־טשען וואָס איז אויפגעוואַקסען אין פרייהייט, איז, וואָס דער באַ־פרייטער שקלאַף ווייס ניט דעם אונטערשיד צווישען פרייהייט און הפקר („לייסענס"), בעת דער פרייער מענטש איז דיסציפּלינירט און ווייס אז א מאָל איז גלייכער צו שווייגען ווי צו רעדען, אפילו ווען די פּאַלים לאָזט אייך רעדען וואָס איהר ווילט. די אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע האָט זיך דערשראָקען פאר דעם פּלאַן פון א קאָנג־רעס, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אז זי וועט ניט קענען פארהיטען, אימיצער זאָל זיך דאָרטען ניט אויסרעדען א וואָרט וואָס די פּרעסע וועט דערנאָך אונטערכאַפּען און אויסטייטשען אויף אזא אופן ווי עס איז גאָר ניט געמיינט געווען, און דאָס קען א מאָל זעהר שעדיקען די אידען.

א גוטען ביישפּיל, וואָס די ענגלישע פּרעסע קען מאַכען פון א רעדע, האָבען מיר געהאַט טאַקע באלד אויף מאָרגען נאָך דער קאָנ־ווענשאָן פון דער קהלה*). מר. מאַרשאַל איז זיכער דער בעסטער דיפּלאָמאַט צווישען אַלע דעלעגאַטען, וואָס זיינען געווען ביי דער קאָנווענשאָן. ער האָט אודאי געוואויגען און געמאָסטען זיינע ווערטער. הערט־זשע וואָס די „טיימז" האָט אַרויסגעכאַפּט פון זיין רעדע, — קיין איינציקען וואָרט חוץ דעם האָט זי ניט באריכ־טעט:

„אין באצוג צו דעם וואָס מען דערצעהלט ווענען די פארברע־כענס קעגען די אידען אין רוסלאַנד אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט מר. מאַרשאַל געזאָגט:

„וועלכע באווייזע האָבען מיר אז דיזע אכזריות זיינען באַ־גאנגען געוואָרען? איהר נעמט עפּעס אָן ווענען וואָס איהר האָט קיין בעווייזע ניט. די באריכטען וואָס מיר האָבען געקראָגען זיי־נען ניט קיין פּאַסענדע גרינדע אויף וועלכע מען זאָל קענען שטיצען

*) די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען ענדע אַפּריל 1915.

די שריטע וואָס מיר שלאָגען פאָר, און רעטאָריקע קען ניט באַנוצט ווערען אַלס באַווייז אין אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייטען“.

איצטער הערט צו, ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דעפוטאַט, טשכעידזע, האָט אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער דומא דעם ניינטען פעברואר 1915, געשילדערט וואָס עס טהוט זיך מיט די אידען אין רוסלאַנד:

„הונדערטער טויזענטער אידישע אונטערטאַנען זיינען גערופען געוואָרען אונטער די פאָנען פון דער רוסישער אַרמעע, און צו דערזעלבער צייט איז די אונטערדריקונג פון די אידען אויף אַ ברעקעל ניט פאַרלייכטערט געוואָרען, אפילו בנוגע צו די פאַרוואונדעטע אידישע סאָלדאַטען. דאָס איז אָבער נאָך ניט גענוג פאַר די משרתים פון דער רעאַקציע, און זיי פאַרשפרייטען סיסטעמאַטיש פינסטערע קלאַנגען און בלבולים וועגען דעם אידיעשן פאָלק. דיזע פּאָליטיק האָט שוין געבראַכט דערצו, אַז אַ גאַנצער ים בלוט איז פאַרגאָסען געוואָרען אין דעם געגענד וואָס ליגט לעבען דעם קריגס־פעלד, און דער גאַנצער אייגענס פון דער פרידלאַכער אידישער באַפעלקערונג איז פאַרניכטעט געוואָרען“.

ווען טשכעידזע האָט גערעדט פאַר דער דומא אין אַזאַ וויכטיקען מאָמענט, האָט ער געוואוסט, אַז מיט יעדען וואָרט זיינעם נעמט ער אויף זיך אַ דאָפּעלטע פאַראַנטוואָרטלאַכקייט: ערסטענס, אין׳ם נאָמען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פאַר דעם פאָלק פון גאַנץ רוסלאַנד, און צווייטענס פערזענלאָך פאַר דעם רוסישען קרימינאַלגעריכט. פינף פון זיינע חברים זיינען דאָך אָקאָרסט פאַרשיקט געוואָרען קיין סיביר פאַר זייערע פּראָטעסטען אין דער דומא. ווען אַ פאַרטרעטער פון אַ גאַנצער גובערניע גיט זיין פרייהייט אַלס אַ משכן פאַר יעדען וואָרט זיינעם, איז דאָס אויך גלאַט אַן אָראַטאָרישער פייערווערק?

ניט אכטענדיק אויף מר. מארשאַל׳ס אונדיפּלאָמאַטישקייט מיין איך פונדעסטוועגען אַז דער שרעק פאַר דער אונבאַשרענקטער רעדע־פרייהייט איז זעהר „אונאַמעריקאַניש“. אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק איז מען געוועהנט צו שאַרפע אויסדריקע ביי קאָנווענשאָנס. די רעזאָלושאָנס וואָס ווערען אָנגענומען נאָך די היציקע דעבאַטען זיינען געוועהנלאָך „מילך מיט וואַסער“, וואָס קען צופרידענשטעלען דעם דיפּלאָמאַטישען גוסט.

דער אמעריקאנער קאנגרעס האט אויך ניט געפירט קיין דיפלאמאטישע שפראך, ווען ער האט פארהאנדעלט די פאספארט־פראגע, און פארגעסט ניט, אז דער קאנגרעס פון די פאראייניקטע שטאטען איז ניט קיין צוזאמענפאר פון פריוואט־בירגער. קיין רעגירונג ווערט ניט געהאלטען פאראנטווארטלאך פאר די רייד פון פריוואט־צוזאמענפארען, בפרט נאך אין א לאנד ווי אמעריקע, וואו יעדער איינער מעג לויט'ן געזעץ רעדען וואס ער וויל. די דיפלאמאטי מעגען מיר איבערלאזען פאר אונדזער סטעיט־דעפארטמענט, ער וועט שוין געפינען די ריכטיקע שפראך.

מען האט אונדזערע שתדלנים ביי דער קאנווענשאן פון דער קהלה באהאנדעלט מיט זיידענע הענטשקעס, האבען זיי דערפאר נאך צו אונדז געהאט פרעטענסיעס: סטייטש, אויב די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע האט ביז אהער געטהאן גוטע ארבייט פאר אידען, טו פארוואס ווילט איהר זיך אויף איהר ניט פארלאזען אויף ווייטער? אזא טענה קלינגט גאר ניט „אמעריקאניש“.

עס איז גאנץ קלאר, אז מען „טרויט“ ניט דעם פאלק, מען גלויבט אז די פירונג פון די אידישע אינטערעסען דארף ליגען אין די הענט פון געקליבענע מענטשען. עס איז דער זעלבער געדאנק וואס בארנס האט אויסגעדריקט, ווען ער האט געזאגט צו רוזוועלט'ן, אז דער פאלק איז אונפעהיק זיך אליין צו רעגירען.

מילא דעם אונדעמאקראטישען כאראקטער פון אזעלכע פרעטענסיעס קען מען פארענטפערען מיט דעם תירוץ, אז דיפלאמאטי איז א געשעפט, וואס קען ניט פארהאנדעלט ווערען אויף אן עפענטלאכער פארזאמלונג. דער טעות זייערער איז וואס זיי ווילען שפילען אקע — מיט א לעדיקער האנט. אין דער פראקטיקע לאזט זיך מיט זיי אוים אזוי ווי מיט יענעם איד, וואס האט גערעדט מיט'ן גובערנאטאר, — דער גובערנאטאר האט איהם געזאגט: „פאשאל וואן!“ אין אמעריקע איז מען מער פאלירט, האט פרעזידענט טאפט אמאל איינגעלאדען די גדולים פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע צו א פיינעם פרישטיק, אבער ווען זיי האבען געבעטען, ער זאל עפעס טאן אין דער פאספארט־פראגע, האט ער מיט זיין באקאנטען שמייכעל — „דהי טאפט סמייל“ — גענטפערט „לא“ מיט אן „א“.

דערנאך ווען עס איז געקומען אן אונבאקאנטער רומענישער

איד און האט קעגען דעם ווילען פון אלע פני ארגאנזשירט א גרויסע מאסען־פארזאמלונג אין קארנעגי האל, האט דער גאנצער קאנגרעס אין וואשינגטאן מיט איין שטימע דאגעגען, אנגענומען א רעזאלוציע אפצוברעכען דעם טראקטאט מיט רוסלאנד, און דערזעלביקער טאפט, ניטווארטענדיק אויפ'ן סענאט, האט זיך צוגעאיילט צו מעלדען דער רוסישער רעגירונג, אז עס איז אויס טראקטאט.

עס איז שוין כ'לעבען צייט מיר זאלען אוועקווארפען די אראטארישע פראזען פון דעם פערטען דזשולייי, וועלכע זיינען פאר דעם היינטיקען פראקטישען אמעריקאנער ניט מער ווי „גליטערינג דזשענעראליטיז“ (פריי איבערגעזעצט — שעהנע ווערטער גלאט אין דער וועלט אריין). מיר דארפען אנקומען צו פאליטישענס, און פאר פראקטישע פאליטישענס האט נאר איין זאך א ווערט: וואוסט. ערסט דארפען די אידישע בירגער וויזען, אז זיי ווילען, די אמעריקאנער רעגירונג זאל זיך איינשטעלען פאר די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק. ווען עס וועלען אפגעהאלטען ווערען א רייהע מיטינגען פון טויזענט פאראיינען, חברות, לאדזשעס אי־בער'ן גאנצען לאנד און עס וועלען דארטען אויסגעקליבען ווערען דעלעגאטען צו שטאטישע קאנווענשאנס, און דערנאך וועלען אפגעהאלטען ווערען קאנווענשאנס אין אלע שטעט, וואו עס געפינען זיך א היבשע ביסעל אידען, און דאס וועט זיך ענדיקען מיט אן אלגעמיינעם אידישען קאנגרעס אין ניו־יארק אדער אין וואשינגטאן, טו מעגט איהר זיין זיכער, אז די קאנגרעסלייט, די סענאטארס, און די פאליטישענס בכלל וועלען זיך צוהערען צו דעם וואס אזא ארגאניזירטע באוועגונג האט צו זאגען.

לויט דער פאלקסצעהלונג פון 1910, זיינען אין דער שטאט ניו־יארק אליין נעוועזען אן ערך פערציק טויזענט וואוטערס וואס זיינען אריבערגעקומען פון רוסלאנד. זינט יענער צייט זיינען א סך פון די דעמאלדיקע גריגע געווארען בירגער. איך האב דא ניט אריינגערעכענט די היגע געבארענע קינדער פון רוסיש־אידישע אי־מיגראנטען, וואס זיינען שוין אויך וואוטערס. עטלאכע צעהנדליק טויזענד וואוטס אין אזא שטאט ווי ניו־יארק האבען א גרויסען פאליטישען ווערט, ניט נאר ביי די וואלען פאר גאווערנאר אדער פאר סענאטאר, אבער אויך ביי דער וואל פאר פרעזידענט. עס האט שוין געטראפען אין אמעריקאנער פאליטיק, אז א צעהנדליק טויזענט וואוטס האבען ענטשידען ווער עס זאל זיין דער פרעזידענט

פון די פאראייניקטע שטאטען. עס איז גאנץ קלאר, אזביידע גרויסע פארטייען מוזען זיין פריינטלאך צו די אידען, ווארים איינע קען ניט פארגינען דער אנדערער זי זאל האבען א מאנאפאליע אויף פריינטלאכקייט צו די אידען. אין אנדערע שטאטען איז דער אידישער וואוט ניט אזוי גרויס, אבער אפילו א פאר טויזענט וואוטס אין א קאנגרעשאנאל דיסטריקט וואלגערען זיך ניט אין גאס. און אין דער אמעריקאנער פאליטיק זיינען די אינטערעסען פון די פארשידענע קאנדידאטען פון איין פארטיי אזוי ענג פארבונדען, אז צוליב איין קאנדידאט מוז שוין זעהר אפט די גאנצע פארטיי ארויסווייזען פריינטלאכקייט צו די אידען.

נאטירלאך, אויב די אידען זאלען פאדערען, אז די אמעריקאנער רעגירונג זאל צוליעב זיי געהן שיסען, וועט קיינער זיי ניט פאלגונג. אבער שיקען א דיפלאמאטישע נאטע, אדער גלאט זיך אננעמען פאר די אידען אין דיפלאמאטישער קארעספאנדענץ, — דאס קאסט גארנישט. פאר וואס זאל מען ניט טאן צוליב דער אידישער עפענטליכער מיינונג?

הייסט דאס, אז מען דארף שאפען א אידישע עפענטליכע מיינונג. דאס קען אויפטאן דוקא א קאנגרעס, וואס זאל פארטרעטען די אידישע מאסען, אבער בשום אופן ניט קיין געהיימע אספה פון א פאר צענדליק חכמים מחוכמים.

אויף דעם ענטפערט מען מיט א קשיא: וואס עפעס א קאנגרעס נאר פון אמעריקאנער אידען? אז שוין יע א קאנגרעס, טו פאראוואי א וועלט־קאנגרעס פון די אידען פון דער גאנצער וועלט! ס'הייסט די אידען פון רוסלאנד זאלען בעטען ביי דער רוסישער וואיענער נאטשאלסטווא א „ראזרעשעניע" אפצוהאלטען וואל־פארזאמלונגען אויף אויסצוקלייבען דעלעגאטען, וואס זאלען זיך צונויפריידען מיט די דייטשע און די טערקישע אידען. ניט שלעכט!

פון די נייטראלע מדינות זיינען די פאראייניקטע שטאאטען די איינציקע, וואו עס געפינט זיך א באדייטענדע צאל אידישע בירגער. עס איז גאנץ קלאר, אז אויף די אמעריקאנער אידען ליגט איצטער א היסטארישע פליכט צו טאן וואס זיי קענען פאר זייערע ברידער און שוועסטער אין די מלחמה לענדער.

## II.

די קאמיטע וואס האט באריכטעט פאר דער קאנווענשאן פון דער קהלה צו גונסטען פון א אידישען קאנגרעס האט אין זעהר אל־געמיינע שטריכען אנגעצייגט דעם צוועק פון אזא קאנגרעס: ער דארף אויסארבייטען א פלאן, ווי אזוי צו ברענגען די אידישע פראגע אויף דער טאגעס־ארדנונג פון דעם פרידענס־קאנגרעס.

די געגנער פון דעם געדאנק פון א אידישען קאנגרעס האבען באלד אנגעהויבען צו זוכען אלערליי פריטשעפקעס. ערסטענס, איז דער פארשלאג געווען זעהר אונבאשטימט אויסגעדריקט.ביי דער פאר־קאנפערענץ פון דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן וואו די פאר־מולע איז אנגענומען געווארען נאך א דעבאטע וואס האט פארנומען א גאנצען אווענט האט מען בכיון אויסגעדריקט דעם צוועק פון דעם קאנגרעס אזוי ברייט: מען האט געגלויבט אז א קליינע קאמיטע האט קיין מאראלישע רעכט ניט צו באשטימען אין פאראויס, וואס דער קאנגרעס זאל טאן. דערמיט האט מען געוואלט געבען יעדער ריכטונג אין דעם אמעריקאנער יודענטום די פרייהייט פארצוברענגען איהרע אידעען פאר דעם קאנגרעס, און זאל די פארזאמלונג אליין באשטימען וואס זי דארף טאן. האט זיך גאר אויסגעלאזען, אז דאס איז געווען א חסרון. עס איז טאקע אמת, אז דאס איז געווען און אמעריקאניש. אויף אלע אמעריקאנער קאנווענשאנס פירט זיך, אז אלע בעשליסע פון דער קאנווענשאן זיינען שוין אויסגעארבייט מיט א פאר וואכען אין פאראויס, איידער די דעלעגאטען האבען זיך נאך צוגעקליבען ארויסצופארען. דאס ווערט באזארגט פון א קליינער קליקע, וואס פירט די רעדעל ביי דער קאנווענשאן. די דעלעגאטען זאגען „באם“, און ווער עס שטעלט זיך קעגען דעם ווילען פון די באסעס, דער ווערט איבערגעפארען פון דעם „סטים־ראלער“, איינס, צוויי, דריי — דאמיט פאסירט. פאר יענעם וואס איז צוגעוועגט צו די מעטאדען פון מאשין־פאלי־טיקס ווייזט זיך אויס אז די דעלעגאטען וואס זיינען געקומען צו דער קאנווענשאן מיט דעם געדאנק פון א קאנגרעס, אבער אהן א „צוגעשניטענעם און אויסגעטריקענטען“ (קאט ענד דרייד) פלאן, זיינען ניט געווען פארבערייטעט. גרינגע, וואס קענט איהר פון זיי ערווארטען?

ווען מען האט גענומען צוגלידערען דעם פארשלאג אין זיינע איינצעלהייטען, האט ער ווידער ניט געטויגט. „ברענגען אויף דעם טאגעס־ארדנונג פון דעם פרידענס־קאנגרעס“? פון וואנען ווייסט איהר גאר אז עס וועט זיין א פרידענס־קאנגרעס?

אזא קשיא קען מען ערנסט פרעגען נאר אין קינדערגארטען. ביי א דערוואקסענעם מענטשען איז עס ניט מער ווי האר־שפאל־טעריי, ווי דער אמעריקאנער זאגט. מען האט פרובירט אין דעם אויסדרוק „פרידענס־קאנגרעס“ מיט געוואלט ארייננצווינגען דעם געדאנק פון א קאנגרעס, אין וועלכען עס זיינען באטייליקט ניט נאר די מדינות וואס האבען געפירט מלחמה, אבער אויך די נייטראלע לענדער: ציי עס וועט זיין אזא קאנגרעס, ווייס נאטירליך קיינער ניט. אבער אייביק וועט דאך די מלחמה ניט דויערען. זאל איך אייך זאגען פארוואס? נו, אויב איהר האט געלערנט פילאסאפיע, טו דארפט איהר וויסען, אז אלצדינג וואס האט אן אנהויב, האט אויך אן ענד. דאריבער מוז מען זיך ריכטען אז די מלחמה וועט ווען עס איז נעמען א סוף. וואס וועט זיין דעמאלט? מיר ווייסען פון דער געשיכטע אז בשעת אלכסנדר מוקדון האט מנצח געווען די מדינות פון אזיע און אפריקע, איז ער געווארען דער קיסר איבער אלע איינגענומענע לענדער, גאר אהן קיין שום פרידענס־קאנגרעס. און ווען דער קאזאצקער ראזבאיניק יערמאק האט מנצח געווען דעם כאן קוטשום פון סיביר, האט ער אויך ניט גערופען קיין פרידענס־קאנגרעס, נאר גאר פראסט איוואן גראזני איז געווארען דער צאר איבער סיביר אויך.

עס וואלט זיך אפשר געקענט לעגען אויפ'ן שכל, אז די איצטי־קע מלחמה זאל זיך אויך ענדיקען אזוי ווי די מלחמה פון יערמאק טימאפיעיעוויטש מיט קוטשום'ען, נאר עס איז פאראן קעגען דעם איין מניעה, וואס אויף איין זייט שלאגען זיך פינף קיסרים און איין פרעזידענט, אויף דעם אנדערען דריי קיסרים. אלס נייטראלע אמעריקאנער פאטריאטען, זיינען מיר מחויב צו גלויבען, אז ענג־לאנד, פראנקרייך, רוסלאנד, סערביע, בעלגיע און יאפאניע וועלען צוקלאפען דעם שונא אין פיץ ברעקלאך. דעמאלט וועט זיך שטע־לען די פראגע: ווי זאלען זיי זיך צוטיילען מיט די איינגענומענע לענדער. רוסלאנד וועט וועלען בערלין און קאנסטאנטינאפאל. דזשארדזש וועט וועלען האמבורג, ברעמען און דעם קאנאל פון קיל.

פיאָטר, דער סערבישער קעניג, וועט וועלען פאַרנעמען פראַנץ יאָזעפ'ס טראָן אין וויען. פראַנקרייך וועט פאַרלאַנגען גאַנץ זיד־דייטשלאַנד, — פאַר וואָס ניט? דעם בעלגישען קעניג קומט ווע־ניקסטענס אַ העלפט פון פּרייסען. נו, און יאַפּאַניע? און וואו זיינען די קאָלאָניעס? ווי־זשע וועט מען דאָס אַלץ אויסגלייכען גאָר אָהן אַ קאָנגרעס?

דערווייַלע אָבער האַלטען די „עליים" נאָך ניט אַזוי ווייט. ווילהעלם איז נאָך רק קיסר איבער בערלינסקער גובערניע, און קעניג אַלבערט איז אַן עמיגראַנט אין פראַנקרייך צוגלייך מיט גע־נאָסע רובאַנאָוויטש'ן פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנע־רען. עס איז אַ סברה, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקען דערמיט. אַז קיין צד וועט ניט אַרויסקומען דער זיגער איבער דעם אַנדע־רען. ווען אַלע וועלען שוין זיין גוט אויסגעמאַטערט, וועלען זיך אַריינמישען אַ פּאָר נייטראַלע רעגירונגען און וועלען נעמען אויף זיך די ראָליע פון פאַרמיטלער, אַזוי ווי רוזוועלט האָט געהאַנדעלט אין דער מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַניע. יעדע פון די מדינות וואָס זיינען פאַרוויקעלט אין דער מלחמה וועט קענען מיט כבוד אָננעמען דעם פאָרשלאָג פון אַ זייטיקער רעגירונג, און מען וועט זיך אויפהערען צו שלאָגען. דעמאָלט וועט זיך מוזען צוזאַמענקלייבען אַ קאָנגרעס, אויף וועלכען עס וועלען זיין פאָרטרעטען ענגלאַנד. פראַנקרייך, רוסלאַנד, סערביע, בעלגיע, יאַפּאַניע, דייטשלאַנד, עסט־רייך און טערקיי. צו עס וועלען צוגעלאָזען ווערען פאָרטרעטער פון נייטראַלע לענדער, דאָס ווייס איצטער קיינער ניט. אָבער אפילו אז ניט, טו וועלען די דיפּלאָמאַטישע פאָרטרעטער פון די נייטראַלע לענדער יעדענפאַלס קענען פירען אונטערהאַנדלונגען מיט די דע־לעגאַטען צום קאָנגרעס, אויב זיי זאָלען וועלען. איז דאָס אַזאַ וויל־דער געדאַנק?

ווען עס איז אין 1913 אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער קאָנגרעס, אויף וועלכען עס איז געשלאָסען געוואָרען שלום צווישען די באַל־קאַנישע רעגירונגען, האָט רומעניע געפאָדערט, אַז בולגאַריע זאָל איהר אָפּטרעטען אַ שטיק לאַנד, וואו עס האָבען געוואוינט אַ צאָל אידען. אין בולגאַריע זיינען זיי געווען פולבאַרעכטיקטע בירגער, אין רומעניע האָבען די אידען קיין שום רעכט ניט. די פראַגע ווע־גען די אידען איז אויפגעהויבען געוואָרען.

אויב מען וועט אויפנעמען די פראגע וועגען פוילען, טו איז דען גאר אונמעגלאך, אז מען זאל רעדען וועגען די רעכט פון די איינוואוינער פון דעם אויטאנאמען פוילען? אויף דעם בערלינער קאנגרעס פון 1878 האט מען דאס געטאן בנוגע צו די רומענישע אידען, — דאס איז דאך א פרעצעדענט אין דעם אינטערנאציאנאלען רעכט.

מען זאגט אז אמעריקע קען זיך ניט מישען אין די אינערלאכע אנגעלעגענהייטען פון א פרעמדער מלוכה. דאס איז פאקטיש ניט ריכטיק. ווען סעקרעטארי העי האט געשיקט זיין נאטע וועגען די רומענישע אידען, האט זיך אמעריקע יא ארייגעמישט אין די אינערלאכע אנגעלעגענהייטען פון א פרעמדער מלוכה. אויף וואס פאר א גרונט האט זי עס געטאן? דערפאר וואס רומעניע צווינגט איהרע אידען צו עמיגרירען מאסענווייז קיין אמעריקע. אבער וואס איז די אויסוואנדערונג פון די רומענישע אידען אין פארגלייך מיט דעם גירוש פון רוסישע אידען?

---

היינט, אויב עס איז זיכער אז עס וועט יע זיין א קאנגרעס נאך דער מלחמה, און אויב עס איז מעגלאך פאר די דיפלאמאטען וואס וועלען זיך באטייליגען אין דעם קאנגרעס אויפצונעמען די אידישע פראגע, טו איז דען גאר קיין וועג ניטא, ווי אזוי מען זאל צו זיי קענען צוטרעטען?

עס איז פשוט לעכערלאך צו זאגען, אז מען וועט די אויסגעקליבענע דעלעגאטען פון דעם אידישען קאנגרעס ניט צולאזען צו דער קאנפערענץ פון די דיפלאמאטען וואס וועלען באשטימען די באדינגונגען פון פרידען. דאס וואס מען געברויכט גאר אזעלכע קינדערשע ארגומענטען, באווייזט אז אונדזערע אידישע אמעריקאנער האלטען אונדז אלעמען פאר קינדער אדער „אונוויסענדע אויסלענדער“. כ׳לעבען, אויב עס וועט אונדז אויסקומען צו מעסטען זיך אין למדנות מיט אונזערע היגע געבארענע „גלויבענס־גענאסען“, וועלען מיר נאך ווי עס איז באשטעהן אונדזער שטעטעל. די מענטשען וואס וועלען אויסגעקליבען ווערען צו זיין די פארטרעטער פון די אמעריקאנער אידען דארפען אליין ניט זיין ביי דער קאנפערענץ צווישען סער עדוארד גרעי, בעטמאן־האלוועג, סאזאנאוו א. אז. וו., דער אמעריקאנער פארטרעטער וועט שוין פאר זיי רעדען. און אויב אמעריקע וועט ניט זיין פארטראטען, וועט דער וואשינג־

טאנער סטעיט־דעפארטמענט שוין געפינען א וועג, ווי אזוי צו זאגען א ווארט פאר די אידישע אונטערטאנען.

## III.

דער באקאנטער באסטאנער בראוקער לאסאן דערצעלט אין זיין בוך וועגען וואל סטריט אזא געשיכטע וועגען ה. ה. ראדזשערז'ן ע"ה, דעם אמאליקען פרעזידענט פון דער סטענדארד אויל קאמפאני. ביי א יעהרליכען מיטינג פון דער קאמפאני האט איינער פון די דירעקטארען געמאכט א פארשלאג און ראדזשערז האט איהם באלד גענומען צום אפשטימונג. צו דעם מיטינג איז גראדע געקומען א ישובניק, וואס האט אויך געהאט אקציען און ער האט א פאר־וואונדעטער געפרעגט ביי דעם פארזיצענדען: „סטייטש, לאמיר פריהער דיסקוטירען דעם פארשלאג און דערנאך וועלען מיר וועגען איהם שטימען", אויף דעם האט ראדזשערז געענטפערט: „ווען איך בין פארזיצענדער, שטימט מען אויף פריהער, און מען דיסקוטירט דערנאך".

ווי איהר זעהט, איז דאס דער אמעריקאנער מנהג. און אזוי איז טאקע געווען ביי דער צווייטער סעסיע פון דער קאנווענשאן פון דער קהלה אין מיי. באלד נאכדעם ווי עס איז איבערגעלעזען געווארען די קאמפראמיס־רעזאלוציע, פאר א „קאנפערענץ" האט דער פארזיצענדער פארגעשלאגען אז מען זאל זי אנעמען אהן דעבאטען. לויט די אמעריקאנער פארלאמענטארישע פירונגען, טאר מען אזא פארשלאג ניט דעבאטירען, און ער איז דורכגעגאנגען — איינס, צוויי דריי! די דעבאטע האט מען אבער דערמיט ניט אויסגעמידען. — עס האט זיך אנגעהויבען א שפיל אין פראגען און אנטווארטען. סוף כל סוף איז די רעזאלוציע אנגענומען געווארען מיט א קליינער מאיאריטעט, און אנשטאט הארמאניע אויף וועלכער מען האט געמעגט פאהרען, זיינען כמעט א העלפט פון די דעלעגאטען געבליבען אונצופרידען. צוליב וואס האט עס דער פארזיצענדער אזוי געטאן? דאס איז, פארשטעהט איהר, די אמעריקאנער מעכאנישע אידעע פון „עפישענסי", מען קומט מיט פארטיקע פלענער און מען וויל דעם עולם צווינגען זיי אנצונעמען אויף גיך, מען האט מורא צו דערלאזען א פרייע דיסקוסיאן, כדי דער פלאן זאל ניט דורכפאלען.

אין א מאנארכישע לאנד, ווי די פאראייניקטע שטאטען, וואו עם רעגירען הערצאג טשארלי מוירפי, פירסט וויליאם בארנז, גראם־הערצאג באיזע פענראוז א. א. וו. זיינען זייערע טרייע אונטער־טאנען צופרידען צו שטימען, ווען מען הייסט זיי שטימען. אבער מיר רוסישע אידען, קומען פון א לאנד, מיט א רעפובליקאנישען גייסט, און ווען אימיצער וויל איבער אונז שפילען די ראלע פון א קיסר, בונטעווען מיר זיך.

די רעזאלוציע איז געווען א צוזאמענגעשטאכענע: זי איז פאר־געשלאגען געווארען ביי איין קאמיטע־מיטינג, דארטען האט יעדע־רער אין איהר אריינגעלעגט זיינעם א ווארט; אין דער פריה, פאר דער קאנווענשאן, האבען די פירער פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע איהר נאך אביסעל פאריכט. סוף כל סוף האט זי אויסגע־דריקט דעם הויפט־געדאנק — נעמלאך, אז די קאנווענשאן שפרעכט זיך אויס פאר א אידישען קאנגרעס פון דעלעגאטען, וואס מוזען אויסגעקליבען ווערען פון דער מיטגלידערשאפט פון די אידישע אר־גאניזאציעס. אבער אין איינצעלנע פונקטען האט די רעזאלוציע זיכער געמעגט פארבעסערט ווערען. אט נעמט צום ביישפיל אזא קאמישען אינצידענט. די רעזאלוציע רעדט וועגען דער לאגע פון די אידען אין די מלחמה־לענדער. דאכט זיך נוט? האבען מיר אלע, די פערפאסער פון דער רעזאלוציע אין איילעניש נים באמערקט, אז מיר האבען אויסגעלאזען די אידען אין רומעניע, — דערוויילע איז נאך רומעניע נים קיין מלחמה־לאנד. דעלעגאט סאפרין, דער וויצע־פרעזידענט פון דעם רומענישען פארבאנד, האט זיך געריסען צום ווארט, צו שטעלען די פראגע: וואס איז מכח רומעניע? אבער אמענדירען די רעזאלוציע האט מען שוין נים געטארט.

אין דער קאמפראמים־רעזאלוציע זיינען אויסגעלאזען געווארען אלע פונקטען וואס זיינען אריינגעשטעלט געווארען אין דער ערש־טער רעזאלוציע מיט דעם צוועק צו פארזיכערען די דורכפירונג פון דעם פלאן פון א דעמאקראטישען קאנגרעס. דאס האט אונזער קא־מיטע נאכגעגעבען דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע, דערמים האט מען געהאפט צו פאראייניגען אלע עלעמענטען. ווען די רעזאלו־ציע איז אנגענומען געווארען פון א מאיאריטעט אפילו אהן דעבא־טען, איז זיכער, אז אויב זי וואלט דעבאטירט געווארען, וואלטען די ארנומענטען פון איהרע פארטיידיקער צוגעצויגען נאך א צאל

שטימען. עס איז זעהר מענלאך, אז זי וואלט דערביי אביסעל אמענדירט געווארען און אלע וואלטען געבליבען צופרידען. און אויב אפילו די רעזאלוציע וואלט אנגענומען געווארען אין דער פאר־מע, ווי זי איז אריינגעבראכט געווארען, וואלט די מינאריטעט זיך אונטערווארפען דעם באשלוס פון דער מאיאריטעט. ווען אבער מען האט ניט דערלאזען צו אמענדירען די רעזאלוציע, איז גאנץ נאטירלאך געווען, וואס די אונצופרידענע האבען אריינגעבראכט אן אמענדמענט אין דער פארמע פון א נייער רעזאלוציע — צו ביג־דען די דעלעגאטען פון דער קהלה צו דער אמעריקאן דזשואיש קאָ־מיטע, זיי זאלען שטימען פאר דעם פלאן פון דער קאנווענשאן.

די טוערס פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע האבען קיין גרונד ניט געהאט זיך צו באליידיגען מיט דער פאדערונג. דאס איז ניט מעהר ווי די „יוניט־רול“, וואס איז א געזעץ ביי אלע פאליטישע פארטייען דא און אין אייראפע. קיינער האט ניט געוואלט אוועק־נעמען ביי מר. מארשאל'ן דאס רעכט צו רעדען ביי דעם מיטינג פוּ דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע קעגען א קאנגרעס, דערמיט וואלט ער באפרידיגט זיין געוויסען. אבער זיין וואוט איז ניט זיין פער־זענלאכער וואוט, עס איז דער וואוט פון דער קהלה און זי מעג מיט איהם טאן וואס זי וויל, אדער וואס איהר מאיאריטעט האט בא־שלאסען.

מילא, מר. מארשאל און זיינע פריינט מעגען זיך דענקען ווע־גען דעם אנדערש. זיי האבען געהאט די געלעגענהייט צו רעדען, און ווען זיי האבען די מאיאריטעט ניט געקענט איבערצייגען, איז אן עק. דא אבער האט זיך אנגעהויבען א מאדנע סצענע: דריי שעה נאכאנאנד האט מען געשמוסט מיט צוויי הונדערט מענטשען זיי זאלען נאכגעבען איינעם! אויף אן אמעריקאנער קאנווענשאן וואלט דאס אפשר אוועק גלאט. אין דערין באשטעהט די אמערי־קאנער קונסט אויפצוהאלטען אן „ארגאניזאציע“. מיר אידען אבער זיינען ניט „דיסציפלינירט“, און עס האט זיך אויסגעלאזען מיט א דורכפאל.

עס איז דא נעגאנגען אום א פערזאן. יוסף איז געווען זעהר א נעראטענער בחור, א קלייניקייט, א זוהן פון א אידישען פאסטוך, האט זיך ארויפגעארבייט ביי פרעה'ן ביז צו דעם טשין פון א

דיזראעלי. יעקב אבינו האט איהם געגליכען בעסער פאר אלע זיי־נע זיהן, ווער רעט שוין פון רחל'ן. און פונדעסטוועגען, ווען יוסף האט דערצעלט זיינע ברידער זיין חלום, אז די זון, די לבנה און עלף שטערען האבען זיך געבוקט פאר דעם צוועלפטען האבען זיי איהם אריינגעווארפען אין א גרוב, און ער האט דאס טאקע כשר פאר־דינט.

מען מוסר'ט, אז צוליב אחדות וועגען האבען די „ראדיקאלען" וויל צווינגען דריי און ניינציק, זיי זאלען איהם נאכגעבען און אויב ניט, ווארפט ער זיי דעם גט אין פנים, טו ווער איז דער צושטע־גערדארפט נאכגעבען. איך וויל פרעגען א קשיא: ווען איין מאן רער פון אחדות, דער איינער אדער די דריי און ניינציק?

## VI.

פעסימיסטען זאגען, אז זינט די אידען עקזיסטירען אלס א פאלק זיינען זיי קיינמאל ניט געווען פאראייניקט, אפילו אין ירושלים, ווען די שטאט איז געווען באלאגערט פון דער רוימישער ארמעע, — און דערפון, הייסט דאס, קומען אלע אידישע צרות.

מילא, אויב עס איז שוין אזוי ביי די אידען גאנצע צוויי טויזענט יאהר, טו וואס וועט העלפען דער מוסר זאגען? אלע טאג זאגט דער איד: „שמע ישראל, ה' אלהינו ה' אחד" — און אפילו אט דער העכסטער אידישער אידעאל איז ניט בכח געווען צוזאמענצוהאלטען אלע אידען, וואס גלויבען אין דעם איינציקען אידישען גאט. די קראים, די חסידים, די מתנגדים האבען זיך ניט ווייניקער געריסען צווישען זיך ווי די קריסטליכע סעקטען.

אין היינטיקע צייטען זוכט מען אלצדינג צו ערקלערען מיט עקאנאמישע אורזאכען. געלערנטע האבען ערקלערט די שפאל־טונג אין דער רוימיש־קאטוילישער קירכע און די פראטעסטאנטישע רעפארמאציע דורך עקאנאמישע אורזאכען. אפשר וועט זיך געפי־נען א געלערנטער, וואס וועט ערקלערען די געבורט און דעם וואוקס פון חסיד'יזם דורך עקאנאמישע אורזאכען, אפשר האט שוין דאס ווער עס איז ערקלערט דורך דעם קלאסען־קאמפף, נאר איך וויים ניט דערפון. איך פרעטענדיר ניט צו זיין א קענער פון אידישקייט. מיר דוכט זיך, אז דאס איז געווען א ריין אידעאליסטישער קאמפף, וואס האט גאר קיין שייכות ניט געהאט צו די פרנסות פון די קעמפ־

פער. אי אויף דעם זייט, אי אויף דעם אנדערן זיינען געווען גבירים און קבצנים, סוחרים און בעלי־מלאכות.

היינט, ווען אידען זיינען געווען דם שונאים איינע די אנדערע צוליב דעם, צי דארף מען זאגען הודו, צי ברוך שאמר נאפעריאד, ווי די אפיקורסים האבען זיך געוויצעלט, טו ווי קען מען פאדערען, אז אין דער היינטיקער וועלט מיט איהרע פארשידענארטיקע אינטערעסען זאלען אלע אידען זיין אייניק?

מען זאגט, אז די אידישע כלל טוערס, וואס ארבייטען פאר די אלגעמיינע אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק, האבען דאך אלע איין צוועק, דער גאנצער אונטערשיד צווישען זיי איז נאר, וואס זיי געהען אויף פארשידענע וועגען צו דעמזעלביקען צוועק. א קלייניקייט! דא פאסט זיך וואס עדוארד בערנשטיין האט געזאגט בנוגע צו סאציאליזם, אז פאר איהם איז די באוועגונג אלעס, דער ענדציל — אזוי זיך. אז מיר ווילען ביידע פארען פון ניו־יארק קיין פילאדעלפיע, אבער איהר האט א בילעט פון ליבערטי סטריט ביז רעדינג טערמינאל און איך פון האדסאן טערמינאל ביז בראד סטריט סטעישאן, קענען מיר ניט פארען צוזאמען. אבער אז איהר ווילט פארען קיין אטלאנטיק סיטי און איך גאר קיין באלטימאר און מיר ביידע האבען א בילעט אויף דער פענסילוועניא באהן, קענען מיר ביז פילאדעלפיא פארען צוזאמען און דארטען וועלען מיר זיך ערסט צושיידען.

איהר פארשטעהט, אז איך האב דא אין זינען די צוטיילונג צווישען די „אידען" און „יהודים". די דייטשע און אמעריקאנער געבוירענע אידען פילען זיך באליידיקט מיט דעם נאמען „יהודים". איך וויל קיינעם ניט באליידיקען, איך וועל דעריבער איינטיילען אלע היגע אידען אין איינגעוואנדערטע פון מזרח־אייראפא און געבארענע אין מערב לענדער. אז זיי בילדען צוויי גאנץ אפגעזונדערטע געזעלשאפטלאכע שיכטען, וועט קיינער ניט אפלייקענען. זיי טרעפען זיך צוזאמען נאר אין געשעפט און אין קהל'שע זאכען, אין פריוואט־לעבען פארקערען זיי צווישען זיך ניט. עס איז ניט אינגאנצען אז אונטערשיד פון רייך און ארעם. דורכשניטלאך, זיינען די היגע מערב־אידען רייכער ווי די מזרח־אידען, אבער עס געפינען זיך צווישען אונדזערע רוסישע אדער גאליציאנער אידען א סך רייכע לייט. איך בין א רוסישער איד, וואס איז ווערט א האל־

בען מיליאָן דאָלאַר, פאַלט מיר גאָר ניט איין דער געדאַנק, אַז ער באַלאַנקט צו אַן אַנדער געזעלשאַפטלאַכען קרייז, ווי איך. טרעף איך זיך אָבער מיט אַ רייכען אַמעריקאַנער געבאָרענעם איד, מיט וועלכען איך באַלאַנג אפשר צו דעמזעלבען וויסענשטפליכען פאַר־איין, ווער איך תיכף „קלאַסען־באַוואוסט“, ווייל עס פילט זיך באַלד, אַז ער האַלט זיך פאַר אַ יחסן אַנטקעגען מיר. דער אויפגעקומע־נער אידישער גביר, וואָס איז מיט אַ יאָהר פופציק צוריק געקומען אַהער אין צווישען־דעק, ווען ער טרעפט זיך צוזאַמען מיט די אַמע־ריקאַנער געבוירענע רייכע אידען, האָט אויך דעמזעלבען געפיל.

איך וויל ניט זאָגען, אַז דאָס איז דוקא אַן אַמעריקאַנער אָדער אַ דייטשער כאַראַקטערצוג. ביי אונדז אין דער היים איז אויך די־זעלביקע זאַך. רב שמואל לוריע, וואָס זיין יחוס־בריעף דערגרייכט דירעקט ביז דוד המלך, וואָל ניט אַנגעשטאַנען צו חבר׳ן זיך, כאָפּ איך אַנעט, מיט סאַרנאָוו׳ן דעם קירזשנער, הגם דער קירזשנער מעג זיך זיין אַ גרעסערער גביר פאַר דוד־המלך׳ס יורש און פונקט אזא פיינער מאַן.

די אַמעריקאַנער געבאָרענע אידישע גבירים ווייסען אויך דעם טעם פון דער געזעלשאַפטליכער „דיסקרימינייישאַן“, — זיי ווערען אריינגענומען אין די קרייזען פון די אַמעריקאַנער „פאָור האנדרעד“. עס האָט שוין געטראָפען, אַז איינער פון דער זעליגמאַן־משפחה איז דורכגעפאַלען ווען ער האָט זיך באַלאָטירט אין דעם אַריסטאָ־קראַטישען יוניאָן־ליג קלאַב. זיי אַליין אָבער האַלטען זיך גרויס אַנטקעגען די רוסישע, גאַליציאַנער, אָדער רומענישע אידען, און די איינגעוואַנדערטע „אידען“ זיינען זיך אַן זיי נוקם דערפאַר מיט דעם שפיצנאָמען „יהודים“.

מען זאָגט, אַז די מזרח־אידען האָבען אַ היציקען טעמפּעראַ־מענט, בעת די מערב אידען, בפרט די אַמעריקאַנער געבאָרענע, זיי־נען קאַלט און רוהיק. דאָס איז אַ איינגערעדטע זאַך, ביי דער קאָנ־ווענשאַן פון דער קהלה האָט מען דאָס געקענט זעהן באַשיימפער־לאַך. די היציקסטע אידישע רעדנער האָבען זיך געהאַלטען מיט דרך ארץ צו זייערע געגנער. דער פירער פון די אַמעריקאַנער האָט געטופעט מיט די פיס. ווי אַ רוסישער פאַליציי־מייסטער ; זיינע קריטיקער האָבען איהם באַשאַטען מיט קאָמפּלימענטען, כדי זייער קריטיק זאָל ניט קענען אויסגעטייטשט ווערען אַלס אַ פערזענלאַכער

אנגריף, ער האט זיי געענטפערט מיט חוזק. פון א רוסישען איד וואלט דאס גאר קיינעם ניט געוואונדערט, — אין אונדזער אידישער פרעסע ווארפט מען זיך מיט באשולדיגונגען, פאר וועלכע מען קען פראצעסירט ווערען אין געריכט. אבער ווען א דיפלאמאט. וואס איז א דיזראעלי מיט א גאלדסטאן אין איינעם, באנעמט זיך אזוי צו זיינע געגנער ביי א קאנוועגשאן פון עטלאכע הונדערט מענשען, הייסט דאס, אז מיט פראסטע אידלאך דארף מען ניט מאכען קיין גרויסע צערעמאניעס.

נאטירליך, קען מען זאגען, אז ווען עס האנדעלט זיך אום דעם לעבען פון מיליאנען אידען, דעמאלט דארף מען פארגעסען אלע פערזענלאכע געפילען און געהן האנט אין האנט מיט אלעמען וואס קענען העלפען דעם אידישען פאלק. אזוי האב איך אויך געטראכט פאר דער קאנוועגשאן און איינציק צוליב דעם בין איך געגאנגען אלס דעלעגאט. אבער דער גאנג פון דער באוועגונג פאר א קאנגרעס האט פאר מיר קלאר געמאכט, אז עס האבען זיך דא צוזאמענגעטראפען צוויי געדאנקען־וועלטען, וואס איינע איז פונקט דער היפך פון דער אנדערער. עס איז פאר זיי פונקט אזוי מעג־לאך צו פארשטענדיקען זיך מיט די, ווי פאר די לייט וואס האבען געוואלט בויען א סקייסקרעיפער אין בבל.

די געגנער פון דעם קאנגרעס זאגען, אז די אידען אין אמע־ריקע טארען זיך ניט באקענען פאר א באזונדערען פאלק. אין אמעריקע איז פאראן נאר איין פאלק: באלד ווי מיר האבען גע־קראגען די צווייטע פאפירען, זיינען מיר אלע „אמעריקאנער“, און די וואס האבען נאך זייערע צווייטע פאפירען ניט געקראגען, הא־בען דאך אינגאנצען קיין דעה ניט צו זאגען אונדזער רעגירונג, זיי זיינען דאך פרעמדע. מיר מעגען זיך פאראייניקען אלס א רעליגיע־זע סעקטע, אבער ניט אלס א נאציאן. ווען מיר זאלען זיך ער־קלערען פאר א באזונדערע נאציאן מיט אייגענע נאציאנאלע אינ־טערעסען, הייסט דאס, אז מיר טיילען זיך אפ פון די איבעריקע אמעריקאנער, און דאס קען אונדז אליין שעדיקען דא, אין אמערי־קע. דאס איז די אלטע אסימיליאטארישע טעאריע. אלס אידע־אל פון א וויימער צוקונפט, מעג זי זיין ריכטיק, אדער ניט, — דאס איז אן אקאדעמישע פראגע, וועגען וועלכער מען קען דעבאטירען פאר די נעקסטע פאר צענדליק יאהר. דער פאקט איז אבער, אז

אין דעם אַמעריקאַנער שמעלצטיגעל ווערען די פאַרשידענע פעלקער פערשמאָלצען זעהר לאַנגזאַם. ניט נאָר דער צווייטער דור, וואָס איז דאַ געבוירען געוואָרען פון איינגעוואַנדערטע דייטשע אידען, נאָר אפילו דער דריטער דור טראָגען נאָך אַלץ דעם נאָמען איד ביי די גוי'ים. טו וואָס־זשע זאָלען מיר זיך אַליין נארען? און די אידען זיינען גאָר קיין אויסנאַם ניט. די איירישע וואָס האָבען גענומען אַהער צוקומען אין מאַסען מיט זיבעציק יאָהר צוריק און וואָס זייער מוטערשפּראַך איז ענגליש, בלייבען נאָך אַלץ איירישע און זיי האָבען גאָר קיין מורא ניט צו זאָגען אַז זיי זיינען איירישע, צו אָרגאַניזירען זיך אין איירישע נאַציאָנאַלע פעראיינען, אָפּצו־האַלטען קאָנוועגשאָנס פון איירישע אָרגאַניזאַציעס, אויסצודריקען זייערע סימפּאַטיעס צו דעם קאַמפּף פון דעם איירישען פאָלק קעגען ענגלאַנד. איך געדענק, מיט אַ יאָהר צוואַנציק צוריק, האָבען די איירישע שטאָט־בעאַמטע אין שיקאַגאָ אָרגאַניזירט אַ קלאַס אין סי־טי־האָל צו לערנען זיך די איירישע שפּראַך, וואָס איז שוין איצטער כמעט פארגעסען אין איירלאַנד גופא. שטעלט זיך פאָר, אַז די אי־רישע שטאָט־בעאַמטע דאָ הי, אין ניו־יאָרק, וואָלטען אָרגאַניזירט אַ קלאַס אין ערגעץ אַ פּאָבליק סקול צו לערנען אידיש, — אונדזע־רע „מערב אידען“ וואָלטען דאָך זיי פערשריען, אַז זיי מאַכען אומ־גליקלאָך די אידען אין אַמעריקע. איך זעה אבסאָלוט ניט איין פאַרוואָס מיר דאַרפען זיין פרומערע אַמעריקאַנער, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. עס איז אונזין צו זאָגען — ווער עס זאָל עס ניט זאָגען — אַז דאָ איז פאַראַן נאָר איין „פאָלק“, דער אַמעריקאַנער „פאָלק“, יעדער וויסענשאַפּטליכער מענטש פארשטעהט, אַז עס איז נאָך ניטאָ קיין „אַמעריקאַנער פאָלק“, ווי עס איז ניטאָ קיין עסטרייכישער פאָלק. דער ענגלישער אויסדרוק „אַמעריקאַן ניישאָן“, די אַמערי־קאַנער „נאַציאָן“ באדייט נאָר די אַמעריקאַנער מלוכה, „דער שטאַט“ די באַשטעהט פון פיעלע „פעלקער“, וואָס האָבען זיך נאָך ניט צונויפגעמישט, און אויך פון אַ געמישטער מאַסע, וואָס שטאַמט אָפּ פון פאַרשידענע פעלקער. פּאָליטיש זיינען מיר אַלע פאַרבונדען אין איין שטאַט, אָבער עס איז קעגען דער נאַטור צו פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלען אַלע אָפּשאַצען „ט'איז ע לאָנג וועי טו טיפּערערי“ העכער ווי היינעם „דו האָסט יאָ דיאַמאַנטען אונד פערלען“. אַלס פּאַטריאָטישע אַמעריקאַנער בירגער, מעגען מיר אויפשטעהן, ווען דער אָרקעסטער שפּילט דעם ענגלישען נגון „גאָד

סעיוו דהי קינג" (די אמעריקאנער ווערטער זיינען „מיי קאונטרי, ט'איז אוו דהי"), אבער עס הארמאנירט ניט מיט דער זאגענאנטער „אמעריקאנער פרייהייט", ווען מען וויל אונדז פארווערען צו זינגען „דער רבי האט געהייסען פרעלאך זיין", — דאס שמעקט שוין גאר מיט אברוסיעניע.

נעוויסע ארגומענטען פון אונדזערע ציטעריקע אמעריקאנער פאטריאטען האבען זיך פראסט געבעטען אין א וויץ־בלאט. דער פרעזידענט פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע האט גע'טענה'ט, אז אויב מיר וועלען זיך אנרופען „קאנגרעס", וועלען די גוי'ים מיינען, אז מיר געהען קאנקורירען מיט דעם וואשינגטאנער קאנגרעס, מיר ווילען איינפירען א באזונדערען קאנגרעס פאר אידען, אן אייגענע רעגירונג. א קאנוועשאן וואלט נאך ווי עס איז נשקשה געווען, אבער א קאנגרעס — זאל גאט אויסהיטען!

חוץ דעם וואס די אידען און די יהודים זיינען אזוי ווייט איינע פון די אנדערע אין זייער בליק אויף די אידישע פאליטיק, זיינען אונדזערע מעטאדען אויך גאנץ פארשידען. אין דערין שפיגעלט זיך אפ דער אונטערשיד צווישען דעם מאנארכיסטישען גייסט פון אמעריקע און דעם רעפובליקאנער גייסט פון רוסלאנד. מיינט ניט, אז איך זאג עס אויף א שפאס, איך מיין דאס גאנץ ערנסט.

אלע אמעריקאנער געשעפטלאכע, פאליטישע, געזעלשאפטליכע, וויסענשאפטליכע און אנדערע ארגאניזאציעס זיינען אויסגעבויט אויף א ריין־מאנארכיסטישען פלאן: עס איז פאראן א קעניג מיט זיין הויף, וואס שאלטען און וואלטען איבער זייער אנשטאלט, אזוי ווי זיי ווילען. די אונטערהויז פון דעם קאנגרעס אין וואשינגטאן איז דער בעסטערביישפיל. עס ווערען אהין געשיקט מער ווי פיר הונדערט פאלקס־פארטרעטער, אבער חוץ א קליינע קליקע פון ביידע פארטייען האבען די איבעריקע קאנגרעסלייט גאר קיין דעה ניט, זיי קענען אפילו ניט קריגען דאס ווארט. נעמט די מאכט פון דעם אמעריקאנער טשערמאן: לויט די אמעריקאנער פארלאמענטארישע „רולס" האט ער דאס רעכט צו געבען דאס ווארט וועמען ער וויל. אין אייראפא קען מען זיך אזא דעספאטישע מאכט פון א פארזיצענדען גאר ניט פארשטעלען. דא פראטעסטירט אבער קיינער ניט דאגעגען, ווייל דער פארזינדער האנדעלט אימער אין די אינטערעסען פון דער הערשענדער קליקע און אויף דעם אופן קען זי דערשטיקען די שטימען פון דער אפאזיציע.

די איינגעוואנדערטע רוסישע אידען קומען פון א לאנד, וואו עס געהט נאך אן א קאמפף קעגען דעספאטיזם, דעריבער האט דער מאסקאווער מענטש אינסטינקטיוו פיינט יעדען דעספאטיזם אין זיינע אייגענע קהל'שע אונטערנעמונגען. אמת, מיר האבען זיך אין דעם פרט שוין א היבש ביסעל אמעריקאניזירט. אבער ווען עס קו־מען זיך צוזאמען דעלעגאטען פון הונדערטער ארגאניזאציעס וואס זיינען צווישען זיך ניט פארבונדען, ווייל קיינער פון זיי ניט, אז גאר זייטיקע לייט זאלען פארגוואלטיקען זיין „איך“. אין אזא צופעלי־קער ניט ארגאניזירטער פארזאמלונג פילט זיך יעדער איינער אלס אן אונאבהענגיקער יחיד, וואס מוז ווילענדיק־ניט־ווילענדיק האנד־לען מיט זיין אייגענעם שכל.

דער אמעריקאנער מאנארכיסטישער גייסט האט זיך זעהר בולט אויסגעדריקט אין אן ארטיקעל וואס א היגער געבוירענער איד האט אנגעשריבען וועגען דער קהלה־קאנווענשאן אין אן ענגליש־אידישען וואכענבלאט. ער פירט דארטען אויס, אז די איינגעוואנדערטע אידען האבען מיט זייער אויפפירונג געוויזען, אז זיי פארדינען דעם צוטרוי פון די גרויסע אידיש־אמעריקאנישע פירערס, און ער בעט זיך ביי זיי דעריבער, אז זיי זאלען צוזאמענרופען א אידישען קאנגרעס.

דערמאנט אייך דאס ניט ווי די רוסישע ליבעראלע צייטונגען פלעגען פאר דער רעוואלוציע אימער בעטען זיך ביי דער רעגירונג, אז זי זאל געבען ערגעץ א שטיקעל קאנסטיטוציע, ווייל דער רוסי־שער פאלק האט געוויזען, אז ער פארדינט דעם צוטרוי פון דעם צאר?

אין א מאנארכי דארף דער קיסר האבען צוטרוי צו זיין פאלק. אין א רעפובליק פארקערט, נויטיקט זיך דער פירער אין דעם צוטרוי פון דעם פאלק.

קענען די מאנארכיסטען און די רעפובליקאנער ארבייטען בשלום צוזאמען? ווען עס האנדעלט זיך וועגען רוטינע־געשעפטען, קען זיך דער עולם צופרידען זיין צו לאזען די פירערס טאן וואס זיי ווילען. ווען אבער זיי זיינען צוטיילט וועגען א וויכטיקער פראגע, ווי למשל, דער אידישער קאנגרעס, און די ארגאניזירטע מינדער־הייט וויל באהערשען דעם ווילען פון דער מערהייט, דעמאלט איז שווער אויסצומיידען א מחלוקה.

איך גלויב אָבער, אַז עס איז גאָר ניט אַזוי וויכטיק צוזאַמענ־צופאָרען „אַ פּיפּערנאָטער מיט אַ בלאַכע“, ווי אין נח'ס תיבה. וואו שטעהט דאָס דער דין, אַז אַלע אידען דאַרפען פּראָטעסטירען דוקא צוזאַמען? אין אַן עלעקשאָן, אין אַ סטרייק, אין אַ מלחמה מוזען אַלע האַנדלען פאַראייניגט. אָבער וואו דער צוועק איז ניט מער ווי צו שאַפען אַן עפענטלאַכע מיינונג, איז רעכט אָבצוהאַלטען עטלאַכע קאָנגרעסען, און ווען זיי נעמען נאָר אָנעט עהנלאַכע באַשליסע, מאַכט דאָס שוין ממילא דעם איינדרוק פון גייסטיקער אייניקקייט, נאָר אָהן קיין שום מעכאַנישע "אחדות", וואָס ענדיקט זיך געוועגלאַך מיט אַ שפּאַלטונג.

## V.

מיט דעם ארויסטריט פון דער מינאָריטעט פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע האָט זיך געענדיקט דער מאַסקאַראַד פון „אחדות“ אין דער באַוועגונג פאַר אַ אידישען קאָנגרעס.

איך בין פון אָנהויב אויך געווען פון יענע, וואָס האָבען געוואָלט, עס זאָל זיין איין גאַנצע פאַראייניקטע פאָלקס־באַוועגונג פאַר אַ אידישען קאָנגרעס. אָבער באַלד ביי דער ערסטער קאָנווענשאָן פון דער קהלה אין אַפּריל 1915 האָב איך דערזעהן, אַז עס איז אַ חלום. די אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע האָט קיין קאָנגרעס ניט געוואָלט. די עלעמענטען וואָס זי רעפּרעזענטירט האָבען מורא געהאַט פאַר אַ קאָנגרעס דערפאַר, וואָס אויף אַזאַ קאָנגרעס וועט מען מוזען ארויסטרעטען געגען רוסלאַנד, און די איצטיקע שטימונג אין אַמעריקע איז פאַר די „עליים“, דעריבער איז ניט פּאָליטיש איצטער צו רעדען געגען רוסלאַנד, דאָס קען די אידען נאָר שאַטען, — שאַטען דאָ אין אַמעריקע, ווייל מען וועט זיי נאָך חלילה חושד זיין אַז זיי זיינען „פּראָ־דזשוירמאַן“.

ווייטער בויען די טוערס פון דער אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע אַלצדינג אויף „דיפּלאָמאַטיע“, און דיפּלאָמאַטיע קען ניט געפירט ווערען אויף מאַסען־פערזאַמלונגען — אויף דעם האָבען זיי

אויף זייער זייט דיפלאמאטען און פאליטיקער פון דער גאנצער וועלט*).

עס איז גאנץ קלאר, אז ווער עס גלויבט אין געהיימע דיפלאמאטיע, קען ניט זיין פאר א קאנגרעס. די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע האט אין דער גאנצער צייט ניט פרובירט אפילו צו שאפען דעם איינדרוק, אז זי האט איבערגעביטען איר פאזיציע, אבער מען איז צו איר פארט צוגעשטאנען מיט דער פאדערונג, זי זאל זיך באטייליקען אין א קאנגרעס. זייענדיק מיט דער מיינונג, אז א קאנגרעס איז געפערלאך אין דעם איצטיקען מאמענט, האט זי אים געזוכט וועניקסטענס אפצולעגען ביז נאך דער מלחמה. איך זעה ניט איין, אז אימיצער זאל האבען רעכט אויף זיי צו זיין אין כעס דערפאר. אויב מען קען ווען באשולדיקען, איז עס די קאנגרעסיסטען, וואס זיי האבען פארלארען צייט אין דיפלאמאטישע פארהאנדלונגען מיט דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע.

אנאנדער עלעמענט מיט וועלכען מען האט נאר אומזיסט פארלארען צייט איז די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע. די פירערס פון דער קאמיטע זיינען פון אנהויב אן געווען געגען א קאנגרעס. מר. אלגין האט געשריבען ארטיקלען אין וועלכען ער האט געזוכט צו בעווייזען, אז די אידעע פון א קאנגרעס איז אן אונזין, אנדערע פון זיין לאגער האבען אויך געשריבען אין דעמזעלבען זין. אבער ווען די קאנגרעס־באוועגונג איז געווארען פאפולער, זיינען זיי אלס גוטע פאליטישענס צוגעשטאנען צו איר, אום צו ווערען די אנפירערס פון דער באוועגונג. קיין גרעסערע מאמינים אין אן אלגעמיינעם אידישען קאנגרעס, ווי זיי זיינען פריהער געווען, זיינען זיי ניט געווארען. דאס איז גאנץ קלאר פון די ארטיקלען, וואס זיי האבען געשריבען נאך דעם ארויסטריט פון דער מינאריטעט, פאר־

*) די דיפלאמאטען מיט די פאליטיקער זיינען גאר ניט די איינציקע, וואס גלויבען אין „געהיימע דיפלאמאטיע". איך וועל דא דערמאנען, אז אין 1914 איז א סאציאליסטישער ארבייטער פירער ארויס מיט א שארפער אטאקע געגען מיר דערפאר, וואס איך האב געפאדערט עפענטליכקייט אין די יוניאנס, ער האט ארויסגעשטעלט אלס אן אלגעמיינעם פרינציפ, אז אלע געשעפטען פון די יוניאנס מוזען פארהאנדעלט ווערען הינטער פארשלאסענע טירען, גאר אן קיין שום אויסנאהם.

שטעהט זיך, מען האָט ניט געדאַרפט פון זיי ערוואַרטען, אַז זיי וועלען זיך שטאַרק היילען מיט'ן קאָנגרעס. זיי האָבען אויסגע־רעכענט אַ צעטעל פון דעם וואָס זיי האָבען פאַר דער צייט אויפ־געטאָן, עס מעג זיך זיין אפילו גוטע ארבייט, אָבער צו דעם ק אָ נ ג־ר ע ס האָט עס געהאט גאָר אַ קנאַפּע שייכות, מיט דער אויסנאַהם פון זייערע אונטערהאַנדלונגען מיט דער אמעריקאַן דזשואיש קאָ־מיטע. און אין דיזע אונטערהאַנדלונגען האָבען זיי אונטערשטיצט די פאַרשלעפּונגס־פּאָליטיק פון דער אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע, ווייל זיי ווילען אויך קיין אלגעמיינעם אידישען קאָנגרעס ניט.

דאָס איז קלאָר באַשיינפּערלאַך פון זייער וויצלען זיך איבער דער פאַרבינדונג פון ציון מיט טעמעני, וואָס האָבען זיי ערוואַרטעט: אַז אין אַן אלגעמיינעם אידישען קאָנגרעס זאָלען די אידישע טע־מעני לייט זיך ניט באַטייליקען? איר קענט זיך זיי צוריקווייזען פון דעם ארבייטער רינג, פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פע־דעראַציע, אָבער ווען זיי קומען אלס געזעצליך ערוועהלטע דעלע־גאַטען פון לאַדזשעס צו וועלכע זיי באַלאַנגען, קענט איר פאָדערען אַז מען זאָל זיי ניט צולאָזען? אויב איר ווילט ניט ארבייטען מיט זיי צוזאַמען, טו האָט איר נאָר איין מיטעל — ניט צו באַטייליקען זיך אין דעם קאָנגרעס.

אויב איר געהט אָבער יע אויף דעם קאָנגרעס, טו מוזט איר זיך ווידער רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז דערווייל האָט טעמעני אַ סך מערער אידישע וואָוטערס איידער די סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי: און דעריבער ווען עס וועלען קומען צו אַן אלגעמיינעם אי־דישען קאָנגרעס דר. גאָלדפאַרב און דזשאַדזש איירען דזש. ליווי, ביידע אויסגעצייכענטע רעדנערס, וועט דזשאַדזש ליווי האָבען אַ גרעסערען איינפלוס, געגען דעם איז ווידער פאַראַן נאָר איין עצה: ניט געהן אויפ'ן קאָנגרעס.

אַז די פירער פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע האָבען דאָס קלאָר פאַרשטאַנען, קענט איר זעהן פון דעם לייט־אַרטי־קעל אין דער „נייער וועלט“ פון דעם 18 פעברואַר 1916, וואו די שפּאַלטונג ווערט ערקלערט דערמיט, וואָס די נאַציאָנאַלע־סאָציאַ־ליסטען האָבען געצויגען „צו דער כל ישראל שטיבעל“, בעת „די סאָציאַליסטען אָן אַ צו־נאָמען“ האָבען געפירט „די באַשטימטע ליניע פון זעלבסטשטענדיקער און אויסגעהאַלטענער פּראָלעטאַרי־

שער אקציאָן". אָן אלגעמיינער אידישער קאָנג־רעס, מוז דאָך זיין א „כל ישראל שטיבעל„. פאַרקערט, אויב מען וויל „זעלבסטשטענדיקע פּראָלעטאַרישע אַקציאָן", קאָן מען זי דאָך ניט פירען אויף א צוזאַמענפּאָר מיט „געלד זעק" און „רבנים". וואָס די פירערס פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע האָבען פונ־דעסטוועגען געוואָלט געהן צוזאַמען אי מיט דער אידישער קאָנגרעס־קאָמיטע, אי מיט דער אמעריקאָן דזשואיש קאָמיטע, איז געווען א זעהר גוט אויסגערעכענטע פּאָליטיק: זיי זיינען געווען גאַנץ זיכער אַז די דאָזיקע צוויי אָרגאַניזאַציעס וועלען צוזאַמען ערגעץ ניט געהן, וועט די נאַציאָנאַלע ארבייטער קאָמיטע קענען גאַנץ רוהיג פירען איר „זעלבסטשטענדיקע פּראָלעטאַרישע אַקציאָן".

זיי מעגען זיך פון זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט זיין גאַנץ גערעכט. איין זאַך אָבער קען קיינער ניט לייקענען — אַז דאָס מיינט גאַנץ פּראָסט, אַז זיי האָבען גאָר ניט געוואָלט קיין קאָנגרעס.

דעם אמת'ן גרונד פאַרוואָס די פירערס פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע זיינען געגען אַן אַלגעמיינעם אידישען קאָנגרעס האָט אָפען ערקלערט דר. גאָלדפאַרב אין דער „נייער וועלט" פון דעם צווייטען מארט׃

„גרויס מיה האָט די אידישע ארבייטערשאַפט אוועקגעלעגט צו באַפרייען זיך פון טעמעני'ס ממשלה, — זאָגט ער, — נאָך לאָנדאָן'ס ערוועהלונג האָט זיך דער טראָן אונטער טעמעני אָנגע־הויבען צו וואַקלען. זיי זוכען איצט צו רעטען זיך אויף דעם חשבון פון דער געמאַכטער און געקינסטעלטער אידישקייט".

ווי איר זעט, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מורא, אַז טע־מעני האָל וועט זיך באַנוצען מיט דער קאָנגרעס־באַוועגונג פאַר אירע פּאָליטישע צוועקען. מען מוז צוגעבען, אַז דאָס איז מעגלאָך. אָבער ווער עס איז באַקאַנט מיט אמעריקאַנער „פּאָליטיקס" מוז איינזעהן, אַז די טאַקטיק פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע איז ווי געוואונשען פאַר טעמעני האָל.

כדי קיין פּאַרטיי זאָל ניט קענען מאַכען פּאָליטישען קאַפּיטאַל פאַר זיך פון דער אידישער פראַגע, דאַרף מען זי „ארויסנעמען פון פּאָליטיקס", אויף דעם אמעריקאַנער לשון, דאָס הייסט מען מוז זעהן, אַז אַלע פּאַרטייען זאָלען ארויסטרעטען פאַר אידישע רעכט.

די גרויסע מאַסע אידען אין אמעריקע דאַגה'ט אָבער זעהר
וועניק, צי די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט שלאָגען טעמעני האָל
אין א פּאָר דיסטריקטען, צי ניט, זי אינטערעסירט זיך אָבער יע
מיט דער צוקונפט פון די זעקס מיליאָנען רוסישע און פּוילישע אידען
נאָך דער מלחמה. די איינציקע זאַך, וואָס די היגע אידען קענען
טאָן פאַר זיי איז ווירקען אויף די אמעריקאַנער רעגירונג, זי זאָל
זיך איינשטעלען פאַר די אידען ביי די פאַרהאַנדלונגען וועגען שלום.
און די אמעריקאַנער רעגירונג געפינט זיך דערווייל אין די הענט
פון דעמאָקראַטען און רעפּובליקאַנער. אויב מען וויל עפּעס טאָן
פאַר די אידען, מוז מען אָנקומען צו די צוויי אַלטע פּאַרטייען. און
דאָס קען דערגרייכט ווערען דורך א אידישען קאָנגרעס א סך בעסער,
ווי דורך הינטער טיר דיפּלאָמאַטיע.

עס האַנדעלט זיך דאָ ניט אום די קלאַסען־אינטערעסען פון
דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר אום נאַציאָנאַלע אידישע אינ־
טערעסען, דעריבער קען דאָ קיין רייד ניט זיין וועגען „זעלבסט־
שטענדיקע קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט“.
אין אן אלגעמיינער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווי די פאָדערונג פון אידי־
שע רעכט, מעגען די פּראָלעטאַריער און די קאַפּיטאַליסטען געהן
צוזאַמען. אָבער אויב דאָס לאָזט זיך ניט דורכפירען, טו וואו שטעהט
דאָס דער דין, אז אלע אידען דארפען האָבען דוקא איין אידישען
קאָנגרעס? לאָז זיך די „כל ישראל שטיבעל“ אָפּהאַלטען איר
קאָנגרעס באַלד, און די פּראָלעטאַריער פון דער נאַציאָנאַלער אר־
בייטער קאָמיטע צוזאַמען מיט די אידישע גבירים וועלען זיך אָפּ־
האַלטען זייער געהיימען קאָנפערענץ נאָך דער מלחמה, אין צווייען
איז שטאַרקער.

## IV.

ווען מען לעבט אָפּ אין אמעריקע פינף און צוואַנציק יאָר,
ווערט מען צוגעוועהנט אי צו דער טעאַטראַלישער באַגייסטערונג
פון די רעדנערס, אי צו דעם מבול פון פראַזען, וואָס האָבען פריי־
שערהייט נאָך אפשר אַמאָל געמאַכט אן איינדרוק, אָבער היינטצו־
טאָג נעמט זיי קיינער ניט ערנסט. אז עס קומט אַ רעדנער און
זאָגט צו א פאַרזאַמלונג פון אידען אין מיטעלערע יאָרען, וואָס האָ־

בען איבערגעלאַזען זייערע ווייבער און קינדער אין רעדינג, פּענ־סילווייניאַ, און מינעאַפּאָליס, אַז זיי זיינען געקומען קיין וואַלטאַן האָטעל אין פילאַדעלפיע „שטאַרבען פאַר דאָס אידישע פאָלק“, אויב עס וועט נויטיק זיין, טו היילט זיך נאָך קיינער פון זיי ניט צו זאָגען ו י ד ו י. מען וויים, אַז דער מעיאָר פון פילאַדעלפיע, וואָס האָט געשיקט זיין סטאַטיסטישאַן צו באַגריסען די אידען, וועט שיקען פּאָליסלייט, זיי זאָלען ניט דערלאַזען חס־ושלום די דע־לעגאַטען זאָלען גע'הרג'עט ווערען אויף בראָד סטריט.

אויף אַ גרינעם מאַכט דאָס אַ מיאוס'ן איינדרוק. אין אייראָ־פּאַ איז מען ניט צוגעוועהנט צו די שבחים, וואָס מען זינגט דאָ איינער דעם אַנדערן. ווען איך פּאַל אָבער אריין אין אַ פילאָזאָפּישע שטימונג, פּרוביר איך זיך פּאַרצושטעלען פּארקערט, וואָס דאַרף אַן אמעריקאַנער דענקען, אַז ער קומט צו דער שלום־זיצונג פון אַ אידי־שער ראַדיקאַלער אסיפה, בעת אַלע זיינען אין אַ יום־טוב'דיגער שטימונג, און ער הערט ווי איינער דערלאַנגט דעם אַנדערן אַ פּאַר־ציע, און דער רעדנער מיינט דאָס טאַקע גאַנץ ערנסט. איך דערמאָן זיך דערביי אַן דעם איינדרוק, וואָס רוסלאַנד האָט אויף מיר גע־מאַכט, ווען איך בין געקומען אהין אין דער צייט פון דער רעוואָ־לוציע.

באַלד נאָך דעם 17־טען אָקטאָבער, 1905, האָב איך זיך דאָ געטראָפען מיט אַן אמעריקאַנער רעדאַקטאָר, וועלכען איך האָב פאַר דעם געזעהען נאָר איינמאָל מיט פערצן יאָר פריהער, ווען איך האָב עם איבערגעגעבען מיין ערסטען ענגלישען אַרטיקעל, — איצ־טער איז ער דער אמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. עס איז געווען ביי אַ לאָנטש, וואו איך בין איינגעלאַדען געווען צו דער־צעהלען וועגען דער רוסישער רעוואָלוציע. ער איז צו מיר צו־געגאַנגען און האָט מיך זעהר האַרציך באַגריסט. מיט עטלאַכע מאָנאַט שפּעטער בין איך געקומען קיין פּעטערבורג און האָב זיך געטראָפען אין דער טריבונע פאַר קאָרעספּאָנדענטען מיט סטרואווע. איך בין געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבייטער פון דעם מאַרקסים־טישען זשורנאַל „נאָוואָיע סלאָווא“, ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר. שפּעטער האָט ער מיר איינגעלאַדען צו קאָרעספּאָנדירען אין זיין אויסלענדישען זשורנאַל „אָסוואָבאָזשדעניע“, ווען ער איז שוין געוואָרען אַ ליבעראַל, און איך האָב עם צוגעשיקט אַן אַרטיקעל,

וועלכען ער האט געדרוקט. איצטער אבער, סך הכל צוויי יאר שפעטער, האט ער מיך אויפגענומען אזוי ווי ער וואלט שוין גע־וועזן א רוסישער מיניסטער. פארגלייכענדיק די אמעריקאנער העפ־לאכקייט, וואס איז ניט מער ווי א פארמע, מיט דער רוסישער גראבקייט, וואס איז גאנץ אויפריכטיק, האב איך זיך געטראכט: איך גלייך שוין בעסער, אז מען זאגט מיר „גלעד טו סי יו", ווען מען מיינט דאס ניט, איידער „פאשאל וואן", ווען מען מיינט דאס יע.

דערפון קענט איר זעהען, אז איך בין שוין אן אמעריקאני־זירטער מענטש, וואס קען „אפרישיעיטען" די אמעריקאנער אינסטי־טושאנס, און איינע פון די טיפישסטע אמעריקאנער אינסטי־טושאנס איז די „קאנווענשאן". פונדעסטוועגען, וויסענדיק וואס א קאנווענשאן איז און פאר וואס זי איז, וואס זי איז, מוז איך זיך מודה זיין, אז דער ערסטער טאג האט אויף מיר געמאכט זעהר א שלעכטען איינדרוק. מען האט איבערשטיעגען אין דיפלאמאטיע די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע. קיין איינציקעןווארט האט מען ניט געזאגט איבער די רציחות פון דער רוסישער רעגירונג געגען די אידען. דאס האט מען גוט געמאכט אויף מארגען. אז „אונפער־אנטווארטליכע פערזאן" האט מיר דערצעהלט, אז דאס איז ארויס־געקומען דורך א צופאל, אבער עס איז שוין גאר ניט געווען קיין צופאל, אז ווען דר. סירקין האט אין זיין רעדע א ו י ף א י ד י ש דערצעהלט וועגען די צרות וואס די אידען האבען געליטען פון די גרויסע און קליינע המן'ס אין רוסלאנד, האט זיך ארויפגעשטעלט אויף דער פלאטפארמע א דיפלאמאטישער יענקישער איד און האט געלאזט וויסען דער וועלט, אז דאס האט דר. סירקין גערעדט אין זיין אייגענעם נאמען, ניט בשם ד'פארקאנפערענץ. די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע האט שוין ארויסגעגעבען א ביכעל, אין וועלכען זי באשולדיקט גאנץ אפען די רוסישע רעגירונג אין מאסען פאר־ברעכענס געגען די אידען, אבער אונדזערע אייגענע דיפלאמאטען האבען נאך מורא.

אויף מארגען האט מען דעם פעלער גוט געמאכט. מר. סטרע־קער, דער באסטאנער אסיסטאנט טרעזשורער פון די פאראייניקטע שטאאטען, האט איבערגעלעזען א זעהר גוט פארפאסטען דאקומענט איבער דעם גירוש רוסלאנד. דער דאקומענט זאגט אלץ, וואס מען

האט געדארפט זאגען, ער זאגט עס שארף און קלאר, אז קיין שום פארשטעלענעס, אבער צו דערזעלבער צייט אין אזא שפראך, וואס עס פאסט זיך פאר א שטאטס־דאקומענט, דעם דאקומענט מעג מען צושטעלען צו דעם סטייט דעפארטמענט, אדער אפילו צום פרעזידענט אליין. אבער איך האב איבערגעקוקט דריי פילאדעלפיער מארגען־צייטונגען און צוויי פון זיי האבען עם גאר ניט דערמאנט, וועהרענד די דריטע האט פון עם ארויסגעצויגען א פאר אונשולדיקע פראזען, דעם רעכטען עיקר אבער האט זי אויסגעלאזען. דאס ווייזט דעם איינדרוק, וואס די ערקלערונג האט געמאכט אויף דער זייטיקער וועלט.

דער תירוץ איז, אז מען האט גאר אין זינען ניט געהאט צו געבען דער פארקאנפערענץ א דעמאנסטראטיווען כאראקטער, אויף א פארזאמלונג מיט א דעמאנסטראטיווען כאראקטער קוקען אונזערע אייגענע שטאטסלייט פון אויבען אראפ. איך וואלט געוואלט, אז אימעצער זאל מיר געבען צו פארשטעהן, פארוואס טאקיע זאל מען ניט געבען אונדזערע דעמאנסטראציעס א דעמאנסטראטיווען כאראקטער? פאליטישע קינדער מעגען זיך איינבילדען, אז רייטענדיק אויף א דיפלאמאטישען שטעקל פארען זיי כלומר'שט צו דעם פרידענס־קאנגרעס. אבער דערוואקסענע מענשען דארפען פארשטעהן, אז בכדי די אמת'ע דיפלאמאטען אין וואשינגטאן זאלען באשליסען אנצונעמען זיך פאר רוסישע אידען, מוזען זיי זיך שטיצען אויף אן עפענטליכע מיינונג אין לאנד, און אן עפענטליכע מיינונג קען מען שאפען נאר דורך דעמאנסטראציעס, ניט מיט דיפלאמאטישקייט. מיר דארפען גאר ניט פארזארגען דעם סטייט דעפארטמענט מיט דיפלאמאטישע נאטעס, פאר דער מלאכה זיינען דארטען פאראן געניטע הענט.

צוליב ענליכע דיפלאמאטישע טעמים האט די קאנווענשאן ניט גוטגעהייסען דעם פארשלאג פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע צו ווענדען זיך צוביידע פאליטישע פארטייען ביי זייערע קאנווענשאנס און בעטען זיי אנצונעמען פלענקס אין זייערע פלאטפארמעס צו גונסטען פון די אידען. אונדזערע גרויסע דיפלאמאטען האבען זיך א קרים געטאן — „עס שטעהט ניט אן!“ אימיצער האט א געשריי געטאן „פאליטיקס“. קיין צייט צו דיסקוטירען די פראגע איז ניט געווען, — אויף אן אמעריקאנער קאנווענשאן איז דער

מנהג, אז מען דיסקוטירט קיין זאך ניט, מען שטימט נאר. האט מען עס נידערגעשטימט.

די גאנצע אידעע אז „עס שטעהט ניט אן" איז בעצם פאלש. „פאליטיקס" ? זיכער, פאליטיקס. מיר ווילען דאך, אז די אמעריקאנער רעגירונג זאל פאר אונדז עפעס טאן, נו, און די אמעריקאנער רעגירונג איז דער פראדוקט פון פאליטיקס. א פרעזידענט ווערט עלעקטעט דורך פאליטיקס, קאנגרעסלייט ווערען עלעקטעט דורך פאליטיקס. ווער עס וויל עפעס פועל'ן ביי אונדזער רעגירונג, קען ניט שפילען די ראליע פון א פאליטישער בתולה, וואס האט מורא צו באפלעקען איר נאמען מיט פאליטיקס.

ווען עס וואלט זיך דא געהאנדעלט אום איין פארטיי, וואלט דער געשריי „פאליטיקס" געהאט א זין. אבער דער פארשלאג איז געווען צו ווענדען זיך צו ביידע גרויסע פארטייען, אין דער פאר־קאנפערענץ האבען זיך באטייליקט פאליטישענס פון אלע פארטייען. דעריבער וואלט קיין איינציקע פון די פאליטישע פארטייען דורך דעם ניט געקענט ציהען קיין פאליטישען קאפיטאל ספעציעל פאר זיך. די פארקאנפערענץ האט דורכגעלאזען דעם בעסטען מאמענט, ווען זי וואלט געקאנט ווירקען אויף די פארזאמעלטע פאליטישענס פון דעם גאנצען לאנד — די קאנווענשאנס וואס וועלען נאמינירען קאנדידאטען פאר פרעזידענט.

**סיידען אז דער שווייגען גופא איז אויך געווען א שטיק העכע־רע „פאליטיקס", ס'הייסט, אז דער דיפלאמאטישער דרך ארץ פא־דערט אזוי.**

## VII.

אין די פאראייניקטע שטאטען געהט איצטער אן א באוועגונג געגען דעם גאנצען סיסטעם פון קאנווענשאנס. די פארטשריטלאכע עלעמענטען פון אמעריקע זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אלע קאנווענשאנס זיינען ניט מער ווי טעאטער־פארשטעלונגען, וואו די אקטיארען שפילען די ראליען, וואס זיינען יעדערען פון זיי שוין אין פאראויס אויסגעטיילט געווארען פון די מענעדזשערס. די איינ־ציקע זאך, וואס די דעלעגאטען האבען צו טאן, איז שטימען דאפיר, אדער דאגעגען, אבער צוליב דעם לוינט זיך דאך ניט צו פארען הונ־

דערטער מייל צו דער קאנווענשאן. די קאמיטע, וואס האט אלצ־דינג צוגעגרייט אין פאראוים, וואלט דאך געקענט ארויסשיקען די פראגען פער פאסט און יעדערער וואלט געקענט אפשטימען וועגען זיי ביי זיך אין דער היים.

ווען דער קאנווענשאן סיסטעם איז איינגעפירט געווארען אין אמעריקע, איז פון אנהויב דער צוועק פון א קאנווענשאן געווען צוזאמענצורעדען זיך. אבער מיט דער צייט האט עס אויפגעהערט אזוי צו זיין. אין דעריין האבען געווירקט צוויי קרעפטען. וועלכע פון זיי איז געווען די ערסטע און וועלכע שטאמט פון דער אנדערער, ווע־גען דעם איז מעגלאך א חלוקי דעות. ביי יעדער קאנוועשאן האט מען צו פארהאנדלען וועגען א סך פראגען. ריכטיק צו באשפרעכען יעדע פון זיי, דארף מען האבען א סך צייט. אבער די דעלעגאטען צו די קאנוועשאנס קומען געוועהנטלאך אויף זייערע אייגענע הוצאות, און די מערסטע פון זיי זיינען ניט רייך; חוץ דעם האט יעדערער פארלאזען זיין געשעפט אדער זיין שטעל אין דער היים און קען ניט פארוויילען צו לאנג ביי דער קאנווענשאן, דעריבער מוז מען די זאך אפ׳פטר׳ן אויף גיך. מען האט קיין צייט ניט צו דעבאטירען און מען איז צופרידען אלץ איבערצולאזען צו ערגעץ א קאמיטע. היינט, אויב אזוי, איז גאנץ נאטירלאך, אז עס זאלען זיך ארגאניזירען קאָ־מיטעס אין פאראוים, וואס זאלען צושטעלען צו דער קאנווענשאן אלצדינג פארטיקערהייט.

ווען עס זיינען פאראן פארשידענע ריכטונגען אדער קליקעס, וואס ציהען אין פארשידענע זייטען, קומט יעדע פון זיי א צוגע־גרייטע און דעמאלט באשטעהט די גאנצע ארבייט פון דער קאנוועג־שאן אין אונטערהאנדלונגען צווישען די ארגאניזירטע קליקעס. אזעלכע אונטערהאנדלונגען ווערען געפירט הינטער די קוליסען. עס איז דאך דיפלאמאטיע, און ווי מיר ווייסען שוין פון אלערליי אוי־טאריטעטען, עקסט־רעכטע און עקסט־לינקע, קען מען קיין דיפלאָ־מאטיע ניט פירען מיט אפענע טירען. דיפלאמאטיע הייסט געהיימע דיפלאמאטיע, די קאנוועשאן מוז זיך דעריבער פארוואנדלען אין א גאנצע רייה פון קאקוסען.

אין ארגאניזירטע פאליטישע פארטייען געהט עס ווי געשמירט: יעדער דעלעגאט איז געשיקט געווארען פון ערגעץ א קליקע, ער האט

געקראגען דעם אָרדער צו פּאָלגען דעם באַשלוס פונ'ם קאָקוס, אָדער
פון דער פּלאַר־קאָמיטע, אָדער פון דעם פּלאַר־לידער*).

ווען עס קומען צו אַ קאָנווענשאָן דעלעגאטען, וואָס באַלאנגען
ניט צו קיין קליקע, זיינען זיי דאָרטען פארלאָרען, ווי פרעמדע, דער
גאַנצער אמעריקאנער פּארלאמענטאַרישער סיסטעם איז אַזוי צוגע־
שניטען, אַז דער פּלאַן פון דער הערשענדער קליקע אָדער פון די פּאר־
אייניקטע קליקעס זאָל דורכגעהן אָן אַ שטערונג. כל זמן אלצדינג איז
שוין אין פּאָראויס „צושניטען און אויסגעטריקענט", ווי די אמערי־
קאַנער זאָגען, איז גלייכער ניט צו דערלאָזען צו אַ דעבאַטע, וואָרים
עס איז ניט נאָר אַ צייט־פּארלוסט, עס קען אויך זיין אַ געפאַר פאַר
דעם אויסגעארבייטען פּלאַן. עס קען זיך געפינען אַ דעלעגאַט, וועל־
כער וועט מיט זיינע ארגומענטען ווירקען אויף די אָרגאַניזירטע דע־
לעגאַטען, וואָס זיינען ניט געבונדען מיט קיינע „אינסטראַקשאָנס",
אָדער „דירעקטיוועס", ווי מען זאָגט אין אייראָפּע, און זיי קענען
זיך פאראייניקען ארום עס און איבערקערען דעם גאַנצען צוגעגרייטען
פּלאַן, געגען אַזעלכע בונטען איז פאראַן אַן אלטער אויסגעפּרוביר־
טער מיטעל: פארשליסען די מיילער פון די בונטאָווטשיקעס. דער־
צו זיינען פאראַן אַ גאַנצע רייהע מיטלען. ערסטענס, ווערט אין פאָר־
אויס באַשרענקט די צייט, וואָס מען קען פארברייינגען אין דער דע־
באַטע וועגען אַ געוויסע פראגע. אַט האָט איר אַ ביישפּיל פון דער
פילאַדעלפיער פּאַר־קאָנפערענץ. מען האָט געדארפט אויסארבייטען
אַ פּלאַן פון אַ וואַל־סיסטעם פאר דעלעגאטען צו דעם אידישען קאָנג־
רעס, האָט מען דערצו געהאַט אַ שעה מיט אַ פערטעל. דער היינטי־
קער אַמעריקאנער וואַל־סיסטעם איז דער פּראָדוקט פון דריי הונ־
דערט יאָר פון ענטוויקעלונג, עס זיינען וועגען עס געשריבען געוואָ־
רען דיקע ספרים, מען איז גאָר ניט אייניק וועגען די פונדאמענטאַלע

*) די עקסטרעמסטע פאָרמע פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָב איך בייגע־
וואָהנט ביי דער ערסטער קאָנווענשאָן פון דער דעבסיסטישער סאָשאַל דע־
מאָקראַסי אָוו אַמעריקע, אין 1898, אין שיקאַגאָ. דאָרטען איז פאָרגע־
קומען אַ קאַמפף צווישען צוויי ריכטונגען. דער פּלאַר־לידער פון אונדזער
ריכטונג איז געווען קערי פון העיווערהיל, — צי ווער עס איז האָט איהם
אויסגעקליבען פאר דער ראָליע, ווייס איך ניט, אָבער צו מיר איז אי־
מיצער צוגעגאַנגען און האָט מיר געזאָגט, אַז מיר דאַרפען אלצדינג אי־
בערלאָזען צו עם און נאָכמאַכען, וואָס ער וועט טהאָן.

פראגעו, און אַט די אַלע פראגען האָבען די דעלעגאַטען אין פילאַדעלפיע געדארפט פארענטפערען אין איין שעה מיט א פערטעל.

פארשטעהט זיך, אז מען האָט קיין צייט ניט, מוז מען באַשרענקען די צייט פון די רעדנערס. די „גענעראַל־רעדנערס", ווי מען רופט זיי אין אייראָפּע, קריגען צען מינוט, העכסטענס א פערטעל שעה, די איבעריקע דעלעגאַטען דארפען זיין צופרידען, ווען זיי קריגען דריי אָדער העכסטענס פינף מינוטען, און פילע האָבען גאָר קיין זכות ניט צו קומען צום וואָרט. און דאָ ווידער פארזיכערט דער אמעריקאנער פאַרלאַמענטאַרישער רעגלאַמענט (די „רולז") די ממשלה פון דער הערשענדער קליקע דורך די אונבאַשרענקטע מאכט פון דעם פּאָרזיצענדען; ער גיט דאָס וואָרט וועמען ער וויל. אויף דעם אופן קען די הערשענדע קליקע דערשטיקען יעדע אָפּאָזיציע פון די „ווילדע".

איהר קענט זעהען דערפון, אז קיין אמעריקאנער קאָנווענשאָן איז ניט און קען ניט זיין דעמאָקראַטיש. דאָס ערקלערט די באוועגונג געגען דעם גאַנצען סיסטעם פון קאָנווענשאָנס אין דער פּאָליטיק. אין פיל סטעיטס זיינען די קאָנווענשאָנס שוין אין גאַנצען אָפּגעשאפט דורך דעם געזעץ.

עס איז גאַנץ נאַטירלאך, אז די פילאדעלפיער פּאַר־קאָנפערענץ האָט אויך געמוזט האָבען דעמזעלביקען כאראקטער ווי אַלע אמעריקאָנער קאָנווענשאָנס. אָבער ווי באַלד מען האָט אָפּגע'פּטר'ט די יום־טוב'דיקע צערעמאָניעס, וואָס האָבען פארנומען די ערסטע זיצונג, האָט זיך באַלד דערפילט א רעבעלישער גייסט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דעם צווייטען טאָג פון דער קאָנפערענץ. ווען דער טשערמאַן האָט פּאָרגעלעזען די נעמען פון די פּארשידענע קאָמיטעלייט, האָבען פילע דעלעגאַטען פּראָטעסטירט, אז דאָס איז ניט דעמאָקראַטיש, אז די קאָמיטעס דארפען ערוועלט ווערען פון דער פאַרזאמלונג גופא. אומזיסט האָט דער טשערמאַן געזוכט צו בארוהיקען די בונטאָוושטשיקעס דערמיט, וואָס די קאָמיטעס זיינען צוזאָמענגעשטעלט געוואָרען פון די פּאַרטרעטערס פון פּארשידענע ריכטונגען, ניט פון עם פּערזענלאָך, די דעלעגאַטען, וואָס האָבען זיך ניט באַטייליקט אין די קאָקוסען, דאָס הייסט א גוטע העלפט, האָבען אַליין געוואָלט האָבען א דעה איבער די קאָמיטעס. עס האָט זיך אויפגעשטעלט א יונגער מאַן, ס'ווייזט אוים איינער וואָס איז געבאָרען

געוואָרען אין דעם אמעריקאַנישען קאָנגרעס, און האָט אויפ'ן קול מודיע געווען דעם עולם, אז דער טשערמאַן איז אַ צאַר, וואָס לויט דעם אמעריקאַנער זאַקאָן, האָט ער דאָס אונבאַשרענקטע רעכט צו נאַזנאַטשען וועמען ער וויל, און „ניע ראַזסוזשדאַט!“ דאָס הייסט, ער האָט דאָס געזאָגט מיט ענגלישע ווערטער אין אַן עכט יענקישען אַקצענט, אָבער עס האָט געקלונגען גאָר פּאָ רוסקי.

ווען מען באַטראַכט די זאַך פון אַ פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, האָט מען די פּראָטעסטאַנטען ניט געקענט צוליב טאָן, ווייל עס וואָלט פארנומען וועניקסטענס אַ גאַנצען אַווענט אויסצוקלייבען מער ווי הונדערט מיטגלידער פון די פארשידענע קאָמיטעס, און די קאָנווענשאָן האָט געמוזט ענדיקען איר ארבייט אויף מאָרגען ביי נאַכט. אָבער דאָ שטעלט זיך די אייביקע קשיא: וואו איז דאָ דער „מוז“? אויב מען וויל ווירקלאַך האָבען דעמאָקראַטיע, טו דאַרף מען נעמען די נויטיקע צייט דערצו. דאָס איז דאַך די אַלטע טענה פון די רעאַקציאָנערען געגען דעם פּאַרלאַמענטאַריזם, אז מען פאַרשווענדעט צייט און איבעריקע רייד. אין אַ ביוראָקראַטישער קאַנצעלאַריע קען מען אָפּטאָן אַן עסק איינס־צוויי־דריי. ווען טאַפט איז געווען גענעראַל־גובערנאַטאַר פון די פיליפּינעס, פלעגט ער דיקטירען אַ „געזעץ“ צו זיין סטענאָגראַפער, די מיטגלידער פון דער פיליפּין־קאָמישאָן פלעגען עס תיכף חתמ'נען, און אויף מאָרגען איז עס שוין געווען אַ געזעץ.

די אונטערסטע שורה איז, אז אונטער די איצטיקע אומשטענדען איז די דעמאָקראַטישקייט „ניט פּראַקטיש“, געגען דעם אָבער האָבען פילע פון די דעלעגאַטען געמורמעלט: אויב אַזוי, טו וואָס רעדט מען אַזוי פיל פון „דעמאָקראַטישע יסודות“?

דער בונט האָט זיך צוברענט, ווען עס איז אריינגעבראַכט געוואָרען דער באַריכט פון דער קאָמיטע וועגען דעם וואַל־סיסטעם. עס זיינען פאָרגעלעגט געוואָרען צוויי פּלענער, איינער פון דער מאַיאָריטעט, וועלכען איך האָב אריינגעבראַכט, און דער אנדערער פון דער מינאָריטעט, וואָס איז אויסגעארבייט געוואָרען פון מ. שאָמער'ן. דער פּלאַן פון דער מאַיאָריטעט איז געווען אַ פּראַקטישער, דער פּלאַן פון דער מינאָריטעט אַ דעמאָקראַטישער. די באַגייסטערונג וואָס די קאָנפערענץ האָט ארויסגעוויזען פאַר דעם דעמאָקראַטישען פּרינציפּ געגען דעם ריין־פּראַקטישען פּלאַן, וואָס איך האָב פאַרטיידיקט, האָט

מיר פארשאפט איינעם פון די גליקלאכסטע מאָמענטען אין מיין לע־בען. כמעט א העלפט פון די דעלעגאטען האָבען זיך פאראייניקט ארום דעם אונפּראקטישען דעמאָקראטישען פּרינציפּ. די איינגע־וואנדערטע אידען האָבען גלענצענד אויסגעהאלטען זייער פּאָלי־טישען עקזאמען.

די קורצע דעבאטע און די אָפּשטימונג וועגען דעם וואל־סיס־טעם זיינען געווען דער שענסטער טייל פון דער גאנצער פאר־קאָנ־פערענץ.

## VIII.

דער שטרייט וועגען דער דעמאָקראטישער פארטרעטונג ביי דעם קאָנגרעס האָט מיך, דעם סקעפּטיקער, דעם חוזק־מאַכער, גע־בראכט אין אן אמת'ע ענטוזיאסטישע שטימונג. איך בין געווען בא־גייסטערט פאר מיינע געגנער. דער פּלאַן זייערער איז געווען העכסט אונפּראַקטיש, — זיי אליין האָבען אייגענטלאך קיין פּלאַן ניט אויס־געארבייט. פאר מיר אָבער איז טייער געווען דער קאמפּף פאר דעם דעמאָקראטישען פּרינציפּ, און געגען קליקען־הערשאפט, פאר וועל־כער די פּראָטעסטאַנטען האָבען זיך געשראָקען. דאָס איז א געזונטע ערשיינונג פאר אונדזער היגען פּאָליטישען לעבען. וואָרים דאָס מוז מען דאָך געדענקען, אז דער אידישער קאָנגרעס איז דאָך ניט מער, ווי איין יום־טוב'דיקער מאָמענט אין אונדזער קהל'שען לעבען, אָבער מענטשען, בירגער זיינען מיר דאָך יעדען טאָג אין דער וואָך, — און עס איז וויכטיק פאר אונדזער פּאָליטישער ערציהונג, מיר זאָלען זיך צוגעוואוינען אין יעדער זאַך צו האנדלען דעמאָקראטיש.

דער פּלאַן, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגען פאר דער קאָמיטע, איז ניט געווען מיין אייגענער. ער איז געווען דער פּראָדוקט פון שותפ'עשער ארבייט פון א היבשע צאָל מענטשען וואָס האָבען אָפּ־געהאלטען עטלאכע זיצונגען פאראַיארען פאר דער קאָנווענשאָן פון דער קהלה, אין דער קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן און צווישען איר ערסטען און דעם צווייטען מיטינג. מען האָט זיך וועגען אלע פּראַ־גען גאנץ גוט דורכגעדרעט און מען איז געקומען צום שלום. אז עס וועט פאר אונדז זיין אונמעגלאך צו דערגרייכען יעדען איד פּערזענ־לאך, ער זאָל זיך באטייליקען אין די וואלען פאר דעם קאָנגרעס.

עס איז לייכט צו זאָגן: גיט יעדן איד און יעדער אידענע אַ וואוט. מען מוז אבער שאַפן דערצו אַ וואַל־מאַשינערי. נו, ווען מיר גיבן אַ קוק אויף דער וואַל־מאַשינערי פון אונדזער רעפּובליק, זעהען מיר, אַז עס האָט גענומען כמעט דריי הונדערט יאָר איר אויפצובויען און זי ארבייט נאָך הײַנט ניט גוט. מען האַלט שטענדיק אין איבערבויען די פארשידענע טיילן פון דעם „פּלענט", און קאָם האָט מען עפּעס אויסגעבויט, ווייזט זיך באַלד אַרויס, אַז דאָ און דאָרטן פאָדערט זיך רעפּאַראַטור. דער פאקט איז, אַז הגם מיר האָבן אויפ'ן פּאַפּיר דעמאָקראַטישע וואַלן, איז אונדזער רעגירונג אין דער פּראַקטיקע ניט מער ווי אַ קליקן־הערשאַפט. דאָס וואָס מען רופט „מאַשין־פּאָליטיקס" איז דאָך דער פּראָדוקט פון דעם אמעריקאַנער דעמאָקראַטישן וואַל־סיסטעם. הייסט דאָך, אַז אויב מיר זאָלן שוין קענען אויסארבייטן פאר דעם אידישן קאָנגרעס אַזאַ פּלאַן פון וואַלן, וואָס זאָל זיין ניט ווייניקער דעמאָקראַטיש, ווי למשל, דער וואַל־סיסטעם פון קאָלאָראַדאָ, וואו פרויען וואוטען גלייך מיט מענער, זיינען מיר נאָך גאָר ניט זיכער, אַז מיר וועלן האָבן אַ בעסערן קאָנגרעס ווי די קאָלאָראַדאָ'ער לעדזשיסלייטשור, וואָס איז דער מאַיאָנטעק פון ראקעפעלער'ן. לאָמיר אבער זאָגן, אַז מיר האָבן שוין אָנגענומען דעם בעסטן סיסטעם פון נאמינעישאָנס, מיט אַ „פּרעפערענשאַל באַלאָט", וואו יעדער וואוטער קען שטימען פאר זיין ערסטן קאנדידאט, און אויב דער קריגט ניט קיין מאַיאָריטעט, דאַן פאר אַ צווייטן, דריטן א. אַ. וו. ווי בעווארענט מען זיך אָבער געגן פאַלשע וואוטס? מיר ווייסען, אַז אין אונדזערע פּאָליטישע עלעקשאָנס קומען פאָר אַ סך פאַלשקייטען: דערזעלביקער וואוטער שטימט עטלאכע מאָל אין פארשידענע דיסטריקטען אויף פאַלשע נעמען, מען מאכט אלערליי פאלשקייטען ביים צעהלען די וואוטס. דיזע אַלע קונצען ווערען געמאכט ניט אכטענדיק אויף דעם, וואָס ווען מען כאַפּט אַ חברה־מאַן ביי אַזעלכע זאכען, זעצט מען איהם אריין. דאָס האָט שוין פּאַסירט. דיסטריקט־לידערס פוןביידע פּארטייען זיינען פאר'משפּט געוואָרען און זיינען אָפּגעזעסען זייערע טערמינען. און פונדעסטוועגן האָט עס ניט אָפּגעהאלטען אַנדערע פון נייע פאלשקייטען. שטעלט זיך־זשע פאָר די שוועריקייטען וואָס מען וועט האָבן ביי די וואלען פאר אַ אידישען קאָנגרעס, אין וועלכע דער געזעץ קען זיך ניט אריינמישען.

ווען אַ פּאָליטישען זאָל זיך פארוועלען ערוועלט צו ווערען פאר

א דעלעגאט פון זיין דיסטריקט, קען ער געפינען אלערליי מיטלען צו פעלשען דעם באלאט, אויב מען זאל גוט ניט אכטונג געבען. מען דארף דעריבער האבען א גאנצע מחנה עלעקשאן אינספעקטארס און וואטשערס איבער׳ן גאנצען לאנד, — ווי קען מען זיין זיכער, אז עס וועט ניט געלינגען זיי אונטערצוקויפען דירעקט מיט געלט אדער מיט אנדערע מיטלען? מיר ווייסען פון דער ערפארונג אין דעם אר־בייטער־רינג, אין די יוניאנס, אין די פאראיינען, אז איין פארטיי באשולדיקט די אנדערע אין אלערליי לינקע מעטאדען ביי די וואלען. עס איז ניט וויכטיק, צי די באשולדיגונגען זיינען ריכטיק צי ניט, — עס איז גענוג, אז זיי זיינען דא, דאס הייסט, אז א טייל פון די מעמ־בערס גלויבט, אז די בעאמטע זיינען ניט ריכטיק עלעקטעט געווא־רען, אפצושוואכען דעם צוטרוי פון דעם עולם צו זיי. ביי אלגעמיינע וואלען צום אידישען קאנגרעס איז נאך שווערער דערפון זיך אויסצו־היטען.

און די הוצאות! אין אזא שטאט ווי ניו־יארק, אויב מען וויל, אז אלע אידען זאלען זיך באטייליקען אין די וואלען, דארף מען הא־בען עטלאכע הונדערט פלעצער, וואו דער עולם זאל קענען וואוטען. דאס דארף אפקאסטען אן אוצר מיט געלט.

דעריבער זייענן מיר פאראיארען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז מיר קענען אזא דעמאקראטישען פלאן ניט דורכפירען, ער זאל ווירקלאך זיין דעמאקראטיש. עס איז געבליבען צו באנוצען זיך מיט די עקזיסטירענדע ארגאניזאציעס. יעדער לאקאלער פעראיין זאל מעגען שיקען איין דעלעגאט. אמת, עס זיינען פאראן גרויסע פאר־איינען פון טויזענט מעמבערס, און קליינע פון עטלאכע צעהנדליק לאנדסלייט, און עס איז ניט קיין יושר אזביידע זאלען האבען א גלייכע פארטרעטונג. אבער ווען מען זאל איבערלאזען צו יעדען פון די עטלאכע טויזענט פאראיינען צו באריכטען די צאל מעמבערס, וואס האבען זיך באטייליקט ביי די וואלען, טו ווי קען מען זיין זיכער, אז די צאל אפגעגעבענע וואוטס וועט ניט אנגעגעבען ווערען פאלש? מען פרעגט, ווער קען האבען אן אינטערעס צו פעלשען דעם וואוט, ווען מען קען אן דער קאנגרעס־באוועגונג ניט מאכען קיין געלט. מיר ווייסען אבער, אז פערזענלאכע פאפולאריטעט האט א גאנץ רעאלען ווערט אין אמעריקאנער פאליטיק, מען קען זיך דערמיט צושלאגען צו א נאטינעישאן פאר א פאליטישען אמט.

צוליב די אלע אורזאכען איז פאר מיר קלאר געווען, אז אן אמת דעמאקראטישער פלאן פון עלעקשאנס פאר דעם אידישען קאנגרעס לאזט זיך ניט דורכפירען. מיט דעם געדאנק האבען איינגעשטימט אלע ראדיקאלע עלעמענטען ביי דער פארקאנפערענץ.

געגען דיזען פלאן האבען רעוואלטירט די „מאסאווע" דעלעגאטען, די „ווילדע", ווי מען רופט זיי אויף דעם אייראפעאישען פארלאמענטארישען לשון; מענטשען וואס זיינען ניט קיין פראפעסיאנעלע כלל־טהוערם. מיט די פראקטישע שוועריקייטען זיינען זיי ניט באקאנט. די קאנגרעס־באוועגונג האט אויפגעוועקט אין זיי דעם געפיל פון רחמנות, דעם געפיל, אז זיי האבען נאציאנאלע פליכטען אלס אידען, און זיי זיינען אריין אין די באוועגונג מיט דער באגייסטערונג פון פרישע מענטשען פאר דעם פארטשריטלאכסטען אידעאל פון דער צייט.

צווישען די רעדנער פאר דעם דעמאקראטישען פרינציפ זיינען געווען צוויי העכסט אינטערעסאנטע פיגורען: הרב מאיר בערלין און דער געוועזענער סענאטאר סאלאנט פון דער ניו־יארקער לעדזשיסלעיטשור. מר. בערלין איז גאר א נייער טיפ אין דעם אידישען לעבען: אן ארטאדאקסישער רב מיט א מאדערנער וועלטלאכער בילדונג. אן אמת'ער ר ב, ניט קיין „ראבאי", און א פארטרעטער פון דער „מזרחי" האט לויט אלע אנגענומענע כללים פון דער פאליטישער קלאסיפיקאציע געדארפט זיין אן עקסטרעמער קאנסערוואטאר. לאזט זיך גאר אויס, אז ער האט געהאלטען א פייערדיקע רעדע פאר דעמאקראטישע פרינציפען. און יעדער וואס האט עם געהערט האט געפילט, אז ער רעט מיט טיפער איבערצייגונג, ניט ווי די אמעריקאנער רעווערענדם מיט זייערע אראטארישע עפעקטען, וואס פאר א ליעבהאבער פון דער רעאליסטישער טעאטער־קונסט האבען זיי א טעם פון חלשות. דער פאקט, אז א אידישער רב קען זיין אן איבערצייקטער קעמפער פאר דעמאקראטיע, איז א צייכען פון פארטשריט: די דעמאקראטישע פרינציפען האבען אויפגעהערט צו זיין דער אידעאל פון א קליינער סעקטע אוטאפיסטען; זיי זיינען אריין אין דעם באוואוסטזיין פון פאלק.

הרב בערלין איז א פארטרעטער פון דעם ארטאדאקסישען יודענטום. עקס־סענאטאר סאלאנט רעפרעזענטירט אונדזער יונגען דור, וואס איז שוין אויפגעהאדעוועט געווארען אין אמעריקע. פאר

דעם סענאט איז ער געוועלט געווארען אלס א „פראגרעסיוו“. ביי אידישע ראדיקאלען פון דער היים איז א פראגרעסיוו א מענטש וואס חבר'ט זיך צו פערקינס'עס מיליאנען. אבער ווען איר וועט זיך דערמאנען, אז נאך גאר ניט לאנג האבען די זין פון סאציאליסטישע און אנארכיסטישע טאטעס זיך נע'חבר'ט מיט טעמעני־האל, אדער מיט דער רעפובליקאנער פארטיי, טו וועט איר זעהען, אז א היגער אויפגעהאדעוועטער יונגערמאן, וואס איז א „פראגרעסיוו“ איז ווירקלאך א פראגרעסיווע ערשיינונג. מר. סאלאנט האט גערעט קורץ, ווייל ער האט געהאט א פאר מינוטען צייט, אבער ער האט אויך גערעט פון גאנצען הארצען. ווען ער האט פראטעסטירט אים נאמען פון דעמאקראטיע געגען דער פארטרעטערשאפט פון ארגאניזאציעס. דורך זייגע ליפען האט גערעט אונדזער יונגער דור, די אמעריקאנער קינדער פון רוסישע עלטערען. זיי באלאנגען ניט צו קיין ספעציעל אידישע ארגאניזאציעס און זיי האבען פראטעסטירט געגען דעם, וואס צוליב דעם וואלטען זיי אויסגעשלאסען געווארען פון דעם אידישען נאציאנאלען לעבען.

די קאנפערענץ האט זיך צוטיילט אויף צוויי כמעט גלייכע גרופען: אלע ארגאניזירטע עלעמענטען האבען זיך פאראייניקט ארום דעם פראקטישען פלאן, און די אונארגאניזירטע דעלעגאטען האבען זיך פאראייניקט פאר דעם דעמאקראטישען פרינציפ. א זיג איבער דער דעמאקראטישער אפאזיציע וואלט פאר אונדז, די פאטענטירטע ראדיקאלען מכל המינים, געווען א מאראלישע נידערלאגע.

עס האט זיך געענדיקט מיט א קאמפראמיס. די מאיאריטעט האט „אין פרינציפ“ צוגעשטימט צו דער דעמאקראטישער פארטרעטונג, און די פראטעסטאנטען, אלס אונפראקטישע לייט, האבען זיך דערמיט בענוגענט.

## XI.

אז אייראפעאישער פילאסאף פרעגט א קשיא: וואס רעט מען דאס אזוי פיל וועגען „דעמאקראטיע“ אין פארבינדונג מיט'ן קאנגרעס? אין גרונד גענומען, צו וואס דארף מען אינגאנצען א קאנגרעס? און אויב יע א קאנגרעס, טו וואס האט דאס צו טהאן מיט דעמאקראטיע? האט דען א צווייטער פילאסאף אמאל ניט געזאגט, אז די בעסטע דעמאקראטיע איז א גוטע אריסטאקראטיע?

מילא, צי מען דארף אַ קאָנגרעס, צי ניט, איז דאָך גאָר אַ באַזונדערע פראגע, וואָס איז ניט שייך צו דעמאָקראַטיע: אויב מען דארף קיין קאָנגרעס ניט, טו דארף מען קיין אַריסטאָקראַטישען אויך ניט.

קומען מיר אַלזאָ צו דער פראגע וועגען דעמאָקראַטיע. איך בעט אייך, איר זאָלט אויף מיר קיין פאריבל ניט האָבען, אויב עס וועט זיך אייך אפשר אויסווייזען, אז איך חזר איבער מיט אייך דעם א"ב. מען קען זיך ניט העלפען: יעדען זמן קומען אריין נייע חדר־אינגלאך (אָפט מיט בערד).

ווען אַלע וואָלטען געווען איינִיק וועגען דעם, וואָס אַ קאָנגרעס דארף אויפטאָן, וואָס ער קען אויפטאָן, און אויך וואָס פאר אַן אופן ער קען עס אויפטאָן, וואָלט ניט אויסגעמאכט, ווער עס וועט דאָס אויפטאָן. עס זיינען פאַראַן אַ סך קהל'שע זאכען, וואָס ווערען אויפגעטאָן דורך דער ארבייט פון פריוואט מענטשען, קיינער אמפּערט זיך מיט זיי ניט, אדרבא, דער עולם איז זיי דאנקבאר פאר זייער ארבייט. אָט לאָמיר טאַקע נעמען די אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע פאר אַ ביישפּיל. קענט איר זיך פאָרשטעלען אז פארטרעטער פון הונדערטער אָרגאַניזאַציעס זאָלען אַ יאָר צייט פירען אונטערהאנדלונגען מיט אַ פאַראיין פון זיבעציק מעמבערס? קענט איר זיך פאָרשטעלען אַז אַ קאָנווענשאָן פון סאָציאַליסטען מכל המינים זאָל זיך שדכנ'ען צו אַ פאַראיין פון גבירים צוליב די פאָר דאָלאר, וואָס מען קען ביי זיי אויסבעטלען? עס איז קלאָר, אז עס מוז מסתמא זיין אַ פאראיין, וואָס האָט עפּעס אנדערעס אויפצואווייזען חוץ יחוס און געלט. איז דאָס דערפאַר, וואָס זיי זיינען גרעסערע חכמים פאר אַלע אנדערע אידען? אויף דעם זאָגט דער פראנצויז, אַז „קיינער איז ניט אונצופרידען מיט זיין אייגענעם שכל“. און חוץ דעם, גאַנץ אָביעקטיוו גערעט, האָבען די קאָנגרעסיסטען אַן אייגענעם נאַפּאָלעאָן באַנאַפּאַרט, וואָס פרעזידענט ווילסאָן און דר. גאָלדפארב האַלטען ביידע פאר עם. אַ סימן, אז די אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע האָט מסתמא עפּעס אויפגעטאָן פאר אידען און דערמיט האָט זי געקראָגען אַזאַ שם ביי די אידען.

ווען עס זיינען אהער דערגאַנגען די ידיעות וועגען די אידישע צרות און די אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע נעמט זיך באלד צו דער ארבייט און הויבט אָן אַ גרויסע פּראָטעסט באוועגונג, דורך דער

פרעסע און מיט אנדערע מיטלען, וואָלט דער גרויסער עולם איר אי־בערגעלאָזען די טרחה און דעם כבוד און וואָלט אָנגענומען איר פי־רערשאפט, ווי אין דער אגיטאציע איבער דער פּאספּאָרט־פראגע מיט עטלאכע יאָר צוריק. קיינער וואָלט דעמאָלט ניט געפרעגט קיין קשיות וועגען דעמאָקראטיע.

„דעמאָקראטיע" איז געוואָרען אן „אישו" נאָר דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען א פאָלקס־באוועגונג און די פירערס אויף דער אויסערסטער רעכטער און אויף דער אויסערסטער לינקער זייט זענען ארויסגעטראָטען געגען דער פאָלקס־באוועגונג מיט א פּאָליטיק פון פארשלעפונג. גאנץ נאטירלאך האָט מען זיי געענטפערט, אז מען וויל אויסהערען זייערע עצות, אבער דער פאָלק אליין האָט די דעה אין דעם עסק.

אז איר ווילט שוין פילאָסאפירען, טו דערצעהלט אונדז ניט, וואָס ערגעץ א תלמוד חכם האָט געזאָגט אין פראנקרייך, וואָס איז געוועזען א לאנד פון ביוראָקראטיע זינט דעם אונטערגאנג פון פעאָדאליזם ביז דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע, און וואו די אריסטאָקראטיע האָט מיט ערפאָלג באקעמפּפט די דעמאָקראטישע באוועגונג אין דער גאנצער צייט פון דעם ניינצענטען יארהונדערט, — און טאקע מיט דער הילף פון די געלערנטע און די פילאָסאָפען. באטראכט בעסער דעם גאנג פון דער פּאָליטישער געשיכטע, וועט איר מוזען איינזעהן, אז די אונבאשרענקטע („אבסאָלוטע") מאָנארכיע האָט זיך אין דעם זעכצענטען יארהונדערט געשטיצט אין פראנקרייך אויף די בירגערשאפט פון די שטעט, — דיזעלבע וואָס איז מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער געוואָרען די אָנפירערין אין דעם קאמפּף געגען די מאָנארכיע. איהר וועט זיך אויך דערמאָנען, אז אין דער צווייטער העלפט פון דעם אכטצענטען יארהונדערט איז זעהר פּאָפּולער געווען צווישען די געבילדעטע קלאסען אין אייראָפּע די טעאָריע פון דעם „אויפגעקלערטען אבסאָלוטיזם": א גוטער קעניג, וואָס האָט די אונבאשרענקטע מאכט צו טאָן וואָס ער וויל, קען אויפטאָן פאר דעם גליק פון זיין פאָלק מער און גיכער, ווי יעדע אנדערע רעגירונג. איך האָב דיזעלביקע טעאָריע געהערט אנומטען פון א רעוואָלוציאָנערען קלאוקמאכער: דער עולם איז א גולם,— האָט ער גע'טענה'ט, — און מען קען אויף עם ניט בויען; אויב איך האָב נאָר די מאכט צו פארבעסערען זיין לאגע, איז גלייכער אויף עם זיך גאָר ניט פארלאָזען.

די טעאָריע פון דעם אויפגעקלערטען אבסאָלוטיזם קלינגט זעהר שעהן, זי האָט נאָר איין חסרון: ס'איז שווער צו קריגען אן אויפגעקלערטען מאָנאַרך, און ווען מען געפינט עס שוין יע, איז מען קיינמאָל מיט עם ניט זיכער, אז ער וועט בלייבען אויפגעקלערט. אָט נעמט אלעקסאַנדער דעם צווייטען, וואָס פילע פון אונדז געדענקען גאַנץ גוט זיין צייט. ווען ער האָט באפרייט די פויערים, האָט דער רעוואָלוציאָנער הערצען געשריבען אין זיין אויסלענדישער צייטונג אן ארטיקעל מיט דער קעפּעל: „דו האָסט אונדז מנצח געווען!“ ווער רעט שוין פון די ליבעראלען, וואָס זיינען געווען גאַנץ צופרידען מיט זיין אונבאשרענקטער מאכט, — פאַרקערט זיי האָבען מורא געהאט, אז אויב רוסלאַנד זאָל קריגען אַ שטיקעל קאָנסטיטוציע, וועט זיין ערגער פאַר'ן פאָלק, ווייל די פּריצים וועלען קריגען די מאָכט. אָבער אלעקסאַנדער דעם צווייטען'ס אויפגעקלערטע הערשאַפט איז זעהר ניט לאַנג געבליבען אויפגעקלערט: באלד איז פון איר געבליבען נאָר די דעספּאָטישע מאכט פון דער אונבאשרענקטער רעגירונג.

דער פּועל יוצא פון דער גאַנצער געשיכטע איז, אז דאָס פאָלק קען זיין צופרידען מיט אן אריסטאָקראטיע נאָר אזוי לאַנג ווי עס ווייזט זיך עם אויס, אז די אריסטאָקראטיע זוכט זיין טובה („אַ גוטער פריץ“); ווען אָבער די אריסטאָקראטיע נעמט אָן אָפען אַ פיינטלאכע שטעלונג געגען דעם פאָלק, הויבט עס זיך אָן צו בונטעווען מער ווייניקער אינסטינקטיוו אָדער באוואוסטזיניק.

די רייד וועגען דעמאָקראטיע אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנגרעס־באוועגונג זיינען דער אויסדרוק פון פּראָטעסט געגען דעם, וואָס די „אריסטאָקראטיע“ פון וואָל סטריט און פון 175 איסט בראָדוויי*) ווילען ניט דערלאָזען „דאָס פאָלק“ אָפּצוהאַלטען אַ אידישען קאָנגרעס, ווען „דאָס פאָלק“ וויל.

איך האָב געשטעלט „דאָס פאָלק“ אין קאַוויטשקעס דערפאַר, וואָס איך וויל ניט מען זאָל מיך חושד זיין אין איבערטרייבונג. איך ווייס גאַנץ גוט, אז ווען ערגעץ אַ פאַראיין האָט געשיקט אַ דעלעגאַט צו ערגעץ אַ קאָנווענשאָן בנוגע צום אידישען קאָנגרעס, הייסט דאָס נאָך ניט, אז יעדער מעמבער פון דעם פאַראיין האָט זיך באטייליקט אין דער וואָל פון דעם דעלעגאַט. אָבער דער פּרעזידענט און דער

*) דאָרטען געפינט זיך די רעדאקציע פון „פאָרווערטס“.

סעקרעטער און די פאר וויס־פרעזידענטען און אנדערע בעאמטע האבען געוועהנטלאך וועגען דעם געוואוסט, ווארים א מענטש איז דאך ניט מער ווי א מענטש — ווענמען ווילט זיך ניט האבען א שטי־קעל כבוד? איין בעאמטער וועט ניט דערלאזען דעם אנדערען, ער זאל זיך נעמען דעם גאנצען כבוד, אפילו ניט אנמעלדענדיק וועגען דעם צו די אנדערע בעאמטע. אויב אלזא די פילאדעלפיער פאר־קאנפערענץ האט רעפרעזענטירט איבער דריי טויזענט אידישע לאַ־קאלע ארגאניזאציעס, הייסט דאס, אז ניט ווייניקער ווי צען־פופ־צען טויזענט מענטשען האבען זיך באטייליקט אין די וואלען. ווען עס קומען עטלאכע מנינים פירערס און ווילען זיי שטערען, ענטפערען די צען טויזענט אז זיי זיינען די רבים און די יחידים מוזען זיי פאל־גען אדער אפטרעטען פון וועג.

איך וויים ניט וואס וועט זיין די אויפטואכץ פון דעם אידישען קאנגרעס פאר די אידען פון רוסלאנד, פון פוילען, גאליציע און רומעניע. אבער איך בין צופרידען דערמיט, וואס די קאנגרעס־באַ־וועגונג האט שוין אויפגעטאן פאר די דעמאקראטישע ערציהונג פון די אמעריקאנער אידישע אידען. דאס איז וואס מען רופט אויף ענג־ליש: „אבדזשעקט לעסאן" (אויף רוסיש — „פרעדמיעטנאיע אבו־טשעניע") אין זעלבסטפארוואלטונג.

## X.

דער ערסטער איינדרוק נאך דער ניו־יארקער קאנפערענץ פון דער נאציאנאלער ארבייטער קאמיטע איז געווען, אז די „מאסע", וואס האט זיך צונויפגעקליבען אין בעטהאווען האלל, האט געגע־בען צו פארשטעהען די פירערס, אז זי פארלאנגט פאראייניקונג מיט אלע עלעמענטען פון דעם אידישען פאלק פאר אלגעמיינע אידישע פאדערונגען, פאר יענע פאדערונגען, אויף וועלכע מען האט זיך גע־אייניקט ביי דער קאנווענשאן לעצטען סעפטעמבער.

אבער באלד ווי די דעלעגאטען זיינען זיך צוגאנגען אדער צו־פארען א היים, האט זיך אויף מארגען אנגעהויבען די אלטע פאלי־טיק.

דעם צווייטען אפריל איז אין „פארווערטס" ערשינען דער אויפ־רוף וואס די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע האט ארויסגעשיקט צו

דער קאנגרעס ארגאניזאציאנס קאמיטע און צו דער אמעריקאן דזשו־איש קאמיטע, לויט דעם באשלוס פון דער איסטערן קאנפערענץ.

די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע ווענדעט זיך צו זיי „אין די אינטערעסען פון א פאראייניקטער טעטיקייט לטובת דעם אידישען פאלק".

די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע שרייבט, אז זי זעט ניט איין „קיין שום פרינציפיעלע שטערונגען פאר א באלדיקער געמיינזאמער טעטיגקייט פון אלע ארגאניזירטע גרופען פאר אידען־רעכט". זי אפעלירט דעריבער צו די ביידע קערפערשאפטען זיי זאלען „פאר־שטעהען, ווי נויטיק עס איז איצט צו פאראייניקען אלע כחות פון אונדזער פאלק". גע'חתמ'עט : „די נאציאנאלע ארבייטער קאמיטע, דר. מ. גאלדפארב, סעקרעטאר.

אין דעמזעלבען נומער פון „פארווערטס" איז ערשינען אן אר־טיקעל, אין וועלכען דער זעלביקער דר. גאלדפארב זאגט, אז אין די לעצטע יארען איז אין אמעריקע „אויפגעשטאנען א אידישער מי־טעלקלאס".

....„די אידישע ארבייטער ווידער האבען אויפגעהערט צו זיין אימיגראנטען, זיי זיינען געווארען בירגער און זוכען צו ווערען א פא־ליטישע קראפט".

אין זיין קאמפף „פאר פאליטישער ווירקונג" איז דער אידישער ארבייטער ארומגערינגעלט מיט שונאים פון אלע זייטען".

„בלויז נאאיווע מענטשען קענען דענקען, אז די אזוי גערופענע קאנגרעס באוועגונג, וועלכע ווערט געפירט פון א באשטימטען ווינ־קעל, ווערט געשפייזט אויסשליסליך פון ליבע צום אידישען פאלק. ניין, מיר האבען דא פאר זיך א פארלאנג צו ארגאניזירען דעם מי־טעלקלאס. און די אידישע ארבייטער דארפען זיין באוואפענט צו באגעגענען פנים אל פנים אלע געגנער און אלע שוועריקייטען".

עס איז אלזא גאנץ קלאר, אז דר. גאלדפארב פערזענלאך, ניט אלס סעקרעטער, באטראכט „די אזוי גערופענע קאנגרעס באוועגונג" פאר „א פארלאנג צו ארגאניזירען דעם מיטעל־קלאס", געגען וועל־כען די ארבייטער דארפען זיין „באוואפענט".

איך פרעג אייך ווי אזוי קען מען אונטער אזעלכע אומשטענדען רעדען וועגען „פאראייניקען אלע כחות פון דעם אידישען פאלק" ?

אין לענדער מיט א פארלאמענטארישער רעגירונג, ווען דער פארלאמענט נעמט אן א פאליטיק, מיט וועלכער א מיניסטער איז ניט איינפערשטאנען, רעזיגנירט ער. אבער ווי דער רוסישער מי־ניסטער קאקאווצעוו האט אמאל געזאגט: „גאט צו דאנקען, ביי אונדז איז נאך ניטא קיין פארלאמענט" — מעג זיך דעריבער די ארבייטער קאנפערענץ באשליסען, אז די ארבייטער דארפען זיך בא־טייליקען אין דער קאנגרעס באוועגונג, און איר פארטרעטער מעג זיך בלייבען ביי זיין מיינונג, אז די קאנגרעס באוועגונג האט דעם צוועק צו ארגאניזירען די פאליטישע קרעפטען פון די שונאים פון די ארבייטער. די קאנפערענץ האט זיך שוין אויפגעלעזט. דער סעקרעטער איז אבער געבליבען. קען מען פון עם ערוואַרטען, אז ער זאל העלפען „פאראייניקען אלע כחות פון אונדזער פאלק?" הלואי האב איך א טעות, אבער מיר דאכט זיך, אז די נאציאנאלע ארביי־טער קאמיטע וועט ווייטער פירען איר אלטע טאקטיק, וואס האט זיך בולט אויסגעדריקט אין דעם אפהאלטען איר קאנפערענץ דוקא אין דעמזעלבען טאג, ווען די פילאדעלפיער פארקאנפערענץ.

איך וועל גערען צוגעבען, אז „באזונדער מארשירען, פאראיינט שלאגען", ווי דער טייטש זאגט, איז א פארנינפטיקע טאקטיק, ווען מען קען ניט געהן צוזאמען. אמת, ווי די נאציאנאלע ארבייטער־קא־מיטע זאגט אליין אין איר בריף, עס וואלט גוט געווען אין דעם איצ־טיקען מאמענט, אז אלע אידען זאלען אויך פאראייניקט מארשירען אבער דאס איז א זאך פאר וועלכער עס איז נויטיק יארען פאליטי־שע ערציהונג, און די צייט ווארט ניט. דעריבער איז אפשר די בעסטע זאך, אז יעדע ריכטונג וואס וויל זיין טעטיק, זאל ארבייטען אויף איר אייגענעם וועג, און די וואס גלויבען אין די היסטארישע אידישע טאקטיק פון ליגען אונטער'ן פעטשערע, זאלען זיך ליגען שטיל און ניט שטערען יענע וואס ווילען עפעס טאן.

ווייטער מוז מען זיך רעכענען מיט דעם פאקט, אז עס זיינען פאראן פארשידענע מיינונגען וועגען דעם, וואס מען דארף טאן, — ווען אלע וואלטען געווען איינִיק, וואלטען זיי דאך אלע נעגאנגען פאראייניקט. יעדער איינער איז בארעכטיקט צו קריטיקירען די טאק־טיק פון דער אנדער ריכטונג אזוי שארף ווי ער מיינט עס איז נויי־טיק. אבער עפענען א קרעמעל פונקט אנטקעגען אום אפצוציי־העז די קונדען פון דעם קאנקורענט — דאס איז ניט נאר מיאוס, עס איז ערגער — עס איז ניט קלוג.

קיינער קען ביי דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע ניט אוועקנעמען דאָס רעכט צו רופען אַן אייגענע קאָנפערענץ, ווען זיי ווילען און וואו זיי ווילען. מיינעטוועגען האָבען זיי געמעגט רופען זייער צו־להכעיס־קאָנפערענץ אפילו אין פילאַדעלפיע, און דוקא אויף בראָד סטריט, — עס זיינען דאָרטען פאַראַן עטלאכע שעהנע האָטע־לען. אבער איך וויל וויסען, וואָס האָט מען דערמיט אויסגעפירט — ניט פאַר דעם אידישען פאָלק — נאָר אפילו פאַר דעם אייגענעם קלייזעל?

מען האָט דאָך געוואָלט, אַז די ענגלישע פרעסע זאָל רעדען ווע־גען דער פאַרזאַמלונג. איז דאָך גאַנץ קלאָר פאַר יעדען שטענדיקען צייטונגס־לעזער — ווער רעט שוין פון פּראָפעסיאָנעלע צייטונגס־שרייבער? — אַז ווען עס ווערען אָפּגעהאַלטען צוויי קאָנפערענצען אין איין טאָג, וועט מען אין די צייטונגען יעדערער געבען ווענִיקער פּלאַץ איידער ווען זיי וואָלטען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פאַרשי־דענע טעג. און וואָס איז שייך די אינטערעסען פון דער באַוועגונג פאַר אידישע רעכט, איז דאָך אודאי בעסער, אַז זי זאָל קריגען וואָס מער „פּובליסיטי" אין דער ענגלישער פּרעסע, — צוויי מאָל איז בע־סער ווי איין מאָל, פאַרקערט דער פאַקט וואָס עס ווערען אָבגעהאַל־טען אין דעמזעלבען טאָג צוויי קאָנפערענצען, מוז דאָך אונטער־שטרייכען די אונאייניקייט צווישען די אידען.

איך קען זיך פאָרשטעלען אַזעלכע אומשטענדען, ווען אַ פּאַר־טיי וויל טאַקע די וועלט זאָל וויסען, אַז זי שטימט ניט איין מיט דער פּאָליטיק פון אירע געגנער. אָבער אפילו פאַר דעם צוועק איז די קרעמערשע מעטאָדע גאָר ניט נויטיק געווען. די ארבייטער קאָמיטע וואָלט געקענט אָפּהאַלטען איר ניו־יאָרקער קאָנפערענץ מיט אַ וואָך שפּעטער, — והא ראיה, אַז איר קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ איז דאָך פאַרופען געוואָרען אויף צוויי וואָכען שפּעטער. איך קען פאַרשטעהן, ווען מען אַראַנזשירט אַ באָל אין אַ קליין שטעטעל גראָד דעמזעל־בען אָוונט, אויף וועלכען דער אַנדער קלייזעל האָט געבראַכט אַ טריפה'נעם רעדנער פון ניו־יאָרק, — דערמיט וויל מען אָפּציהען דעם עולם פון דעם געגנער און מאַכען די אונטערנעמונג פאַר אַ דורכפאַל. אָבער דער פאַרקאָנפערענץ האָט מען אויף דעם אופן ניט געקענט שאַטען, ווייל די וואָס זיינען איינשטימיק מיט דער ארבייטער קאָמיטע וואָלטען דאָך סיי ווי סיי ניט געשיקט קיין דע־

לעגאטען צו דער פּאַרקאָנפערענץ. ווידער, אויב מען האָט מורא געהאַט, אז עס וועלען זיך געפינען אזעלכע אָרגאַניזאציעס, וואָס וועלען האָבען חושק צו שיקען דעלעגאטען צוביידע צוזאמענפאָרען, טו האָבען זיי דאָך דאָס געקענט טאָן סיי ווי סיי: שיקט מען איין דעלעגאט קיין ניו־יאָרק און א צווייטען קיין פילאדעלפיע.

די פּאַר־קאָנפערענץ איז אָבער געווען אזוי טריפה ביי די פירערס פון דער נאציאָנאלער־ארבייטער קאָמיטע, אז זיי האָבען זיך פּשוט געוויזען פאר אונדאנקבאר געגען זייערע אייגענע פריינט. צווישען די דעלעגאטען אין פילאדעלפיע איז געווען מר. סלאָבאָדין, אן אַקטיווער מעמבער פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי. ער האָט געמאכט אַ פּאָרשלאָג, אז די פּאַרקאָנפערענץ זאָל שיקען א באגריסונגס טעלעגראמע צו דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ. דער פּאָרשלאָג איז „געטייבעלט" געוואָרען, אָבער זיין גוט הארץ איז דאָך געוועזען. דערפאר האָט עם „די נייע וועלט" באדאנקט מיט אַ גיפטיקער פּערזענליכער אטאקע, ניט דערמאָנענדיק אגב קיין וואָרט וועגען זיין פּאָרשלאָג.

דער אמת איז, אז די פירערס פון דער נאַציאָנאלער ארבייטער קאָמיטע האָבען די גאנצע צייט געפירט א דיפּלאָמאטישען שפּיל בנוגע צו דעם קאָנגרעס. גאָר קורץ פאר דער קאָנפערענץ פון דעם 26טען מארט האָט נאָך מר. אָלגין געסטראשעט זיין עולם, אז מען וויל זיי פארפירען אין ציון אריין, הגם ער האָט אליין לעצטען סעפּטעמבער איינגעשטימט אויף „אינטערנאַציאָנאל גאראנטירטע רעכטליכע אינסטיטוציאָנען" וואָס זאָלען געבען די אידען די מעגלאכקייט צו באזעצען זיך אין פּאלעסטינע. איך וויים ניט, וואָס ער און זיינע גענאָסען האָבען געהאט אין זינען מיט דעם אויסדרוק, אָבער ווען מען לאָזט ארויס אַ פּאָליטישען דאָקומענט, מוז מען ערווארטען, אז דער עולם וועט פארשטעהן זיינע ווערטער אין דעם געוועהנלאכען אָנגענומענעם זין. אויב עס האנדעלט זיך פּראָסט אום די „פרייהייט אריינצופאָרען און באזעצען זיך, קויפען ערד און זי באארבייטען, הכלל, פרייהייט פון אימיגראציע און קאָלאָניזאציע", ווי מר. מוק טייטשט עס איצטער אוים, דאָס הייסט אום גלייכע רעכט פאר אידען, אלס יחידים, מיט אלע אויסלענדער, אָדער זאָגאר מיט אלע אָטאָמאַנישע בירגער, דארף מען דערצו קיין „אינסטיטוציאָנען" ניט. — פּשוט מען שאפט אָפּ אלע באגרענצונגען און אן עק. קוקט אריין

אין א יוריסטישען ווערטערבוך, וועט איר געפינען, אז אן „אינסטיטוציאן" איז אן ארגאניזאציע מיט א געוויסער מאכט, וואס קען פארנעמען געוויסע ארגאניזירטע האנדלונגען. אלזא, ווען די נאציאנאלע ארבייטער קאנווענשאן האט זיך אויסגעשפראכען פאר „רעכטליכע אינסטיטוציאנען" פאר אידען אין פאלעסטינע, איז יעדער מענטש בארעכטיקט דאס אויסצוטייטשען אין דעם זין, אז זי האט פארלאנגט פאר אידען דאס רעכט צו שאפען ערגעץ א מין אידישע פאלקס־ארגאניזאציע, וואס זאל אנערקענט ווערען פון דעם לאנדגעזעץ. בפרט נאך, ווען די זעלבע רעזאלוציע פאדערט פאר די אידען ניט נאר בירגערלאכע און פאליטישע רעכט, אבער אויך „נאציאנאלע" רעכט אין אלע לענדער וואו זיי וואוינען, הייסט דאס אויך אין פאלעסטינע. דער פאקט, וואס די ארגאניזירטע ציוניסטען זיינען מיט דער רעזאלוציע געווען צופרידען, ווייזט, אז די ארבייטער קאנווענשאן האט ניט אנגענומען קיין שטעלונג געגען ציוניזם. אויב אירע פירער האבען קורץ פאר דער ניו־יארקער קאנפערענץ אויפגעהויבען א געשריי געגען דעם ציוניזם, הייסט דאס, אז זיי האבען חרטה געהאט אויף דעם באשלוס פון דער ארבייטער קאנווענשאן.

איך האב דאגעגען אויך גארנישט. אפילו א פאליטישע פארטיי מעג בייטען איר פראגראם. ווען א פאליטישע פארטיי מאכט „פיוזשאן" מיט אנדערע ארגאניזאציעס, ווי עס האט פאסירט ביי דער ארבייטער־קאנווענשאן, קען זי זיך אודאי צוריקציהען פון דער חבר־שאפט, אויב זי זעט איין, אז זי האט געמאכט א פאלשען שריט. אבער דעמאלט דארף מען קלאר און אפען זאגען, אז זי וויל ווייטער ניט געהן צוזאמען. דאס טוען אבער ניט די ווארטפירער פון דער ארבייטער קאמיטע.

מר. אלגין זאגט, אז זיי זיינען פאר א קאנגרעס, נאר עס זאל זיין טאקע א קאנגרעס.

אבער, מאכט ער, „אזא קאנגרעס דארף אפווארטען ביז דער רעכטער צייט, ווען זיין שטימע וועט האבען דעם געהעריגען רעזאנאנס, ווען דער גינסטיקער פאליטישער און פסיכאלאגישער מאמענט וועט קומען. צו אזא קאנגרעס וואלט מען זיך איצט געדארפט גרייטען. צו אזא קאנגרעס וואלט מען שוין איצט געדארפט קלייבען דעלעגאטען. עס וואלט דערצו געמוזט אויסגעארבייט ווערען א פלאן פון וואלען. עס וואלט — א ו י ף   א ן   א ל ג ע מ י י נ ע ר   ק א נ־

פ ע ר ע נ ץ — געדארפט אויסגעקליבען ווערען אן עקזעקוטיווע, וועלכע זאָל איצט קענען האנדלען אינ'ם נאָמען פון אלע אידישע אָרגאניזירטע קרעפטען אין אמעריקע. עס וואָלט אלעם געדארפט זיין פארטיק צו אַ קאָנגרעס. עס וואָלט געדארפט מעגליך זיין אין 24 שטונדען צוזאָמענצורופען דעם קאָנגרעס, ווען דאָס וואָלט געווען נויטיק“.

גילדערנע ווערטער! אָט דאָס איז דאָך געווען דער צוועק פון דער „אַלגעמיינער קאָנפערענץ“ אין פילאדעלפיע. פאַרוואָס־זשע איז מר. אַלגין געווען געגען איר?

„די צייט, ו ו ע ן דאָס (ער מיינט, דער קאָנגרעס) וועט זיין נויטיקער, קען באשטימט ווערען ניט דורך אַ קאָמיטע, נאָר דורך דעם גאנג פון די געשעהענישען אין אייראָפּע“.

דאָ קען איך שוין ניט קלאָר ווערען: מען וועט אָפּהאלטען א קאָנפערענץ, מען וועט אויסקלייבען דעלעגאטען, אָבער מען וועט ניט באשטימען, ווען זיי זאָלען אָפּהאלטען דעם קאָנגרעס, מען וועט דאָס איבערלאָזען צו באשטימען „דעם גאנג פון די געשעהענישען אין אייראָפּע“. ווער־זשע וועט אכטונג געבען אויף „דעם גאנג פון די געשעהענישען“? ווער וועט די דעלעגאטען מודיע זיין, אז „דער גאנג פון די געשעהענישען אין אייראָפּע“ איז שוין דערגאנגען צו דעם פונקט, ווען זיי דאַרפען אָפּהאלטען דעם קאָנגרעס? עס איז דאָך ניט מער ווי אַזוי זיך גערעדט. עס איז גאנץ קלאָר, אז די צייט קען גאָר אנדערש ניט באשטימט ווערען, ווי דורך א „קאָמיטע“. און די פאָרקאָנפערענץ אין פילאדעלפיע האָט אויסגעקליבען א קאָמיטע, וואָס זאָל באשטימען די ריכטיקע צייט. אויב מען האָט אויפריכטיק געוואָלט אן אַלגעמיינעם אידישען קאָנגרעס, האָבען די פארטרעטער פון דער אַרבייטער קאָמיטע, אָדער פון די אָרגאַניזאַציעס, פון וועלכע זי איז צוזאמענגעשטעלט, געזאָלט שיקען מר. אַלגין'ען און מר. מוק'ען און דר. גאָלדפארב'ן, און גענאָסע סאלוצקי'ן, צו דער פילאדעלפיער פאָרקאָנפערענץ, זיי זאָלען קענען אריינקומען אין דער קאָמיטע. אזוי וואָלט מען געדארפט טאָן, ווען, ווי מר. אַלגין זאָגט גאנץ ריכטיק — „ווען אינוועניק אינ'ם אידישען פאָלק וואָלטען ניט געארבייט די צענטריפוגאלע קרעפטען, וועלכע זיינען גרייט צו צערשטערען יעדע געזעלשאַפטלאכע אונטערנעמונג, אויב זי געהט נאָר ניט אונטער זייער קאָמאנדע“.

## XI.

„די נאַציאָנאַלע ארבייטער קאָמיטע איז „אי פאַר א קאָנגרעס אי געגען“, — אזוי זאָגט דר. גאָלדפאַרב — „עס ווענדעט זיך, וואָס פאַר אן אינהאַלט מען לעגט אין דעם וואָרט אריין“.

„גאָר פון אָנפאַנג האָט מען אונדז פאַרגעשטעלט דעם קאָנגרעס, אלס דער מלאך הגואל פון דעם אידישען פאָלק“ — זאָגט ער ווייטער, — „אלס דעם נייעם משיח, אלס אן אונטערנעמונג, וועלכע וועט אונדז געבען א מעגלאכקייט צו רעדען מיט אלע מלוכות, ווי גלייכע מיט גלייכע. אָט געגען יענעם קאָנגרעס זיינען מיר אלע געווען שטיין און ביין“.

איך פארשטעה ניט, צוליב וואָס מען דאַרף זיך דאָ אזוי היצען. אויב פאָן בעטמאַן־האָלוועג וועט מיט מר. בראַנדייס'ן ניט וועלען רעדען ווי מיט זיינעם א גלייכען, טו וואָס דאַרף זיך דר. גאָלדפאַרב צוליב דעם אָפּעסען די הארץ? די פילאַדעלפיער פאָרקאָנפערענץ האָט אָפיציעל ניט אָנגענומען קיין באשלוס איינצולאַדען משיח'ן אלס עהרען־גאַסט צום קאָנגרעס. וואָס א רעדנער כאַפּט התפעלות און לעגט אריין אין דעם וואָרט „קאָנגרעס“ אן אינהאַלט, מיט וועלכען די נאַציאָנאַלע ארבייטער קאָמיטע איז ניט איינפאַרשטאַנען, איז א קנאַפּער תירוץ צו זיין געגען א קאָנגרעס. איבערטריבענע רייד זיינען א טייל פון דער אמעריקאַנער אָראַטאָרישער קונסט, און ווער זינדיקט נאָך מער אין דעם פּרט, ווי די אמעריקאַנער סאָציאַליסטען?

מען שרעקט זיך אליין, צי מען וויל דעם עולם אָנשרעקען מיט דעם וואָרט „סנהדרין“. איך ווייס ניט, וואָס מען מיינט דערמיט, אָבער אויב חלילה דער קאָנגרעס־סנהדרין זאָל באשליסען, אז די נאַציאָנאַלע ארבייטער קאָמיטע מוז פירען אירע געשעפטען אין דער העברעאישער שפּראַך, וועט זי דעמאָלט האָבען צייט צו אַפּעלירען צו דער נעשאָנאַל קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און איך בין זיכער, אז די גזירה וועט בטל ווערען.

איך וויל גאָר ניט אידעאַליזירען די עקזעקוטיוו קאָמיטע, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אין פילעדעלפיע. אָבער אויב מען וויל ארייינלעגען אין די קאָנגרעס־באַוועגונג א ריכטיקען אינהאַלט, דאַרף מען זיך אין איר באַטייליקען.

די שטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע צום אידישען קאָנגרעס פארקערט, איז זעהר ענלאָך צו דעם באיקאָט פון די וואַלען פאר די ערסטע דומא מצד די סאָציאַליסטישע פּארטייען מיט צען יאָר צוריק.

„מיר וואָלטען דאָך באדארפט זיין משוגע אליין צו שאפען אזאַ סנהדרין, וואו מר. ליוויי און באָרוכאָוו זאָלען אונדז פּסק'ענען שאלות", — זאָגט דר. גאָלדפארב. לאָמיר דאָס פארשטעהן.

אויב דזשאָדזש ליוויי און מר. בארוכאָוו ועלען ערוועהלט ווערען פאר דעלעגאטען צום קאָנגרעס און די מאַיאָריטעט פון די דעלעגאטען וועלען האלטען מיט זיי און ניט מיט דר. גאָלדפארב'ן און זיינע גענאָסען, איז זעלבסטפערשטענדלאָך, אז דזשאָדזש ליוויי און מר. בארוכאָוו וועלען זיי „פּסק'ענען שאלות". עס וועט זיך מיט דעם קאָנגרעס איבער'חזר'ן דיזעלבע מעשה, ווי מיט אלע פּארלאמענטען, וואָס ווערען אויסגעקליבען דורך דעם אלגעמיינעם שטימרעכט: די סאציאליסטען האָבען נאָך ערגעץ קיין מאיאריטעט ניט. עס איז געווען א צייט אין דער געשיכטע פון די סאָציאליסטישע פּארטייען פון אלע לענדער, ווען זיי האָבען באיקאָטירט די וואלען צוליב דעם, זיי האָבען זיך געזאָגט, אז עס איז אן עבירה די צייט, וואָס זיי וועלען דאָרטען פארלירען, ווייל זיי וועלען דאָרטען גאָרנישט ניט קענען אויפטאָן. שפּעטער אָבער האָבען זיי זיך באטראכט, אַז עס איז בעסער פּאָרט צו געהן אין די פּארלאמענטען. און אָט זיצט איצטער מאיר לאָנדאָן אין קאָנגרעס און קאָנגרעסמאַן פיצדזשעראַלד פון טעמעני האָל פּסק'ענט פאר עם שאלות.

איך פארשטעה פון דר. גאָלדפארב'ס משל מיט דעם וואשינגטאָנער קאָנגרעס, אז אהין שיקט מען סאָציאליסטישע פּארטרעטער דערפאר, וואָס ער האָט די מאכט צו צווינגען יעדען איינעם „אונטערוואַרפען זיך" צו עם, און דער אידישער קאָנגרעס וועט קיינעם ניט קענען צווינגען צו פאָלגען זיינע באשליסע. דעריבער מיינט דר. גאָלדפארב, אז עס איז גלייכער פאר דער נאַציאָנאַלער ארבייטער קאָמיטע עם צו באיקאָטירען, וועט זי ניט זיין געבונדען דורך זיינע באשליסע. דאָס הייסט, אז די ארבייטער־קאָמיטע וואָלט זיין פאר א קאָנגרעס, אויב זי וואָלט זיין זיכער, אז זי וועט עם קענען פירען; היות אָבער ווי קיין מענטש קען דערמיט אין פאָראויס ניט זיין זיכער, באציהען זיי זיך צו דעם קאָנגרעס אין פאָראויס „מיט דער טיפסטער פאראכטונג".

ווער עס וויל ווירקליך אן „איינהייטליכע ארויסטרעטונג פון די אידען אין אמעריקא פאר אידען־רעכט“ אין דער פארמע פון א אידישען קאנגרעס אויף דעמאקראטישע יסודות, דער איז צופרידען צו פארלאזען זיך אויף דעם וואס די דעלעגאטען וועלען באשליסען. דאס מיינט א קאנגרעס מיט א פרייער פלאטפארמע, אויב מיר שטעהען אויף דעם דעמאקראטישען פרינציפ, האבען מיר קיין רעכט ניט צו זאגען דעם קאנגרעס קיין דעה, וועלכע פראגען ער זאל אויפנעמען און וועלכע ער טאר ניט בארירען. איך וועל זאגען, ווי דר. גאלדפארב זאגט: „זאל יעדער איד פרעדיקען און פארטיידיקען זיינע געדאנקען, זאל יעדער איד באלאנגען צו דער פארטיי, וועלכע ער גלייכט“. אבער צו וועלכע פארטייען זיי מעגען זיך אלע באלאנגען, „זאל יעדער איד פארטיידיקען זיינע געדאנקען“ אויפ׳ן אלגעמיינעם אידישען קאנגרעס. ווער עס וויל דאס ניט, איז נעגען א אידישען קאנגרעס אויף דעמאקראטישע יסודות.

דר. גאלדפארב חזר׳ט איבער עטלאכע מאל אויף פארשידענע אופנים, אז ער איז „פאר א פאראייניקטע אקציאן פון דעם אידישען פאלק אין אמעריקא פאר אידען־רעכט“. אדער „אויף דער פלאטפארמע פון פולער גלייכבארעכטיקונג“, מיינענדיק דערמיט, אז דער אידישער קאנגרעס מעג טאן אזוי פיל, אבער „ניט מער“. שטעלט זיך די שקיא: ווער האט עס דער נאציאנאלער ארבייטער קאמיטע געגעבען דאס רעכט צו באשרענקען די פלאטפארמע פון דעם קאנגרעס? די ארבייטער קאנווענשאן לעצטען סעפטעמבער איז באשטאנען פון דעלעגאטען פון פארשידענע ארבייטער־ארגאניזאציעס, עס זיינען דארטען געווען דעלעגאטען וואס האבען כלומר׳שט פארטראטען אידישע יוניאנס מיט טויזענטער מעמבערס. אבער האבען די מעמבערס פון די יוניאנס ווען עס איז און וואו עס איז דורכגערעדט זיך וועגען דער פראגע און באשלאסען צו שיקען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן? עס איז דאך א פאקט, אז די דעלעגאטען זיינען געשיקט געווארען פון די פארוואלטונגען פון די יוניאנס, דאס הייסט פון גאר א קליינער צאל מענטשען. זאגען, אז דאס זיינען די ערוועהלטע פארשטעהער פון די יוניאנס און דעריבער האבען זייערע שלוחים פארטראטען די מעמבערס אין דער אידישער פראגע אויך, איז דאך, פארשטעהט זיך, ניט קיין תירוץ: דער סעקרעטער פון א יוניאן איז ערוועהלט געווארען צו פארטרעטען די עקאנאמישע אינטערעסען פון די מעמבערס פון זיין יוניאן, אבער ניט זארגען פאר די

אידען פון פוילען אדער פון ארץ־ישראל. דעריבער האבען די דעלע־
גאטען ביי דער ארבייטער־קאנווענשאן פארטראטען העכסטענס א
פאר טויזענט בעאמטע פון ארבייטער־ארגאניזאציעס.

ווען א פאר טויזענט מענטשען נעמען זיך דאס רעכט אנצווא־
ווייזען א גאנצען מיליאן דערוואקסענע אידען און אידענעס ווענען
וואס זייערע פארטרעטער ביי דעם אידישען קאנגרעס וועלען מעגען
רעדען און ווענען וואס זיי וועלען מוזען שווייגען, דארף פאר יעדען
קלאר זיין, פארוואס מען רעט אזוי פיל איבער דעמאקראטיע.



# באנאפארטיזם אויף דער אידישער גאס.*)

אקוראט מיט הונדערט יאהר צוריק האט נאפאלעאן דער ערס־טער זיך אומגעקעהרט פון דעם אינזעל עלבא מיט א הויפען סאל־דאטען און האט גאר אהן א שלאכט איינגענומען גאנץ פראנקרייך. דאס איז א מערקווירדיקע געשיכטע: דער „געזעצליכער" קעניג לו־איס דער 18טער האט געהאט א גרויסע ארמעע, אבער וואו נאפא־לעאן האט זיך באוויזען, זיינען די סאלדאטען איבערגעגאנגען אויף זיין זייט. וועגען די פאלקס־מאסען איז שוין אבגערעדט — זיי האבען איהם אויפגענומען מיט באגייסטערונג אלס דעם פארטרע־טער פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע, הגם ער אליין האט אין דער צייט פון די פופצען יאהר פון זיין הערשאפט געמאכט צו נישט די פאליטישע אויפטואונג פון דער רעוואלוציע. ער איז גע־ווען אן ענטשידענער געגנער פון דעמאקראטי און פאליטישער פרייהייט, ער האט איינגעפירט א שטרענגע צענזור פאר די פרעסע, ער האט געזוכט צו שאפען א נייע אריסטאקראטי.

פאר א היינטיקען מענטש, וואס האט זיך איינגעלעבט אין די אידעען פון דעמאקראטיע, קומט אויס שווער צו פארשטעהן, מיט וואס ער האט געוואונען די באגייסטערונג פון דער פאלקסמאסע, ווי אזוי האט זי געקענט אויפנעמען איהם, דעם אונטערדריקער פון דער רעוואלוציע, אלס א רעוואלוציאנערען פירער. ספעציעל מיר, רו־סישע אידען, וואס האבען זיך אויפגעהאדעוועט, מען קען זאגען, אונטער דעם איינפלוס פון רעוואלוציאנערע טעאריעס, קענען שוין גאר נים באגרייפען אזא באגייסטערונג פון א רעוואלוציאנער־גע־שטימטען פאלק פאר אן אימפעראטאר, פאר א קיסר. ווען עס וואל־טען כאטש געווען נאר די פראנצויזישע פויערים. דער פאקט אבער איז, אז נאפאלעאן, דער דיקטאטאר, איז אויפגענומען געווארען אלס פירער אפילו פון די רעפובליקאנער, די אונקאמפראמיסלאכע געג־נער פון דער „לעגיטימער" (דער געזעצלאכער) מאנארכיע.

---

*) ערשינען אין „טאג", 1915.

מיט וואָס האָט ער זיי גענומען?

אויב איהר ווילט אַן ענטפער אויף דיזע פראַגע, טו לעזט די אַרטיקלען פון די כל מיני ציוניסטען ווענען דער ציוניסטישער קאָנ־ווענשאַן אין באָסטאָן און איהר העלד, מר. לואיס ד. בראַנדייס.

איינער, אַ געוועזענער רוסישער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, וואָס איז דורך אַ פערזעהעניש פון די רוסישע זשאַנדאַרען פאַר־שיקט געוואָרען קיין סיביר, ווען עס האָט איהם געקומט די תליה, אַ פייערדיקער קעמפּפער פאַר דעמאָקראַטיע, שרייבט, אַז וואו בראַנדייס האָט זיך באוויזען, האָט ער געלויכטען ווי די זון, און ווען בראַנדייס איז אוועק, איז געווען אזוי ווי אַ וואָלקען וואָלט פאַרצוי־גען דעם הימעל. מען האָט איהם פּראָקלאַמירט פאַר אַ צווייטען הערצל. וואָס האָט ער אויפגעטאָן אזוינס? דערזעלבער ענטוזיאַס־טישער באוואונדערער זיינער גיט צו, אַז ער האָט ניט געזאָגט קיין נייעם וואָרט. ווער עס האָט איהם געהערט רעדען, ווייס, אַז ער פּלאָנטערט זיך אין לאַנגע פּעריאָדען, אום אויסצודריקען דעם איינ־פאַכסטען וואָכעדיקען געדאַנק. מען קען באַגייסטערט ווערען פאַר אַ מאָן וואָס רעדט ניט, נאָר טוט. וואָס אזוינס האָט בראַנדייס אין זיין גאַנצען לעבען אויפגעטאָן פאַר די ציוניסטישע באוועגונג? ער איז אַרומגעפאָרען איבער'ן לאַנד און האָט געהאַלטען רעדעס, וואָס אַנדערע האָבען פאַר איהם געטאָן פּונקט אזוי גוט, אויב ניט בע־סער. וואָס־זשע איז דער עולם פאַרט אזוי נתפעל געוואָרען?

ס'קען זיין, אַז דאָס איז אַ ניי־מאָדישע פאָרמע פון דעם אַלטען חסיד'ישען אַרומטאַנצען אַרום דעם רבי'ן. אין אונזערע מתנגד'י־שע קאַנטען, ווען דער פּאָליציי־מייסטער פלעגט אין די אַמאָליקע צייטען קומען צו גאַסט צו אַ אידישען גביר, האָט דאָס די גאַנצע שטאָט געהאַלטען פאַר אַ גרויסען כבוד. אַ שפּאַס, אַ פּריץ!

עס איז אָבער בשום אופן ניט קיין ריין אידישער כאַראַקטער־צוג. איהר טרעפט דאָס אַז אין יעדער באוועגונג פון אַ קליינער מינאָריטעט. נעמט די היגע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. וואָס פאַר אַ טאַראַראַם מען האָט דאָס געמאַכט, בשעת טשאַרלז עדוואַרד ראָסעל איז געוואָרען אַ מיטגליד. ער האָט אָנגעשריבען אַ ביכל: „פאַרוואָס איך בין אַ סאָציאַליסט“, און די פּאַרטיי פאַרשפּרייט דעם ביכעל. עס זיינען פאַראַן היינט־צו־טאָג מיליאָנען סאָציאַליסטען אין דער וועלט, און צווישען זיי וועט איהר געפינען, ניט איבערטרי־

בען. טויזענטער אזעלכע דענקער ווי ראסעל, — וועט מען דרוקען א באזונדערען ביכעל וועגען יעדערען, פארוואס ער איז געווארען א סאציאליסט? דער עיקר איז ניט וואס ער האט צו זאגען, אבער די רעקלאמע (דער אדווערטייזמענט), וואס דער נאמען פון א ראסעל, אדער א בראנדייס מאכט פאר די באוועגונג, צו וועלכער ער שטעהט צו. עס איז ניט די רעפוטאציע, וואס ער האט געמאכט אין דער אייגענער באוועגונג, נאר פארקערט, די רעפוטאציע וואס ער האט געמאכט ביי די פרעמדע. פ־ס־ס־ס! אזא מאן ווי בראנדייס, א גרויסער קארפאריישאן לאיער, א געניטער געשעפטסמאן, וואס וויל לערנען די אמעריקאנער אייזענבאן־קאמפאניעס ווי אזוי צו שפארען א מיליאן דאלאר א טאג, דער מאן וואס האט אפגעלעבט פופציק יאהר ניט וויסענדיק פון דעם אידישען פאלק, ווערט מיט אמאל ניט פראסט א הייסער איד, א נאציאנאליסט, נאר אפילו א באגייסטערטער ציוניסט! וועט איהר נאך רק צווייפלען, אז ציוניזם איז א גאנץ פראקטישער עסק?

גראד אין דער צייט האט זיך אנגעהויבען די באוועגונג פאר א אידישען קאנגרעס, און אונדזערע „לעגיטימיסטען“*) האבע זיך געשטעלט דאגעגען. זיי האבען געלט, נעמען, איינפלוס, בעת די וואס פארלאנגען א אידישען קאנגרעס, א דעמאקראטישע פארטרעטונג פון דעם אידישען פאלק, זיינען מענטשען פון דער איסט־סייד, וואס די גוי׳אישע וועלט קען זיי ניט. זיי האבען זיך גענויטיקט אין א נאפאלעאן, וואס זאל זיך קענען מעסטען מיט דעם קעניג פון דער אמעריקאן דזשואיש קאמיטע. מר. בראנדייס האט א גרעסערען נאמען אין דער ברייטער גוי׳אישער וועלט איידער מר. מארשאל, און דערצו האט ער די רעפוטאציע פון א פראגרעסיווען מענטש. וואס דארף מען בעסער?

דערמיט ערקלערט זיך די באגייסטערונג פון אונדזערע דעמאקראטען פאר דעם אידישען נאפאלעאן. מיט זיין הילף האבען זיי געהאפט צו שלאגען די אידישע לעגיטימיסטען.

דאס קען זיין א גאנץ ריכטיקע אויסרעכענונג.

א אידישען קאנגרעס מעג מען איצטער באטראכטען פאר געזיכערט. זיינע אויפגאבען זיינען גאנץ קלאר און איינפאך, עס

*) די פארטרעטער פון דער געזעצלאכער קעניגלאכער דינאסטיע.

איז ווייניק וואס פאראן צו דיסקוטירען. די קאמיטע, וואס וועט צו־
זאמענרופען דעם קאנגרעס קען באצייטענס צוגרייטען אלע בא־
שליסע און רעזאלוציעס, אויסקלייבען אלע קאנדידאטען פאר אלע
עמטער און קאמיטעס, און ווען די דעלעגאטען וועלען זיך צוזאמענ־
פארען, וועלען זיי קריגען זייער פארציע באגריסונגען, וועלען פא־
טשען בראווא, זאגען „יע“, ווען מען וועט זיי הייסען שטימען, דער־
נאך אפזינגען התקוה און „מיי קאנטרי, טיז אוו דהי“, און מען וועט
בשלום פארען א היים. די צייטונגען וועלען באריכטען וועגען דעם
קאנגרעס, די פאליטישענס וועלען זיך צוהערען, און דאס איז דאך
אייגענטלאך דער צוועק פון דעם קאנגרעס.

טו זאל זיין גענוג צו רעדען וועגען א קאנגערס „אויף דע־
מאקראטישע יסודות“. געוועהנלאך, דעם דרך־ארץ וועט מען אפ־
היטען. אין פראנקרייך האט זיך נאפאלעאן געקענט ארויסקומען
מיט דער ערקלערונג: „די רעגירונג פון דער רעפובליק ווערט פאר־
טרויט צו אן אימפעראטאר“. ביי אונז אין אמעריקע מאכט מען עס
ניט אזוי גראב. אנדזערע פאליטישע באסעס רעדען די ריינסטע
דעמאקראטישע שפראך, מען מאכט דורך א געוויסען כלומרשט־
דעמאקראטישען צערעמאניאל, דער עיקר אבער איז דערזעלבער
ווי אונטער דער באנאפארטיסטישער ממשלה אין פראנקרייך. דער
אמעריקאנער כלל־טוער איז איינפאך ניט צוגעוועהנט צו אמת'ער דע־
מאקראטיע, ער פארשטעהט גאר ניט וואס דאס מיינט. דער פאר־
זיצענדער פון א קאנווענשאן איז אן אונבאשרענקטער מאנארך. ער
ניט דאסווארט וועמען ער וויל, און וועמען ער וויל ניט, „אנער־
קענט“ ער ניט. ער שטעלט צוזאמען אלע קאמיטעס אזוי ווי ער
וויל. ער קען ערקלערען יעדען פארשלאג אויסער ארדנונג. ווען
דער פארזיצענדער איז נאך דערצו א מענטש מיט דעם כאראקטער
פון א דיקטאטאר, איז ער א ריכטיקער צאר — „צאר ריד“ איז
געווען דער שפיצנאמען פון טאם ריד, דעם פארזיצענדען פון קאנג־
רעס מיט פינף און צוואנציק יאהר צוריק.

„דער צווייטער הערצל“, וועלכער וועט זיכער זיין דער פאר־
זיצענדער פון דעם אידישען קאנגרעס, איז א מענטש פון דעמזעל־
בען שניט. ווען ער איז געווען דער פארזיצענדער פון דער באארד
אוו ארביטרעישאן אין דער קלאוק אינדוסטריע, האט ער זיך אפילו
צוליב יוצא וועגען ניט אימער מישב געווען מיט די אנדערע צוויי

ארביטראטארס. אזוי, צום ביישפיל, האט ער גענומען אן אונ־ וויסענדען מענטשען, וואס האט קיינמאל קיין סטאטיסטישע אר־ בייט ניט געטאן, און האט איהם געמאכט פאר א „סטאטיסטישען", וואס האט געדארפט מאכען אן אונטערזוכונג איבער די פארדינס־ טען פון צענדליקער טויזענטער ארבייטער. ער האט זיך גענומען די מאכט ארויפצולעגען א צענזור אויף די פרעסע פון דער יוניאן, וואס לויט דעם „פראטאקאל" (דעם אפמאך צווישען דער ארבייטער־ יוניאן און דעם פערבאנד פון די בעלי בתים) האט ער קיין שום רעכט ניט געהאט צו טאן. ער האט באשרענקט די זעלבסטפאר־ וואלטונג פון דער יוניאן און האט איהר מיט זיין אייגענער מאכט געשטעלט אונטער דער השגחה פון א צענטראל־רעגירונג, דאס הייסט פאקטיש פון א בעאמטען, וואס די יוניאן האט אקארסט גע־ האט ארונטערגעזעצט. ער האט געמאכט צונישט אן אפמאך צווי־ שען דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן און דער יוניאן, ווייל דער אפמאך האט באשרענקט זיין אייגענע מאכט איבער דעם פראטא־ קאל.

די ארבייטער באוועגונג איז ניט דער איינציקער געביט, אויף וועלכען ער האט געהאנדעלט אויף אזא סאמאודערזשאוונעם אופן. ווען די אינטערסטעיט קאמערס קאמישאן האט איהם געמאכט פאר איהר יוריסקאנסולט אין דער אייזענבאן־פראגע, האט ער זיך ניט גענעבען די טרחה צו אנאליזירען די מאסע סטאטיסטישע ציפערען, וואס זיינען פארגעלעגט געווארען פון דעם פארטרעטער פון דעם פובליקום, און האט זיך אהן שום פאקטען געשטעלט אויף דער זייט פון די אייזענבאהן־קאמפאניעס.

ער מעג זיך זיין שלמה המלך אליין, אבער קיין דעמאקראט איז דאך אונדזער שלמה המלך ניט געווען.

לאז זיין, אז דעמאקראטי איז ניט מער ווי א מיטעל צום צוועק. אזעלכע לייט ווי היינע און לערמאנטאוו זיינען געווען בא־ גייסטערט פאר נאפאלעאנ'ען. אט קלאגט א אידישער צייטונגס־ שרייבער, אז אונדז פעלט א פירער, וואס זאל קענען פאראייניקען דעם גאנצען אידישען פאלק אין דעם איצטיקען היסטארישען מא־ מענט. אפשר וועט מר. לואיס ד. בראנדייס זיין. דער אידישער נאפאלעאן. דהיינו!

אבער וואס איז די פעולה, וואס מען נארט זיך אליין מיט שעהנע רייד וועגען דעמאקראטיזם, ווען פאקטיש געהט מען אויף דעם וועג פון באנאפארטיזם?



# דער אידישער אומגליק און די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע.

אין מיטען אפּריל האָט א ניו־יאָרקער אידישע צייטונג באַריכטעט, אז מר. לואיס מאַרשאַל, דער פּרעזידענט פון דער אמעריקאָן דזשואיש קאָמיטע, האָט געקראָגען א קעיבעלגראם פון א וויכטיקען אידישען כלל־טוער אין איירּאָפּע, מיט א מעלדונג, אז אין רוסלאנד ווערט צוגעגרייט א קאָלאָסאלע שחיטה אויף אידען, און די רוסישע אידען ווענדען זיך צו די אַמעריקאנער אידען מיט אַ הילפּס־געשריי. מר. מאַרשאַל, איז געשטאַנען אין דעם באריכט, האָט באלד טעלעגראפירט צו סעקרעטערי לענסינג, בעטענדיק דעם סטעיט דעפּארטמענט, ער זאָל זיך אַנעמען פאר די אידען.

ווער עס וויים ווי די אַמעריקאן דזשואיש קאָמיטע, אונטער מר. מארשאַל'ס פּירערשאפט, האָט זיך די גאנצע צייט פון דער מלחמה געהאַלטען בנוגע צו די פּאַרפאָלגונגען פון די אידען אין רוסלאנד, ביי יענעם האָט דער באריכט געמוזט ארויסרופען אַ געפיל פון צאָרן און פאראכטונג.

ס'ארא היילענעם! באלד ווי מר. מאַרשאל האָט געקראגען די קעיבעלגראם פון אַ פארטרויענסווערטען מאַן, האָט ער זיך געשטעלט אין פארבינדונג א. אַז. וו. מען וואָלט געקענט דענקען, אַז ביז דעם מאָנאָט אפּריל אין דעם יאָר 1916 האָט גאָר קיינער ניט געוואוסט אין אמעריקע וועגען די פּאָגראמען, די הריגות, די שענדונגען, די גירושים אויף אידען, וואָס האָבען זיך אַנגעהויבען קורץ נאָך דעם אויסברוך פון דעם קריעג, — — איצטער אָבער, באלד ווי מר. מאַרשאל האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער ניט פארלאָרען קיין מינוט צייט און האָט באלד גענומען די נויטיקע שריט.

פּונקט מיט אַ יאָר צוריק, ביי דער קאָנווענשאָן פון דער ניו־יאָרקער קהלה, האָט מען מר. מאַרשאַל'ן אויפגעפאָדערט, ער זאָל זיך אַנעמען פאר די גערּאָגטע און געמאַטערטע רוסישע אידען. וואָס האָט ער געענטפערט? אז מיר האָבען קיין באווייזע ניט, אז די רוסישע

---

*)ערשינען אין דער „צוקונפט“, מאי, 1916.

רעגירונג האט עפּעס געטאָן אַז עולה צו די אידען, און מיר קענען זיך ניט ווענדען צו אונדזער רעגירונג אָן באווייזע.

אויף מארגען האט מר. אַקס'עס „ניו־יאָרק טיימז" אונטערגע־כאַפּט מר. מארשאַל'ס ווערטער און האט קורץ באַריכטעט: מר. מארשאל, דער פּרעזידענט פון דער אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע, האט געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין באַווייז, אַז די רוסישע רעגירונג האט עפּעס שלעכטס געטאָן געגען די אידען.

די רוסישע רעגירונג זוכט מיט אַלע מיטלען צו ווירקען אויף די אמעריקאַנער פּרעסע, זי זאָל ריינוואשען די רוסישע פּאָגראָם־העלדען פון די אידישע בלוט. און דאָ קומט דער פּרעזידענט פון דער אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע, דער העכסטער פּאַרטרעטער פון די אמעריקאַנער אידען, און גיט אַרויס דער רוסישער פּאָגראָם־רע־גירונג אַ „סערטיפיקייט" אָוו גוד מאָרעל קעראַקטער" (אַ חאַראַ־שע פּאָוויעדיעניע).

געדענקט, דאָס איז שוין געווען נאָך דעם, ווי הונדערטער טוי־זענטער אידען זיינען פּאַרטריבען געוואָרען פון פּוילען, פון גראָד־נער און קאָוונער גובערניע. די פאַקטען זיינען טאָג־טעגלאַך גע־מעלדעט געוואָרען אין די רוסישע צייטונגען, וואָס זיינען דורכגע־גאַנגען די געוועהנטלאַכע און די מיליטערישע צענזור, די רוסישע צייטונגען זיינען רעגעלמעסיק אַנגעקומען אהער. אָבער פאַר דעם פּרעזידענט פון דער אמעריקאן דזשואיש קאָמיטע איז דאָס ניט געווען קיין באַווייז!

ס'האט געהאַט אַזאַ פּנים, ווי מען וואָלט געפאָדערט, אַז דער שטורץ פון דער באַסטיליע זאָל באַוויזען ווערען ניט אַנדערש ווי מיט אַ פּראָטאָקאָל פון דעם קעניגליכען פראַנצויזישען בעאַמטען, צו וועמעס דיסטריקט זי האט געהערט, מיט דעם אַטעסט פון דעם אמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, וואָס איז בשעת מעשה געווען אין פּאַ־ריז.

מיט אכט מאָנאַט שפּעטער האט די אמעריקאַן דזשואיש קאָ־מיטע פאַרעפענטלאַכט אַ ביכעל, וואו זי האט זיך באַנוצט מיט די זעלבע באַווייזע, וואָס די רוסישע אידען אין ניו־יאָרק האָבען שוין געהאט, בשעת מר. מארשאל האט נאָך געלייקענט, אַז עס זיינען פאַראַן ריכטיקע באַווייזע ווענען די רציחות פון דער רוסישער רע־

נירונג געגען די אידען. אבער נײן מאָנאַט זײנען אַװעק און די אַמעריקאַנער פּרעסע איז געװען שטום איבער די שרעקלאַכסטע פּאַרפאַלגונגען, װאָס די אידען זײנען װען עס איז אױסגעשטאַ־נען אין די צװײ טױזענט יאָר פון דעם אידישען גלות.

די רוסישע רעגירונג האָט דערװײלע אױסגענוצט אירע סי־ראַמיאַטניקאָװס, אירע סטיװען־גרעיאַמס, צו שאַפען אַ פּרײנטלא־כע שטימונג פאַר זיך בײ דעם גרױסען אַמעריקאַנער פּובליקום. איצטער האָט זיך מר. מאַרשאַל ערסט אױסגעקליבען צו װענדען זיך צו דעם סטעיט דעפּאַרטמענט! ער האָט, פאַרשטעהט איר מיך, נעקראָגען אַ פּערזענליכען קײבעלגראַם װעגען דער העצע אױף אידען, װאָס מען האָט װעגען דעם שױן געשריבען אין די צײטונגען אַ יאָר נאָכאַנאַנד.

עס געהען שױן אַרום קלאַנגען איבער אַ געפּלאַנטען פּאָגראָם אַ היבשע פּאַר מאָנאַט, מען האָט נאָר קײן קײבעלגראַמס ניט גע־דאַרפט, — מענטשען האָבען געהאַט צײט צו קומען אַהער און דערצעהלען, װאָס זײ האָבען געזעהען מיט זײערע אײגענע אױגען און געהערט מיט זײערע אײגענע אױערען! די צירקולאַרען פון דער רעגירונג, אַז די אידען מאַכען אַן אַ יקרות, די רעדע פון דעם שװאַרץ־מאה׳דיקען דעפּוטאַט זאַמיסלאָװסקי — זײנען אַלץ טײ־לען פון אײן פּלאַן צו מאַכען די אידען פאַר דעם שעיר לעזאזל פאַר די מפּלות פון דער הערשענדער באַנדע. אין דערין באַשטעהט די „אינערליכע פּאָליטיק„ פון דער רוסישער רעגירונג זינט די פּאָגראָ־מען נאָך אַלעקסאַנדער דעם צװײטענס טױט, און יעדער אײנער, װאָס פּרעטענדירט צו זײן אַ אידישער פירער, איז מחויב דאָס צו װיסען.

אױב דער רוסישער פּאַטריאָטיזם פון די אידישע שקלאַפען אין דעם הײנטיקען מצרים און פורישקעװיטש׳עס קושען די ספר־תורה האָבען נאָך געקענט אימעצען געבען אַ האָפנונג פון אַנהױב מלחמה, אַז די לאַגע פון די אידען װעט זיך ענדערען, האָט ניקאָ־לאַי ניקאָלאַיעװיטש זיך צוגעהײלט קלאָר צו מאַכען די לאַגע פאַר יעדערען, װאָס האָט אױגען צו זעהען.

די מלחמה האָט אָבער געשאַפען אַ נײע לאַגע אין דער אױס־װערטיקער פּאָליטיק, װאָס װאָלט געקענט אױסגענוצט װערען צו

העלפען די אידען. און דאָס האָבען אונדזערע אידישע דיפּלאָמאטען פארפעלט צו טאָן.

זינט די פראנצויזישע רעפּובליק האָט זיך פארבונדען מיט די גענגסטערס פון צארסקאָיע סיעלא, האָט דאָס אפיציעלע רוסלאנד געקענט דעקען זיינע הוצאות מיט די אָפּגעשפּאָרטע פראנקען פון די פראנצויזישע פּויערים און דער פראנצויזישער קליינבורזשואַזיע. מיט צען יאָר צוריק, פאר דער עפענונג פון דער ערסטער דומא, ווען עס איז שוין קלאָר געוואָרען פאר דער גאַנצער וועלט אז ניט אכטענדיק אויף די אלע קונצען פון דעם רוסישען וואָל־סיסטעם, ניט אכטענדיק אויף די מאַסען־ארעסטען פון פּאָרטשריטליכע כלל־טוערס, ניט אכטענדיק אויף אלע פאלשקייטען וואָס די רעגירונג האָט געמאכט ביי די וואלען, איז פאָרט אויסגעקליבען געוואָרען אַן אויסגעשפּראָכען־דעמאָקראַטישע דומא, וואָס וועט פאָדערען ראַדי־קאלע רעפאָרמען און וועט ניט באוויליגען קיין געלט אויף די פאָרט־זעצונג פון דער שוואַרץ־מאה׳דיקער פּאָליטיק, — האָט די פראַנ־צויזישע דעמאָקראַטיע געליהען דער דעספּאָטישער רוסישער רע־גירונג גענוג געלט, זי זאָל קענען צוטרייבען די פארטרעטער פון דעם רוסישען פאָלק און אָנגעהן מיט איר אויסגעפּרובירטער פּאָלי־טיק פון פּאָגראָמען.

די מלחמה האָט נאָך ענגער פארבונדען רוסלאנד מיט „די גרויסע פרייהייטסלענדער פון דער וועלט“ — פראנקרייך און ענג־לאנד. די רעגירונג פון די „וואכמייסטערס און פּאָגראָמשטשי־קעס“, ווי פּירסט אורוסאָוו האָט איר כאראקטעריזירט אין דער ערס־טער דומא, איז מיט אמאָל מגולגל געוואָרען אין א „קעמפּפערין פאר די פרייהייט פון די פעלקער“. דאָס האָט געהויבען איהר פּרעס־טיזש אין דער גאַנצער וועלט און האָט געהויבען איהר פינאַנציעלען קרעדיט. מען מוז געדענקען, אז ניט די באַנקירען לייהען אויס געלט צו די רעגירונגען, — די באַנקירען זיינען ניט מער ווי פאר־מיטלער, — געלט גיט „דאָס פּובליקום“, דאָס הייסט די מיליאָנען מיטעלקלאַס־מענטשען, וואָס שפּאָרען אָפּ געלט און ווילען עס אויס־לייען אין זיכערע הענט, עס זאָל זיי טראגען א קליינעם פּראָצענט. זיי זיינען די קויפערס פון רעגירונגס־פּאַפּירען, אָבער זיי קלייבען אויס נאָר זיכערע פּאַפּירען. די שפּאַניש־אַמעריקאנישע רעפּובלי־קען זוכען שטענדיק וואו צו באָרגען געלט, אָבער עס געפינען

זיך ווענדיק בעלנים צו קויפען זייערע פּאַפּירען, — פאַר וואָס? ווייל עס איז פאַראַן א ווערטעל, אז דער יאַר איז דאָרט איינגעטיילט איז דריי סיזאָנס: דער טרוקענער, דער נאַסער און דער רעוואָלוציאָנערער.

א דעספּאָטישע רעגירונג ווערט באטראכט פון דעם קליינעם אינוועסטאָר פאַר אַז אונזיכערען בעל־חוב, ווייל זי איז ניט זיכער מיט איר עקזיסטענץ. פאַרקערט, א פּאַרטשריטלאכע רעגירונג, וואָס שטיצט זיך אויף דעם פּאַטריאָטיזם פון אירע בירגער, מעג מען טרויען די פּאָר דאָלאַר, וואָס מ׳האָט.

דער שם פון א פריייהייטס־קעמפּפעריין, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געקראָגען אין דער היינטיקער מלחמה, האָט איר דערייבער געגעבען א גוטע האָפענונג צו קריגען געלט אין אויסלאַנד. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט דיזעלביקע מלחמה פאַרשלאָסען פאַר איר דעם בייטעל פון דעם פראַנצויזישען פּויער און קליינעם בורזשואַ, ווייל די פראַנצויזישע רעגירונג דאַרף אַליין באָרגען געלט. די איינציקע לאַנד, וואו עס איז פאַראַן געלט אויף אויסצולייען, זיינען די פאַראייניקטע שטאַטען.

די רוסישע רעגירונג זוכט שוין לאַנג דאָ צו מאכען אַן הלואה, — נאָך זינט דער צייט ווען וויטע איז געקומען אין אמעריקע דאָ צו פאַרהאַנדלען וועגען שלום מיט יאַפּאַניע. אָבער די גאַנצע צייט זיינען די אידען איר געשטאַנען אין וועג.

די אַמעריקאַנער פּרעסע איז שטענדיק געווען פריינטלאָך צו דער רוסישער רעגירונג, זי האָט שטענדיק געזוכט צו פאַרשוייגען די ידיעות וועגען פּאָגראָמען אויף אידען, אָבער ביז דער איצטיקער מלחמה איז עס איר ניט געלונגען. אין דער איצטיקער מלחמה אָבער האָבען אונדזערע „יהודים“, טיילס אוים סימפּאַטי מיט די עליים, טיילס אוים דער טראַדיציאָנעלער פאַקטאָר׳שער פּאָליטיק, געפונען פאַר דיפּלאָמאטיש ניט צו זאָגען קיין בייז וואָרט אויף די רוסישע רעגירונג. פאַר די „וואכמיסטערס און פּאָגראָמשטשיקעס„ וואָס הערשען אין רוסלאַנד איז דאָס געווען ווי געוואונטשען.

די רוסישע ליבעראַלען האָבען אין דער צייט פון דער מלחמה פּרובירט צו ווירקען אויף די רעגירונג, זי זאָל ווערען אביסעל לייטיש, און זייער הויפּט־ארגומענט איז געווען, אז מען דאַרף האָבען

בושה פאר אמעריקע. אי די ליבעראלע רוסען, אי די אידישע כלל־טוערם האבען געמיינט, אז די עפענטלאכע מיינונג אין אמעריקא פראטעסטירט טאקע באמת געגען די פארפאלגונגען פון די אידען. האט אבער די רעאקציאנערע קליקע געשיקט אהער דעם געוועזענעם מיטארבייטער פון סטאליפין׳ם לייב־ארגאן „ראסיא" — סיראמיאט־ניקאוו׳ן — („סיגמא" איז זיין ליטעראַרישער נאמען"), ער זאל אירקען אויף די אמעריקאנער פרעסע. ער האט געפונען, אז זיין ארבייט איז א סך לייכטער, ווי ער האט זיך גערעכט. די יהודים׳שע דיפלאמאטיע האט פאר איהם צוגעגרייט דעם באדען. ער קען איצ־טער מעלדען דער רוסישער רעגירונג, אז פאר די אמעריקאנער עפענטלאכע מיינונג איז ניטא וואס צו שרעקען זיך.

צו דערזעלבער צייט האבען די רוסישע באשטעלונגען ביי די גרויסע אמעריקאנער טראסטם געשאפען פאר רוסלאנד די שטיצע פון די מעכטיגסטע עלעמענטען פון דעם אמעריקאנער קאפיטא־ליסטישען קלאס. רוסלאנד האט קיין געלט ניט מיט וואס צו צאלען, זיי גיבען איר דערוויילע קרעדיט, אבער זיי ווילען געלט, ניט רוסישע שטר־חובות. דעריבער קלייבען זיך די אמעריקאנער באנקירען איצ־טער צו מאכען אן הלואה פאר די רוסישע רעגירונג אין אמעריקע.

אויב עס זאל דער רוסישער רעגירונג געלינגען צו מאכען די אמעריקאנער אינוועסטארם פאר אירע שותפים, מיינט דאס אן ענד פון אלע אידישע האפענונגען אין רוסלאנד פאר א גאנצען דור. כל־זמן די רוסישע רעגירונג קען קריגען געלט אין אמעריקע, דארף זי זיך ניט צוהערען צו דער דומא, זי קען טאן וואס זי וויל. אז דער אמעריקאנער קאפיטאל איז גאנץ צופרידען צו אונטערשטיצען א דעספאטיזם אין אויסלאנד, דאס ווייסען מיר פון דער געשיכטע פון מעקסיקא. פונקט ווי פארפיריא דיאס איז געווען א צווייטער שלמה המלך, וואס פרעזידענט טאפט האט זיך מיט אים פאטאגרא־פירט אויף איין בילד, אזוי וועט די אמעריקאנער פרעסע זינגען א לויב־געזאנג צו א רוסישען דיקטאטאר, — עס וועט זיך שוין געפי־נען א מאן פאר דער ראליע. מען וועט באווייזען מיט וויסענ־שאפטליכע ארגומענטען, אז דעמאקראטיע איז גוט נאר פאר א גע־בילדעטען פאלק, ווי דער אמעריקאנער פאלק, — פאר א לאנד וואס זיבעציק פראצענט פון איר באפעלקערונג קענען ניט לעזען, ווי מעקסיקא אדער רוסלאנד איז, דארף מען האבען אן אויפגעקלערטע,

אבער א שטארקע רעגירונג. איי, די אידען? פארשטעהט איר, די אי־דען זיינען צו קלוג, צו אויפגעקלערט, מען זאל זיי לאזען פריי עקס־פלואטירען דעם אונוויסענדען רוסישען פויער.

די פארבינדונג פון דעם אמעריקאנער גרויסקאפיטאל מיט רוסלאנד וועט זיך ניט באשרענקען אויף ריין־פינאנציעלע געשעפ־טען. די אמעריקאנער קאפיטאליסטען האפען צו פארכאפען דעם רוסישען מארק. ביז דער מלחמה האט דייטשלאנד באהערשט דעם רוסישען אימפארט־האנדעל. אמעריקע האט פרובירט ארייננשטו־פען דארטען א פוס, אבער זעהר ווייט איז עס ניט געגאנגען. אפילו דער אמעריקאנער קאטאן, וואס איז נויטיק געווען פאר די רוסישע פאבריקען, איז העלפט אימפארטירט געווארען דורך דייטשלאנד, ווייל אמעריקע האט ניט געהאט קיין מאדערנעם קרעדיט־סיסטעם. דער ווארען־וועקסעל, וואס איז דער פונדאמענט פון אן ענטוויקעלטען ווארען־פארקער, איז דא געווען אונבאקאנט ביז דער רעפארמע פון דעם אמעריקאנער באנק סיסטעם פאר צוויי יארען. איצטער ריכטען זיך די אמעריקאנער קאפיטאליסטען, אז די שנאה צו דייטשלאנד וועט פארטרייבען די דייטשע אימפארטערס פון דעם רוסישען מארק, און עס וועט זיך עפענען א פרייער פעלד פאר די אמעריקאנער. דא שטעהט זיי אבער אין וועג די אידישע דיפלאמאטיע.

פאר דעם האנדעל מיט רוסלאנד איז נויטיק א האנדעלס־טראק־טאט, — אזוי דענקען לכל הפחות די אמעריקאנער געשעפטס־לייט — און דעם האנדעלס־טראקטאט האט די אמעריקאנער רעגירונג אפ־געבראכען צוליב די אמעריקאנער אידען. די אמעריקאנער קאפי־טאליסטען ווילען שליסען א נייעם טראקטאט מיט רוסלאנד, אבער די אמעריקאנער רעגירונג פאדערט, אז אמעריקאנער אידען זאלען ארייננגעלאזען ווערען אין רוסלאנד צוגלייך מיט אלע אנדערע אמע־ריקאנער בירגער, און דאס וויל די רוסישע רעגירונג ניט נאכגעבען. דאס האט געשאפען א שטימונג געגען די אידען צווישען די אמע־ריקאנער קאפיטאליסטען, וואס קען צוניץ קומען דער רוסישער רעגירונג.

איך גלויב, עס איז געקומען די צייט צו ריידען קלארע דבורים וועגען אט דער אויפטואכץ פון אונדזערע יהודים׳שע דיפלאמאטען, מיט וועלכער זיי זיינען ביי זיך זעהר שטאלץ. אין דער צייט ווען זיי האבען אנגעמאכט אזא גערודער וועגען די אידישע פאספארטען,

האט ניט געפאסט צו זאגען א ווארט דאגעגען. לאמיר אננעמען, אז עס וועט דעם וואשינגטאנער סטעיט־דעפארטמענט געלינגען אויסצופירען, אז די רוסישע רעגירונג זאל ניט פרעגען קיין קשיות אויף אמעריקאנער פאספארטען, און א איד זאל מעגען אריינקומען אזוי גוט ווי א גוי. אבער עס איז דאך נאר שייך צו אמעריקאנער בירגער, — א געוועזענער רוסישער אונטערטאן ווערט ניט אנערקענט פון דעם רוסישען געזעץ פאר אן אמעריקאנער בירגער. ווער־זשע וועט מעגען פארען קיין רוסלאנד מיט אן אמעריקאנער פאס? היגע געבארענע אידען, אדער גאליציאנער, רומענישע און טערקישע אידען, אדער דייטשע יהודים, — אויך די ווייבער פון רוסישע אידען. וואס פאר א ווערט האט עס פאר א רומענישען געבארענעם אמעריקאנער בירגער, וואס ער וועט מעגען פארען קיין רוסלאנד?

די רוסישע רעגירונג זאל מסכים זיין, אז יעדער רוסישער אונטערטאן זאל מעגען ווערען אן אמעריקאנער בירגער און דערנאך קומען קיין רוסלאנד מיט אן אמעריקאנער פאס, איז גאר א באזונדערע פאדערונג, וואס איז אין דער אגיטאציע וועגען דער פאספארט־פראגע גאר ניט באריהרט געווארען.

ווי איר זעט, האט זיך אין דער גאנצער אגיטאציע געהאנדעלט סך־הכל וועגען אן אבסטראקטען פרינציפ, וואס האט קיין פראקטישען ווערט ניט. דערפאר אבער קען די אנגעלעגענהייט אונדז שאפען שוועריקייטען, אויב די אמעריקאנער רעגירונג זאל וועלען אויפהויבען די אידישע פראגע אין אירע אונטערהאנדלונגען מיט רוסלאנד. דער עצם פון דיפלאמאטיע איז קאמפראמיס. אויף די טענות פון דעם סטעיט דעפארטמענט לטובת די רוסישע אידען וועט דער רוסישער מיניסטער ענטפערען, אז וואס איז שייך די באשרענקונגען פון די רוסישע אידען אין רוסלאנד, איז דאס אן אינערליכע אנגעלעגענהייט, אבער וואס איז שייך אמעריקאנער אידען וועלכע קומען קיין רוסלאנד מיט אמעריקאנער פעסער, וועגען דעם קען מען רעדען. און אויב די רוסישע רעגירונג זאל האבען שכל, קען זי אין דעם פונקט נאכגעבען דער אמעריקאנער רעגירונג. דעמאלט וועט אונדזער פרעזידענט יוצא זיין פאר די אמעריקאנער אידען דערמיט.

דער אידישער זיג אין דער פאספארט־פראגע האט געהאט איין

גוטען רעזולטאט : ער האָט געוויזען, אז מען רעכענט זיך מיט דעם אידישען וואוט אין וואשינגטאָן. אבער אונדזערע דיפּלאָמאטען וואָס האָבען געמאכט אזא טאראראם צולים די פּאָר יהודים וואָס קענען ניט ארייַנפאָרען קיין רוסלאנד אויף זייערע לוסטרייזען, האָבען געשוויגען ווען טויזענטער אידען זיינען אומגעקומען מיט זייער לעבען אין רוסלאנד און אַ מיליאָן אידען זיינען געוואָרען בעטלערס.

אַ פּריוואט־מענטש קען זיך פּארענטפערען, אז ער איז ניט מחויב צו זארגען פאר דעם כלל. אָבער מענטשען, וואָס פּרעטענדירען צו פארטרעטען דאס אמעריקאנער יודענטהום, האָבען מיט זייער שוויי־גען פארנאכלעסיקט זייער פליכט אזוי, ווי אַ וועכטער, וואָס לעגט זיך שלאָפען ווען ער דאַרף היטען דעם אייגענס פון זיין בעל־הבית.

# סלאבאדקער דייטש און אידישע אידיש. *)

## א פילאלאגישער פעליטאן.

די „צוקונפט“ איז אפילו א גאנץ גוטער זשורנאל, אבער אז איך נעם אין האנט א ביכעל מיט מיינעם אן ארטיקעל, ווער איך גאר א „צודרוטשקעטער“. וואס עפעס א צודרוטשקעטער? דא פאסט זיך א מעשה. דער בארימטער רוסישער שרייבער אלעקסאנדער הערצען דערצעהלט, אז מען האט עם ערגעץ אין א רעסטאראן דערלאנגט פיש, האט דאס געהאט א טעם פון לימבורגער קעז. „איך האב ליב“, מאכט ער, „לימבורגער קעז, אבער ביי מיר איז שוין אזא נוסח, אז איך וויל יעדע זאך זאל האבען איר אייגענעם טעם“.

איך האב אויך ליב, אז יעדע זאך זאל האבען איר אייגענעם טעם. „באיריש ביר און לעבער־וואורסט“, איז גוט אום פסח און אום יום כפור, אבער אז מען דערלאנגט מיר פרייטאג צו נאכט א שטי־קעל פיש, טו האב איך האלט, ס׳זאל זיין טאקע ווי די באבע האט געקאכט: מיט ציבעלע, מיט ראזינקעס, מיט זאלץ און מיט פע־פער, און חריין זאל זיין דערצו, אז ס׳זאל כאפען פאר׳ן הארצען און ריכטיקע אידישע טרערען זאלען ארויס פון די אויגען.

איך בין אפילו אליין אויך א צונעשריבענער א סלאבאדקער, און צי קען איך גאר ריידען דייטש? — א שאלה! אבער צווישען אידען, צו וואס איז מיר די טייטש? און אז מען נעמט און מען שטעלט מיר אריין אין מיינעם אן ארטיקעל אזא ווארט, וואס קיין איד קען עם ניט פארשטעהן, טו פאר וואס זאל איך ניט ווערען א צודרוטשקעטער?

דאס זיינען אבער ניט מער, ווי צושלאגענע געדאנקען, אזוי ווי געהאקטע לעבערלאך פאר׳ן עסען, כדי איר זאלט האבען אפעטיט צו דעם וואס קומט ווייטער.

---

*) ערשינען אין „פארווערטס“, 1902.

וואָס איז אידיש? איז אידיש אַ זשאַרגאָן פון דער דייטשער שפּראַך, אָדער איז דאָס אַ באַזונדערע שפּראַך? אז אידיש שטאַמט פון דייטש, דאָס ווייס יעדער, אָבער דאָס באַווייזט גאָר ניט: ענגליש שטאַמט פון אנגלאָ־סאַקסאָן און פראַנצויזיש, אָבער היינטיקע ענגליש איז פּאָרט ניט אנגלאָ־סאַקסאָן און ניט פראַנצויזיש, — עס איז ענגליש.

ווען מען נעמט די געשיכטע פון היינטיקע שפּראַכען וואָס שטאַמען פון לאַטיין זעט מען באַשיינפּערלאַך ווי עס בילדען זיך אויס פאַרשידענע לשונות פון איין לשון. פראַנצויזיש, שפּאַניש, פּאָרטוגאַליש, רומעניש זיינען פון אָנפאַנג געווען נאָר זשאַרגאָנען פון לאַטיין. עס האָט גענומען איבער טויזענט יאָר ביז וואַנען עס זיינען פון די זשאַרגאָנען אויסגעוואַקסען פאַרשידענע שפּראַכען. די געשיכטע פון דיזע שפּראַכען ווייס מען ריכטיק, וואָרים די פעלקער, וואָס ריידען אויף יענע לשונות האָבען פריהער געהאַט זייערע אייגענע שפּראַכען. זיי האָבען די שפּראַכען אָבער פאַרגעסען און אָנגענומען לאַטיין. ווען אַ פאָלק, וואָס רעט איין לשון פאַרשפּרייט זיך אין ווייטע לענדער, טו ווערט פון דעם איין לשון מיט דער צייט אין יעדע געגענט אַנאַנדער סאָרט רייד. איר קענט דאָס זעהען אפילו דאָ אין אמעריקע מיט אונדזער אידיש. ווי לאַנג איז דאָס סך־הכל זייט אידען האָבען אָנגעהויבען אריבערקומען אין מאַסען פון רוסלאַנד? זינט די פּאָגראָמען, דאָס הייסט, א יאָר צוואַנציק. פאַר דעם, שוין א יאָר פופציק צוריק, האָבען אידען גענומען פאָרען פון פוילען, און פון קאָוונער גובערניע, אָבער וויפיל מאַכט דאָס אויס אין פאַרגלייך צו די הונדערטער טויזענטער וואָס זיינען געקומען אין דער צייט פון די לעצטע צוואַנציק יאָר. אַלזאָ אמעריקאַנער אידיש איז סך־הכל אַלט א יאָר צוואַנציק. און זעט אַקאָרסט וואָס פאַר אַן אונטערשיד עס איז פון היימישען אידיש. איר האָט מסתמא געהערט די מעשה פון דער כלה וואָס האָט געשריבען א היים, אז זי האָט „אַ פעלער א קאַטער וואָס לאָזט איר ניט אַרבייטען“, אָדער פון דעם אַפּרייטאָר וואָס האָט גערופען זיין מאַמע אריבערקומען אַהער, וואָרים וואָס עס בלייבט דאָ ביי עם פון „דיינער“, וועט קלעקען פאַר טאַטע־מאַמען. ווען מען דערצעהלט אין „קאַפע סאַלון“ — עס שטעהט אין די „פּייפּערס“ אז אין באָסטאָן געהט אַן אַ „באַיקאָט אגענסט די בוטשערס“ און עס האָבען זיך צונויפגעקליבען א „קראַוד פון באַיטשיקעס אויפ'ן סייד־וואָק פאַר

א סטאר״, מען האט אויסגעבראכען די ווינדעס און ארויסגעווארפען א „טשאק און עטלאכע טשיקענס און טוירקים אויפ׳ן סטריט״. וואס פאר א לשון מוז זיך דאס אויסווייזען א גרינעם, וואס איז אקערסט געקומען פון סלאבאדקע? עס איז אבער עכט אידיש, ווי עס ווערט גערעט אין אמעריקע. היינט ווען די שפראך האט זיך אזוי געביטען אין א קורצע צייט פון צוואנציק יאר, טו וואס האט געמוזט ווערען פון „אידיש־דייטש״ אין פינף הונדערט יאר!

איך האב אומיסנע געפרעגט איינעם נאך אנאנדערען א גאנצען מנין מענטשען, וואס הייסט אויף אידיש „א נעריכט״. עס זיינען געווען אונטער זיי רוסישע, ליטווישע און אפילו צוויי טערקישע. „א געריכט? דאס הייסט: פוטשא, פיסנאע, צימעס, טשאלענט, חרעמזלאך, פאמפושקע״, מיט איין ווארט: א פאטראווע. עס האט זיך געפונען נאר איינער, וואס האט זיך נאכדעם געכאפט אז א געריכט הייסט אויך א „סוד״ אדער א „קאורט״. און דער איינער איז געווען א מיטארבייטער פון „פארווערטס״, וואס עס איז זיין ביזנעס צו לייענען די סלאבאדקער קלאסיקער. די געשיכטע פון אידיש איז זעהר פיל ענלאך צו דער געשיכטע פון דער ענגלישער שפראך. אז די נארמאנען זיינען מיט אכט הונדערט יאר צוריק געקומען קיין ענגלאנד האבען זיי גערעט א זארט פראנצויז און די ענגלענדער, דאס קאמענע פאלק — א זארט פלאט־דייטש, אנגלאסאקסאן. מיט דער צייט האבען זיך די צוויי שפראכען צונויפגעמישט. וואכעדיקע זאכען וואס ווערען גענוצט יעדען טאג אין געוועהנטלאכען לעבען זיינען געבליבען ביי זייערע ענגלישע נעמען: א הויז, א פערד, א פליג, א קוה, א מארק, ברויט, קליידונג, פייער און דערגלייכען: אזעלכע זאכען, וואס די פראנצויזישע שררות האבען איינגעפירט אין ענגלאנד, און אלץ, וואס באלאנגט צו דער רעגירונג זיינען באצייכענט געווארען מיט פראנצויזישע ווערטער: א קאורט, א דזשאדזש, א מיניסטער, א סעקרעטער, אן ארדער, א קאמפלימענט, א טשער, א שפיגעל (מיראר). א טיש, א קאנאפע (קאוטש), און זא ווייטער. אלע ווערטער פון תורה און חכמה זיינען אויך גענומען פון פראנצויזיש: וויסענשאפט (סייענס), שכל (ריזאן), מוטה (קארעדזש), צדקה (טשאריטי) און זא ווייטער.

דאס זעלבע קען מען באמערקען אין אידיש. פראסטע ווערטער שטאמען פון דייטש: א הויז, א בעט א שטאט, א שול, א בוך, א שטול, א טיש, א מענטש, א קאפ, א טייגאכץ. וויבאלד אבער מען

דארף א וואָרט פּאר א זאַך, וואָס מען קען ניט אָנטאַפּען מיט די הענט, ניצט מען א לשון־קודש'דיקען וואָרט: שכל, טובה, הנאה, כבוד, דרך־ארץ, א שעה, א מעת־לעת, בשעת, כל זמן, מכח, מחמת, יוצא זיין, פּטור ווערען. דאָס זיינען אַלץ זעהר פּראָסטע ווערטער. אפילו א פּראָסטער מענטש קען אַז זיי ניט אויסקומען, און פּאַרט זיינען זיי אריין אין אידיש פון לשון קודש, ניט פון דייטש. א איד פארשטעהט אפילו וואָס איז אַ „שטונדע" א „פארגעניגען", „זאָלאנג", „צור צייט", אבער אז ער רעט פּראָסט מאַמע־לשון, און שנייט זיך ניט אויפ'ן פּתח, ניצט ער לשון־קודש'דיקע ווערטער. זאָגט א אידען „וואָלטאַט" אנשטאַט „צדקה" אָדער „טובות" וועט ער אייך גאָר אָנקוקען אין די אויגען.

דאָס איז אַלץ ניט קיין צופאַל, עס ווייזט אָן אויף אַ געווויסען געזעץ פון דער שפּראַך־בילדונג.

ווייטער נעמט דעם אידישען דיקדוק: פון די פיר דייטשע פּאַדיעזשען זיינען געבליבען אין אידיש נאָר צוויי: דער טאַטע, וועגען דעם טאַטען, צו דעם טאַטען, אין דעם טאַטען אריין. אין דעם גלאַגאָל (ווערב) איז פון די דריי דייטשע פארגאנגענע צייטען געבליבען נאָר איינע, און זא ווייטער, — איך וויל דאָ זיך ניט אריינלאָזען אין איינצעלהייטען.

דייטש האָט געגעבען נאָר דעם פונדאַמענט פאר אידיש. אָבער אפילו אין יענע צייטען, ווען די אידען האָבען נאָך געלעבט אין דייטשלאנד האָט די דייטשע שפּראַך זיי כמעט גאָרנישט געגעבען פּאר די איינפאכסטע קאָפּ־ארבייט. אויף דערויף האָבען זיי זיך באנוצט מיט לשון קודש. עס איז שוין עטלאכע הונדערט יאָר זינט די אידען זיינען אוועק פון דייטשלאנד. די גאנצע מאסע אידען האָבען זיך פארשפּרייט אין סלאווישע לענדער: אין בעהמען, אין פּוילען, אין ליטע, אין רוסלאנד. אפילו וואָס מען רופט דאָ אין אַמעריקע, „דייטשעשע", אָדער „עסטרייכער" אידען, זיינען אין דער אמת'ען אויך פּוילישע, פון פּאָזען אָדער פון גאליציע. די „אונגארישע" שטאַמען אויך פון אַזעלכע געגענטען, וואו א גרויסער טייל פון די איינוואָהנער זיינען סלאָוואקעס און דערגלייכען. אפילו קעניגסבערג (קרולעוועץ) און דאנציג (גדאנסק) זיינען א צייט לאַנג געווען אונטער דער פּוילישער קרוין. אז מען זאָל נעמען רעכענען וויפיל אידען זיינען געבליבען עד היום אין עכט דייטשע לענדער, טו

וועט עס ניט אויסמאַכען קיין צען פּראָצענט. און אז מען זאָל וועלען דערגעהן פון וואנען שטאַמען די אידען אין בערלין אָדער אין וויען גופא, וועט זיך מסתמא אויסלאָזען אז גרעסטענטיילס זיינען זיי אהין געקומען פון פּאָזען אָדער פון גאַליציע.

דאָס איז אַ זעהר וויכטיקער היסטאָרישער פאַקט. עס ווייזט, אז עס איז שוין הונדערטער יאָרען אוועק זינט די אידישע שפּראַך האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דייטש און איר ענטוויקלונג איז געגאַנגען גאַנץ באַזונדער פון דייטש. פּראָפעסאָר ווינער שרייבט אין זיין ענגלישער געשיכטע פון דער אידישע ליטעראַטור אין דעם ניינצעטען יאָרהונדערט:

„אָפּגעריסען פון אַ לעבעדיקען אומגאַנג מיט זייער פריהערדיקער היים, האָבען זיי ניט געקענט פאַרגעסען זייער ווערטער־בוך פון דער לעבעדיקער דייטשער שפּראַך. דער תלמוד האָט זיי געגעבען אַ סך ווערטער פאַר ארגומענטען, און די סלאַווישע שפּראַכען האָבען אריינגעטראָגען זייער חלק, און אַזוי איז „אידיש־דייטש" געוואָרען מער און מער פאַרשידען פון דער מוטער־שפּראַך".

מיר לעזען ווייטער אז די ערסטע אידישע דרוקאַרניעס האָבען זיך געגרינדעט אין בעהמען און אין פּוילען, נעמליך אין פּראַג און אין קראָקע, וואָרים די גרויסע צאָל אידען האָבען שוין דעמאָלט געלעבט אין יענע לענדער. פון דאָרטען פלעגען זיך די ביכער פאַרברייטען איבער גאַנץ דייטשלאַנד, דאַדורך זיינען פילע סלאַווישע ווערטער אַנגענומען געוואָרען אפילו אין עכט־דייטשע לענדער. אַ גוטער משל פאַר די סלאַבאַדקער קלאַסיקער וואָס פאַרטייטשען „סופרים קאורט" דורך „אויבערסטע פּיסגאַע", — מיין איך: „אויבערסטע געריכט".

**ווייטער, זאָגט ער, זיינען פאַר הונדערט, צוויי הונדערט און דריי הונדערט יאָר צוריק די מלמדים אין דייטשלאַנד גרעסטענטיילס געווען פּוילישע און דורך זיי זיינען אויך אַ סך פּוילישע ווערטער אריין אפילו אין דעם זשאַרגאָן פון די דייטשע אידען גופא. אזוי האָט זיך ענטוויקעלט די אידישע שפּראַך ביז צו דער צייט פון מענדעלסאָנען. די אידישע אויפקלערונג האָט זיך אָנגעהויבען אונטער דעם איינפלוס פון דער דייטשער ליטעראַטור, און גרעסטענטיילס טאַקע נאָהענט צום דייטשען גרענעץ. אז אַ איד האָט געוואָלט שטודירען איז ער געפאָרען קיין דייטשלאַנד. נאַטיר־**

ליך האט דאס געהאט אן איינפלוס אויף די דייטשע שפראך. „דיק — לעזען מיר ווייטער אין דעם זעלבען בוך, — האט באטראכט אידיש נאר אלס מיטעל אריינצופירען דעם אידישען פאלק אין די דייטשע קולטור". די געשיכטע איז אבער געגאנגען ניט אזוי ווי דיק האט זיך געקלערט. אונטער אלעקסאנדער דעם צווייטען האט מען אריינגעלאזען די אידען אין די שקאלעס און זיי האבען זיך גענומען לערנען רוסיש. וואס די דייטשע שפראך איז געווען פאר די ווילנער „בערלינטשיקעס" פון דעם עלטערען דור, דאס איז פאר די יונגע לייט פון א יאר 20—30 צוריק, געווארען די רוסישע שפראך. נאטירליך האט זיך דאס באלד אפגערופען אין דער אידישער שפראך אויך. א מאסע רוסישע ווערטער זיינען אריין אין אידיש.

איך געדיינק פאר עלף יאר צוריק איז אין א ניו־יארקער רוסישען, סאציאליסטישען פארעין פארגעקומען א דעבאטע וואס האט זיך געוועהנטלאך געפירט אויף רוסיש. איינער, אן ארבייטער, האט געבעטען מען זאל עם לאזען ריידען אידיש. ער האט געהאלטען א פייערדיקע אנשפראכע, א שטיינער אזוי:

„אז איך האב פאסטופעט אין דער היים אין קרוזשאק, האט מען זיך געסטארעט זיך אליין צו ראזוויוואיען, אבער וו'טאזשע סאמאיע ווערעמיא איז די גלאוונע דיעאטעלנאסט פון דעם קורזשאק געווען צו פריוולעקאיען נייע טאווארישטשעס פאר דער ראבאטשע דוויזשעניע".

אסור מיר אויב דאס איז איבערטריבען. אזוי רעט מען אומעטום אין די אויפגעקלערטע אידישע ארבייטער־קרייזען אין רוסלאנד. און דאס איז גאנץ נאטירליך. דער אידישער ארבייטער האט פאר זיינע לערער די אידישע אינטעליגענטען, און די אידישע אינטעליגענטען באקומען זייער בילדונג פון רוסישע ביכער, דייטש קענען זיי גאר קנאפ. דער אידישער פאלק פון דער אנדער זייט, ווי איך האב באוויזען, האט קיין מאל ניט באנוצט זיך מיט דער דייטשער שפראך אויף קאפ־זאכען. אז עס האט געפעלט א ווארט האט מען עס גענומען פון לשון קודש.

וועהרענד די לעצטע צוואנציק יאר איז דער הויפט פונקט פון דער אידישער פרעסע און ליטעראטור איבערגעטראגען געווארען אהער, קיין אמעריקע. דער איד איז אין דער קורצער צייט איינ־

געפירט געוואָרען אין דער וועלט ליטעראַטור, וויסענשאַפט, פּאָליטיק, עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע, קונסט און זאָ ווייטער. מען האָט געדאַרפט אויף דערויף באַשאַפען אַ נייע שפּראַך. די אַרבייט איז נאָך ווייט ניט געענדיקט, זי הייבט זיך נאָר ערסט אָן. וואו נעמט מען די ווערטער? באַטראַכט גוט די געשיכטע פון דער אידישער שפּראַך, האָט איר אַ פּאַרטיקען ענטפער. דער ענטוויקלונגס־געזעץ פון דער אידישער שפּראַך באַשטעהט דערין, אַז זי נעמט אַריין געדאַנקען־ווערטער פון יענער שפּראַך, אין וועלכער זי לערענט תורה וחכמה: אַמאָל איז דאָס געווען לשון קודש, אויף אַ ווײַלע איז דאָס געוואָרען דייטש, זיינט אָבער די מאַסען האָבען זיך גענומען לערנען דיינקען, איז דאָס געוואָרען רוסיש אין רוסלאַנד, און ענגליש דאָ, אין אַמעריקע. טרייען אַריינצוקוועטשען אַ לעבעדיקע שפּראַך אין אַ קאַרסעט פון כללים און דינים, איז אונזיניק און לעכערלאַך. ווען מען זאָגט דאָ, אין אַמעריקע: „קאָרפּאָרעישאָן“ טו קענט איר זיין זיכער, אַז יעדער מער וויניקער, כאָטש האַלב־אינטעליגענטער איד, וואָס לייענט נאָר אַ אידישע צייטונג, האָט דעם וואָרט געהערט. און איינער, וואָס האָט עס קיין מאָל ניט געהערט, וועט עס ניט פאַרשטעהן, כאָטש איר וועט עם אַנטאָן אַ דייטשען בגד: „קאָרפּאָראַציאָן“, — די סלאָבאָדקער אַבשטשעסטווע איז אַ „קאָרפּאָראַציאָן“, און אַ קאָרפּאָרעישאָן הייסט, זאָלט איר וויסען, אַן „אַקציען־געזעלשאַפט“. אויב איר גלויבט מיר ניט, טו קוקט אַריין אין דעם דייטשען האַנדעלס־געזעצבוך.

דייטש האָט אויפגעהערט צו זיין דער קוואַל פון אידישע בילדונג, און ווען מען וויל דוקא אויספּוצען דעם מאַמע־לשון מיט דייטשעשע ווערטער לאָזט זיך אוים האַלב טייצעש פּאַלאווינאַ רייסעש.

רוסיש איז אַ סלאַווישע שפּראַך: אַ יאָר זיבעציק — אַכציק צוריק איז געווען אין רוסלאַנד אַ פּאַטריאָטישע ריכטונג, וואָס האָט אויך געוואָלט זיך באַנוצען אויסשליסליך מיט סלאַווישע ווערטער. זי איז אָבער אויסגעלאַכט געוואָרען ווי עס באַווייזט דער פאָלגענדער זאַץ: „שאָל לאָווטשילאַ וו מאָקראָסטופאַק פּאַ טאַפּטאַלישטשו וו פּאָזאָרישטשע“, וואָס האָט געזאָלט באַדייטען: שאָל פראַנט וו קאַלאַשאַך פּאַ טראַטואַרו וו טעאַטער.

אידיש איז ניט קיין דייטשער זשאַרגאָן, אידיש איז אַ לעבעדיקע שפּראַך פון אַ צען מיליאָן מענטשען. דאָס איז צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי די גאַנצע שוועדישע נאַציאָן און נאָך פיל מער איידער אַנ־

דערע קלענערע נאַציאָנען. אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעדוכט אז די פארברייטונג פון רעוואָלוציאָנערע אידעען פירט צו קאָסמאָפּאָליטיזם. אין דעם 19טען יארהונדערט אָבער האָט זיך אויסגעוויזען אז די דעמאָקראַטישע באַוועגונג איז ענג פארבונדען מיט דעם אויפלעבען פון דער נאַציאָנאַליטעט. די גריכען, די אונגארען, די טשעכען, די סערבען, די בולגאַרען זיינען אויפגעוועקט געוואָרען פּאָליטיש, דאדורך האָבען א נייעם לעבען באקומען זייערע נאַציאָנאלע שפּראכען. די סאָציאַליסטישע באוועגונג האָט געגעבען א נייעם לעבען דער ליטווישער שפּראַך און ענדליך אויך דער אידישער אין רוסלאנד. כל־זמן דער סאָציאַליזם איז געווען אַ באוועגונג פון געשטודירטע מענטשען, האָט אַ איד גאַנץ גוט געקענט אויסקומען מיט רוסיש, אַ זשמודין מיט פּויליש. פאר אַ יאָר פופצען־צוואַנציק צוריק, אז מען האָט זיך גענומען אין מינסק, ווילנע און אנדערע שטעט צו פּראָפּאַגאנדירען דעם סאָציאַליזם צווישען אידישע ארבייטער, האָט מען מיט זיי אָנגעהייבען פון דעם רוסישען אלף בית: ערסט האָט מען געמוזט דעם ארבייטער אויסלערנען רוסיש, נאָכדעם איז געקומען דער סאָציאַליזם. דאָס איז געווען מעגלאַך, כל זמן מען האָט געהאט צו טאָן מיט עטלאכע צענדליק אין א שטאָט. אַז די באוועגונג איז אבער געוואָרען אַ מאַסען־באוועגונג, האָט מען געמוזט זיך נעמען צו מאַמע־לשון. דאָס זעלבע איז געווען דאָ אין אַמעריקע. מען הערט נאָך אפילו היינט אויך אמאָל זאָגען: „לאָזען די אידישע אַרבייטער זיך לערנען ענגליש, צו וואָס דאַרף מען די אידישע פּראָפּאגאנדע!" דאָס וועט בלייבען אָבער פאר די יונגע דורות, וואָס וועלען דאָ אויפוואקסען. כל זמן עס וועלען קומען אהער עמיגראנטען פון רוסלאנד, וועט די אידישע שפּראַך לעבען אין אַמעריקע. און אין רוסלאנד גופא וועט זי אויך נאָך לעבען זאָלאנג ווי עס וועט דאָרטען זיין אַן ארעמער אידישער ארבייטער־קלאַס, וואָס האָט ווייניק צייט צו געהן אין סקוהל און לערנען זיך רוסיש, דאָס הייסט ביז דער „סאָציאלער רעוואָלוציע".

לאָמיר אלזאָ געדיינקען אז אידיש איז א פּאָלקס־שפּראַך, ניט אַ שפּראַך פון פאַך־געלערנטע.

אפילו אין אזאַ הויך ענטוויקעלטער שפּראַך, ווי רוסיש, צום ביישפּיל, סטארעוועט מען זיך היינט צו שרייבען ווי מעגלאַך אַזוי ווי מען רעט.

וויקטאר הוגא זאגט, אז דער „פאלקס־זשארגאן פון היינט איז די קלאסישע שפראך פון מארגען". אי זאידיש מוז מען אודאי שרייבען אזוי, אז חיים זאל קענען פארשטעהן, און ווען מען וויל חיים זאל עס פארשטעהן, מוז מען שרייבען אזוי, ווי חיים רעט. און איך זאג אייך, חיים'ס שפראך איז א רייכע שפראך. אז ער זאגט: „איך זיץ אפ גאנצענע נעכט". אנשטאט „גאנצע נעכט", ווי עס קומט אוים נאך דער סלאבאדקער גראמאטיקע, איז טאקע חיים גערעכט,

נים די גראמאטיקע, ווארים „גאנצענע נעכט" איז א שטיקעל מנא־ גאקראנטי וויד, ווי מען רופט עס אין דעם רוסישען דיקדוק. אין פראנצוויזיש האט איר „זשור" (טאג) און „זשורנע" (טאג), — טאקע די זעלביקע „נע" ווי אין „גאנצענע", און אין דעם זעלביקען זין. יעדע גראמאטיק איז אין גאנצען נים מער ווי א רעפארט איבער דעם ווי איוואן רעט, אדער ווי דזשאן בול רעט, — מיט וואס זשע איז חיים נים אזא יחסן ווי איוואן? אז חיים זאגט „אוועקעט" איז „אוועקעט", מיט וואס איז דאס ערגער ווי „אוועק"? אדער אפשר איז „אוועק" — האכדייטש?

איך ווייס גאנץ גוט. אז עס איז נים גאנץ לייכט צו פאלגען דעם כלל: שרייבען אזוי ווי מען רעט, — ווארים מען רעט אנדערש אין קאוונע, אנדערש אין מינסק, אנדערש אין גאליציע, אנדערש אין רומעניען און אנדערש אין אמעריקע. אבער די צרה איז נים מיט אידיש אליין. דייטש ווערט נים גערעט אומעטום אויף דעם זעל־ ביקען אופן, רוסיש אויך נים. די האלענדיש פון טראנסוואל איז נים די זעלבע ווי אין אמסטערדאם. ווען מען וויל געברויכען נאר אזעלכע ווערטער, וואס יעדער איד וועט פארשטעהן, אי אין קאטע־ רינאסלאוו אי אין מינסק, אי אין לעמבערג, אי אין בודא־פעסט, אי אין יאסי, אי אין ניו־יארק, טו וועט מען מוזען ארויסווארפען אפילו אזא ווארט ווי „א קראם". ווארים אין קאטערינאסלאוו זאגט מען נאר „א קלייט". אין קיין שפראך קען מען נים אויסקומען נאר מיט אזעלכע ווערטער וואס ווערען אומעטום געברויכט, און בפרט נאך אין אידיש. אונדזערע רעדאקטארען האבען רק מורא אז ווען איר שרייבט א רוסישען אדער אן ענגלישען ווארט וועלען עס די לעזער אין פאטסדאם נים פארשטעהן. איי וואס א סנילאוויטשער איד פארשטעהט א העלפט נים פון די הויכע דייטשעשע ווערטער דאס איז גאר נים, אבי געשניטען אויף דייטש! דער פראסטער שכל זאגט,

מען דארף בארעכענען: ווער זיינען דאָס רוב די לעזער, פאַר וועמען שרייבט מען? נאָהענט פון אַ העלפט פון אַלע אידען זיינען ליטווישע, אפשר א דריט־חלק פּוילישע, וואָלינער און גאַליציאַנער צוזאַמען. דאָ אין אמעריקע זיינען פאראן מער ווי אַ האַלב מיליאָן ליטווישע אידען, די איבעריקע ביסעל זיינען אונגארישע און פארשידענע אנדערע. אַלזאָ די מערהייט זיינען ליטווישע. אין ליטוועשע אידיש זיינען אריינגעמישט אַ סך רוסישע ווערטער, אבער אַ פּוילישער און אפילו א גאַליציאַנער קען זיי לייכט פארשטעהן, און די פּאַרטאַלבען אונגארישע און רומענישע וואָס לעזען אידישע צייטונגען און זשורנאַלען וועלען לייכט דערגעהן דעם זין.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. הגם די מערהייט אידען וואָהנען אין רוסלאנד, אָבער די מערהייט צייטונגען, זשורנאַלען און ביכער ווערען געדרוקט אין אַמעריקע, און די מערהייט לעזער זיינען אויך אין אמעריקע. נאָך דעם חשבון פון דעם „אַמעריקאַן ניוס־פּייפּער דירעקטאָרי" ווערען פון אַלע אידישע צייטונגען און זשורנאַלען צוזאמען פארקויפט אין אמעריקע אן ערך פון הונדערט טויזענט קאפּיעס. איך בין גאַנץ זיכער אז די צירקולאַציע פון אַלע ניו־יאָרקער צייטונגען, און זשורנאַלען אין בודאַ־פּעסט, אין בוקארעסט, אין טשערנאָוויטץ, אין „גראָסווארדעק" און „יורבעריק" (יורבורג) צוזאַמען וועט קיין צענט חלק פון דעם ניט באטרעפען. רעט אבער מיט אַ סאָציאַליסטישען רעדאַקטאר, האלט ער אין איין ציטערען, אז דעם ארטיקעל וועלען חלילה די לעזער אין זאקסען — קאָבורג — גאָטהאַ ניט פארשטעהן. מיינע הערען, שרייבט אזוי אַז מען זאָל אייך כאָטש אויף „מאַנעראַל" סטריט קענען פארשטעהן, נעוועד מיינד זאקסען—בורג — גאטהא!

צום שלום לאָמיר אויסהערען וואָס פּראָפעסאר ווינער זאָגט וועגען דעם אידישען „ספּעלינג".

„פון אָנהייב — זאָגט ער, — האָט מען געספּעלט אזוי ווי מען רעט. שפּעטער אבער האָט זיי זייער איינגעליבטקייט אין דייטש געבראכט צו זייער אונגליקלאכען טעות איינצופירען דעם דייטשען אויסלייגען אין זייער לשון. דיזער מיסברויך קען ענטשולדיקט ווערען ביי דיק'ן דורך דעם וואָס ביי עם איז דאָס געווען א מיטעל צו אַ צוועק (דאָס הייסט אריינצובריינגען, ביי די אידען די דייטשע בילדונג), ביי די שפּעטערע שרייבער הייסט עס ניט מער, ווי „זאָלען לייטען מיינען".

# א זיצונג פון דעם אידישען וואהל קאמיטעט. *)

די געשעפטס־זיצונג פון דעם אידישען וואל־קאמיטעט איז איינגערופען געווארען אויף אכט א זייגער אוועגדם אין דער תלמוד תורה. ארום ניין א זייגער האט זיך דער עולם אנגעהויבען צונויפצוקלייבען.

דער קאמיטעט איז באשטאנען העלפט פון ציוניסטען, העלפט פון סתם נאציאנאליסטען, אויסנאמסווייזע זיינען אויך אויסגעקליבען געווארען אין קאמיטעט א פאר געהיימע אסימילאטארם (ווי עס זיינען אין דער צייט פון דער שפאנישער אינקוויזיציע געווען געהיימע אידען׳; אבער ערסטענס האבען זיי לכל הפחות געדאווענט אלע שבת אין דער כאר־שול, אלזא איז אין זיי נאך איבערגעבליבען א פונק אידישקייט, (אדער „יודישקייט"), און אגב, ווען מען וואלט געהאט געקליבען פאר׳ן קאמיטעט מענטשען לויט נאך זייערע פאליטישע אדער נאציאנאלע איבערצייגונגען, וואלטען זיך שוין די ציוניסטען פאסטארעט, קיינעם פון די צרה׳דיקע פורטאבלען אסימילאטארם איבער׳ן שוועל ניט אריינצולאזען; נאר, געוויינטלאך, עס זיינען אלע געוועזן כלל־טוערם, בעלי צדקות, ווי קען מען זיין אזוי גראב, אזעלכע בכבוד׳ע אידען ניט אויסצוקלייבען פאר׳ן קאמיטעט?

ווי עס פירט זיך, זיינען אין קאמיטעט געוועזן דאקטוירים, דענטיסטען, אדוואקאטען, אינזשעניערען, דאס רוב אבער איז באשטאנען פון מיטעלקלאס מענטשען: קרעמער, ציוניסטישע פריקאזטשיקעס (די בונדיסטישע פריקאזטשיקעס האבען זיך ענטזאגט אריינצוטרעטען אין קאמיטעט), אדער רבנים און עטלאכע בעלי מלאכות, וועלכע האבען געשפילט אזא ראליע ווי „דאס פאלק" אויף דער בינע.

**א פערטעל צו צען זיינען שוין כמעט העלפט געוועזן אנוועזענד; דער פארזיצענדער האט ערקלערט די פארזאמלונג ערעפענט. אויף**

---

*) געשריבען אין מאי 1907.

דער טאָגעס־אָרדנונג איז געווען די וואַל־פּראָגראַמע וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין אַ ספּעציעלע קאָמיסיע. די פּראָגראַמע איז צוערסט איבערגעלעזען געוואָרען אין רוסיש, דערנאָך האָט דער סעקרעטער גענומען זי פּאַרטייטשען אין אידיש. (דער סעקרעטער איז געווען דער באָס ביי די ציוניסטען, און פאַרשטעהט זיך אַ אידישער נאַציאָנאַליסט פון דער זעקס און ניינציקסטער פּראָבע, ריינע גאָלד, אָהן קיין שום ליגאַטור).

„מיר, די פּרעדסטאַוויטעליעס פון דער היגער אָבשטשעסטווע, פּריזנאַיענדיק אַז אויף אַ פּאָלנע רעשעניע פון דעם אידישען וואָפּראָס קען מען זיך ריכטען נאָר אין אַ דעמאָקראַטישען סטראָי... דאָס איז די ווסטופּלעניע, דערנאָכדעם ווערען אויסגערעכענט אונדזערע טרעבאָוואַניעס: ווא פּערוויך, די אָבשטשע פּרינציפּען, און באַלד דערויף ווי אַזוי מען דאַרף זיי אין יעדען טשאַסטני סלוטשיי פּרימיעניאַיען צו אידען. מיר טרעבעווען ראַוונאָפּראַוויע, ס'הייסט גלייכע פּראַוועס פאַר אַלעמען, אָהן אונטערשיד פון וויעראָאיספּאָוויעדאַניע; מען זאָל בעזוסלאָוונע אַטמיעניאַיען אַלע אָגראַניטשיטעלנע זאַקאָנעס; פּאָלנע פּרייהייט פון דעם סאָוויעסט, דאָס מיינט מען אַז איהר מעגט זיך זיין אַ איד און עס זאָל פון דערפון פאַר אייך ניט וויטיעקאַיען קיינע אָגראַניטשעניעס. ווייטער שטעהט וועגען סוואָבאָדע פון סאָבראַניעס, די ליטשנאָסט זאָל ניט אָנגערירט ווערען, און אָקאַנטשאַטיעלנע אַטמיענע פון אַלע איסקלוטשיטעלנע זאַקאָנעס. דער פּונקט וועגען פּראָפּאָרציאָנאַלנע וויבאָרעס וועל איך אייך אָביאַסניאַיען. היינט, ווען עס אוטשאַסטוועון אין די וויבאָרעס, נאַפּרימיער, דריי פּאַרטיעס, און עס זיינען פאַראַן אויסצוקלייבען זיבען וויבאָרשטשיקעס, ווי ביי אונדז, טו וועלען דורכגעהן אַלע קאַנדידאַטען פון איין ספּיסאָק. עס מעג זיין אַז פאַר די קאַנדידאַטען פון אַנאַנדער נאַפּראַווליעניע איז אָפּגעגעבען געוואָרען אַ זנאַטשיטעלנע קאָליטשעסטווע גאָלאָסען, און זיי האָבען קיין פּרעדסטאַוויטעל, וואָס זאָל זאַשטישטשאַיען זייערע ווזגליאַדען. דאָס איז אַ סטראַשנע ניעספּראַוועדליוואָסט. מיר טרעבעווען אַז זיי זאָלען אויך קריגען פּריבליזיטעלנאָ אַזוי פיל דעפּוטאַטען ווי נאָך דער קאָליטשעסטווע נאָה, וואָס וועלען גאָלאָסויען פאַר יענעם ספּיסאָק, קיינער זאָל ניט אָבידיעט ווערען, און ווייטער די מיעסטנע סאַמאָאופּראַוולעניע זאָל אויך זיין אויף דיזעלביקע אָסנאָוועס, אין דעם זיבעטען פּונקט שטעהט,

אַז די דומע דאַרף זיין אַ זאַקאָנאָדאַטעלנע אוטשרעזדעניע, ניט נאָר אַ סאָוויעשטשאַטעלנע, ווי איצטער, און עס זאָל זיין אַן אַטוועטסטווענע מיניסטערסטווע, ס'הייסט, די מיניסטאָרען זאָלען אַטוועטשאַיען פאַר די פּרעדסטאַוויטעלעס פון דעם נאַראָד. ווייטער דער זאַקאָן זאָל רעגולירען דעם ראַבאַטשי דיען אין דער גאַנצער פּראָמישלענאָסט און זאָל וואָאבשטשע אָגראַזשדאַיען די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער. דער לעצטער פּונקט איז וועגען אַגראַרני וואָפּראָס, אַז פאַר די ערד וואָס מי וועט אָפּנעמען ביי די טשאַסטנע וולאַדיעלצעס זאָל מען זיי ספּראַוועדליווע וואָזנאַגראַזשדאַיען; דערצו איז אין אונדזער פּראָגראַמע פאַראַן אַ ספּעציעלע אידישע טרעבאָוואַניע, אַז די וואָס זיצען אויף טשינשאָווע ערד אין די מיעסטעטשקעס זאָלען וועטאָם אַטנאַשעניע זיין גלייך מיט די פּויערים; זיי זאָלען איינצאָלען אַ איזוועסטנע סומע נאָך אַ ספּראַוועדליווע אָצענקע און די ערד זאָל ווערען זייערע.

„צולעצט קומט נאָך אַ רעזאָלוציע, אַז אונדזערע דעפּוטאַטען מוזען זיך סאָוועטעווען מיט אַן אַסאָבענער אידישער גרופּע אין דומע וועגען אַלע וואָפּראָסען וואָס קאַסאַיען זיך צו אידישע ראַוונאָפּראַוויע".

ווען דער סעקרעטער האָט געענדיקט זיין איבערזעצונג, האָט זיך געשטעלט רעדען אַ קליין געוואָקסענער אידעל, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ מלמד פון די משכילים; ער האָט גערעדט שטענדיק אידעש:

„עס איז מיר ניעפּריאַטנע צו זאָגען, אַז דער פּונקט וועגען אַטשוזשדעניע ווייזט אונדזער ניעסעריאָזנע אַטנאַשעניע צו אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. מיר באָרען זיך פאַר אַזאַ פּאַראַדאָקס וואָס זאָל אונדז פּאָזוואָליען סוואָבאָדנאָ צו ראַזוויוואַיען זיך. מיר ווילען האָבען אַ אידישען דעפּוטאַט אין דומע. וואָס־זשע זאָלען מיר פון זיך אַליין סקריוואַיען, וואָס עס איז אַלעמען איזוועסטנע, אימענאָ, אַז ביי די בודושטשע וויבאָרעם קענען מיר ניט אויסקומען אָהן אַ סאָגלאַשעניע מיט די פּאָליאַקען. דער פּונקט וועגען אַטשוזשעניע איז דעריבער זעהר אָפּאַסנע, ווייל ער וועט נאָר אומזיסט וואָזבוזשדאַיען נאַרעקאָניעס ביי די פּאָמעשטשיקעס. זיי וועלען האָבען פּראַוו צו זאָגען, אַז מיר ווריוואַיען זיך אין אַ וואָפּראָס וואָס מיר האָבען אַליין איהם ניט ראַזראַבאַטעוועט, מיר ווייסען ניט,

צי מיר דאַרף אונדז אַטשוזשדעניע, צי ניט; עס איז אַז אוף־דאשעניע, וואָס עס האָט גאָר קיין אטנאשעניע ניט צו אידען, ניט מער עס אטוועטשאיעט די אָסאָבענע זשעלאַניעס פון די לינקע פּאַרטייען, קאָטאָרע וואָס זיי האָבען ביי אונדז גאָר א קנאַפּע וואליאַניע, און איך דענק, אַז עס וועט זיין מער דאסטאָינע פאר אונדז אַלעס אידען ווען מיר וועלען דעם פּונקט אין גאַנצען אפּוסקאיען".

ווען ער האָט נעענדיקט, האָבען זיך עטלאכע מענטשען פארשריבען צור נעשעפטס־אַרדנונג. אין רוסלאַנד איז ניטאָ קיין פּאַינטס אָוו אָרדער, ווי אין אַמעריקע, מע פאַרשרייבט זיך „צור געשעפטסאָרדנונג". מע באַקומט דאָס וואָרט פריהער איידער מע וואָלט קריגען נאָך דער רייהע נאָך, און, געוועהנלאָך, רעדט מען דערנאָך פון וואָס מען וויל.

דער ערסטער האָט באַקומען דאָס וואָרט „צור נעשעפטס־אָרדנונג" אַ ציוניסטישער אַגיטאַטאָר וועלכער איז אומעטום באַקאנט פאר אַ גוטען אידישען רעדנער. ער רעדט ניט שלעכט רוסיש אויך, די אָפיציעלע שפּראַכע אין דעם אידישען קאָמיטעט איז געווען רוסיש, אָבער ער האָט גערעדט דוקאָ אידיש, אלס „אַ מאַן פון פאָלק".

„—איך פּרעדלאַגאיע", האָט ער אָנגעהויבען, „אַז איידער מיר פּריסטופּאיען צו ראזביראיען איינציקוויז יעדען פּונקט פון דער פּראָגראַמע, זאָלען מיר זי אָבסוזשדאיען פון אַן אָבשטשער טאָטשקע זרעניא, און איך וויל זיך שוין וואספּאָלעזעווען דערמיט וואָס איך האָב דאָס וואָרט, צו זאיאווען, אַז אונדזער קאָמיסיע האָט זיך עפּעס צו פיעל זאָנימאַיעט מיט דעם אגראַרני וואפּראָס און האָט זיך ניט סעריאָזנע אָטנאָסיעט צו דער פּראַגע, וואָס איך סטשיטאיע אַז פאר אידען איז זי אַ סך מעהר סושטשעסטווענע..."

„—הערר פּאָרזיצענדער, — האָט זיך דאָ אריינגעמישט אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע וואָס האָט אויסגעאַרבייט די פּראָגראַמע; יעדע קריטיק פון דער פּראָגראַמע האָט ער אָנגענומען פאר אַ פּערזענלאכען אָנגריף; מיט די ציוניסטען האָט ער געפירט אַ ביטערען קאָמפּף אין דעם קאָמיטעט.

„הערר פּאָרזיצענדער, איך מוז פּראָטעסטירען דאַגעגען וואָס

דער רעדנער מיסברויכט די געדולד פון דעם פאַרזיצענדען. ער האָט גענומען דאָס וואָרט נאָר צור געשעפטס־אָרדנונג און רעדט צום עיקר. עס האָבען אנדערע זיך אויך פארשריבען צור געשעפטס־אָרדנונג. לאָמיר ערסט באשטימען וועגען וואָס מיר ווילען רעדען, דעמאָלט קען זיך דער רעדנער נעמען דאָס וואָרט, ווען עס וועט קומען זיין צייט דערצו".

„—איך בעט, מען זאָל מיך ניט פערעביוואיען נא פאָלוסלאָוויע" האָט זיך דער ציוניסטישער זאָגער אפגערופען מיט כעס. „איך זלאָופאָטרעבליאַיע ניט! איך וויל נאָר ווייזען אין אַ פּראווילנער אסוויעשטשעניע די אשיבקעס פון דער קאָמיסיע (אויף דעם וואָרט „אשיבקעס" האָט ער געמאכט אַן אודארעניע). איך פּראַדאלזשאַיע..."

ער האָט אַבער ניט „פּראדאלזשאיעט", ווייל עס איז געוואָרען אַ שרעקלאכער ליארם, אַלע האָבען אַנגעהויבען צו רעדען אויף איין מאָל; דער פאַרזיצענדער האָט געקלונגען אין זיין גלעקעל, אַבער קיינער האָט איהם ניט געהערט. עס איז אַזוי אַוועק אַ פערטעל שעה, צולעצט, ווען אַלע זיינען געוואָרען הייזעריק פון שרייען, האָט דער פאַרזיצענדער געגעבען דאָס וואָרט אַנ'אַנדערען צור געשעפטס־אָרדנונג. דער רעדנער האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג מען זאָל פארהאַנדלען יעדען פּונקט פון דער פּראָגראמע באזונדער, אַבער צוערסט זאָל מען באשפּרעכען אַלע פראַגען וואָס זיינען פארבונדען מיט נאַציאָנאַלע אוטאָנאָמיע. דאָס האָט אַלעמען צופרידען־געשטעלט און דער פאָרשלאַג איז כמעט איינשטימיק אָנגענומען געוואָרען.

דער ערסטער האָט געקראָגען דאָס וואָרט אַ קרעמער פון יאַטקעווע גאָס, אַ פייערדיקער ציוניסט: מי האָט דערצעהלט אז ביי איהם אין שטוב הענגט אַ שיר המעלות מיט די ווערטער: „אַסימילאַטאָר לא תחיה, לא תחיה אסימילאטאָר התחיה לא", און אַזוי ווייטער. יעדע רעדע זיינע פלעגט ער געוועהנלאך אָנהויבען מיט די ווערטער: „איך וועל רעדען אידיש".

„—די קאָמיסיע האָט איספאָלנעט אַ גרויסען טרוד", — האָט ער ווייטער געזאָגט, — „זי האָט נאָר פּראָפּוסטיעט דעם אסנאָוונאָי וואָפּראָס, אימענאָ: עס איז ניט יאסנע פון דער פּראָגראמע, ווי אַזוי וועלען אודאָוולעטוואָראיעט ווערען די קולטורנע פּאטרעבנאָ־

סטען פון דעם אידישען נאראד? אין דער פראגראמע ווערט גערעדט אין אבשטשע וויראזשעניעס וועגען „קולטורנא־נאציאנאלנאיע סאמא־אפרעדעלעניע“, אבער דאס איסקליוטשאיעט ניט, פאגיאטנא, די אידעע פון א סוואבאדנעם פערבאנד. היינט לאמיר זיך גוט ארומזעהן וואו מיר האלטען. אלע ספעציאלנע נאלאגען אויף אידען דארף מען ניעפרעמענא אוניטשטאזשען, און אין דערין טאר ניט זיין קיין פאסטעפענאסט. די קאראבקע מוז מען אטמיעניען, מחמת זי איז שווער פאר די ארעמע נאסעלעניע, און וואוסיאקאם סלוטשאיע קענען מיר ניט דאפוסקאיען קיין שום ווערעמענע סבארען. איך שטעל דעריבער דעם וואפראס רעבראם: פון וואנען זשע זאל זיך נעמען וואס די אידישע אבשטשינע דארף ראסכאדאווען אויף ביקור חולים, אויף א הקדש, אויף נאציאנאלע אידישע שקאלעס? פון די אבשטשע נאלאגען? מיר נאסטאיעווען דאך אבער, אז עס איז ניט ספראוועדליווע די אידישע אבשטשינע זאל זיין פאדטשיניאיעט דער גאסודארסטווע, ווארים עס פראטיוואַרעטשעט דעם פרינציפ פון נאציאנאלע אווטאנאמיע. טאק שטא, איך פאפטאראיע, כאלט מיר ווער ראזיאסניאיען; מיט וואס וועט די אווטאנאמנע אידישע אבשטשינע פאקריוואיען איהר ביודזשעט?“

עס איז געווען א הארבע קשיה, די דעבאטע האט זיך זעהר פארוויקעלט. עס זיינען פארגעקומען א סך זייטיקע פראגען, די זיצונג האט זיך פארצויגען ביז זעהר שפעט ביי נאכט. די אסימילאטארס זיינען פריהער אוועק אהיים שלאפען. עס זיינען געמאכט געווארען א האלב טוץ פארשידענע פארשלאגע. א זייגער דריי האט מען זיך ענדלאך געאייניקט אויף דעם פונקט, אז אידיש דארף אנערקענט ווערען אלס א שטאטס שפראכע, און מען דארף עפענען פאר אידען באזונדערע גימנאזיעס, וואו דער גאנצער אונטעריכט זאל זיין אין דער אידישער אומגאנגס שפראכע, עס הייסט אידיש, אזוי ווי עס ווערט גערעדט. איינער, א הייסער נאציאנאליסט, האט געוואלט ארייגשטעלען אויך אן אמענדמענט וועגען אוניווערסיטעטען אין מאמע־לשון, אבער דער אמענדמענט איז פארווארפען געווארען, ווייל מען האט געפונען, אז דערצו איז נאך די צייט ניט געקומען.

# אף דניאל כוואלסאן׳ס קבר.

---

איך געדענק מיט א יאר פערציק צוריק האט מען אין א קאמפאניע אפיקורסים געמאכט חוזק פון אידישקייט, איינער א טריפהנער יונג האט דערצעהלט, אז ערגעץ אין א קליינשטעטעל איז געשטארבען צווישען אידען א משומד, האבען די חברה קדישא געשמיסען דעם מת מיט הייסע לאטקעס. (ביי גוים עסט מען לאטקעס ווען מען קומט פון די מאהילקעס). מיינט איר דאך, אז דאס איז א מעשה פון א ליץ? האט איר א טעות, א מאן ווי כוואלסאן, וואס האט זיך זיין גאנצען לעבען געהאלטען פאר א אידען און האט טריי געדיענט צום אידישען פאלק, איז טאקע דא היע, ביי אונדז אין ניו־יארק, אין א אידישער צייטונג באשימפט געווארען דערפאר, וואס אנשטאט צו באגיסען די פינגער מי נעגעלוואסער האט ער זיך אינגאנצען איינגעטונקט אין וואסער.

איך מיין דאס ניט פאר א גלייכווערטעל. איך האלט אזוי וועניק פון תורת משה ווי תורת ישוע הנצרי, און איך גלויב אז א איד וואס געהט אין שול אום יום כפור און גנב׳עט זיך ארויס איבערצוכאפען א העם סענדוויטש אין א גוי׳עשען רעסטאראן פאר נעילה, האט ניט וואס אויפצואווארפען דעם איד וואס געניסט א שטיקעל געפילטע פיש און געהט אין סאבאר הערען „חריסטאס וואסקיעס“. איין פארשטעלענים איז, מאראליש ניט א האר בעסער פון דער אנדערער. וואס זאלען מיר זיך מאכען נאריש? געפינט מיר חאטש איין איינציקען געבילדעטען אדער האלב געבילדעטען איד היינט צו טאג וואס גלויבט אופריכטיק אין די אידישע רעליגיאן, אזוי ווי מיין זיידע עליו השלום האט נעגלויבט?

איין טייל גלויבט אין גאנצען ניט אז עס איז פאראן א גאט; און אנדער טייל גלויבט יע אז עס איז פאראן עפעס א גאט, אבער דער גאט איז ביי זיי א פילאזאפישער, וואס האט גאר קיין שייכות נים מיט דעם רבונו של עולם פון דער תורה: די דריטע ווידער נעמען דעם גאט וואס איז באשאפען געווארען פון דער פאנטאזיע פון א

האלב ציוויליזירטעו פאלק מיט עטלאכע טויזענט יאר צוריק און ווילעו עם אויספוצעו נאך דער לעצטער מאדע, ער זאל ניט אויסזעהן ווי א ראדאשקעוויצער אידעל, מען זאל זיך מיט עם ניט דארפען שעהמען אריינצוקומען אין א רעפארמירטען טעמפעל אדער אין א „כאר שול“, וואו עס געהען אמאל אריין פארנעמענע גוים. און ווען אזא איד געהט אין שול הערען ווי דער חזן שרייט „ברכו את אדני המבורך“, טו זאגט מיר מיט וואס איז אט די היפאקריטסטווע שעהנער, איידער ווען ער געהט אין צערקווע און הערט ווי דער פויער שרייט : „מיראם האספאדו פאמאלימסיא !“, איך פארשטעה די אידען וואס זיינען געגאנגען אין פייער פון אינקוויזיציע, בעסער ווי צו פארלייקענען זייער גאט. דאס זיינען געוועזן מארטירער פאר אן איבערצייגונג, פאר אן אידעע. אזעלכע אידען האבען מיר אין אונדיזער דור אויך געהאט א סך : א גערשוני, א דארא בריליאנט, א הירשעל לעקערט און די הונדערטער און טויזענטער אידישע בחורים און מיידלאך וואס האבען מקריב געווען זייערע יונגע לעבענס פאר זייערע איבערצייגונגען — זיי זיינען די גייסטיגע קינדער פון די אידישע מארטירער, וואס האבען זיך געלאזט פערברענען פאר זייער אמונה. אבער איך מוז זיך מודה זיין, איך קען ניט איינזעהן, צוליב וואס פאר א מאראלישען גרונד מוז זיך א היינטיקער איד מקריב זיין פאר א רעליגיאן, וואס ער גלויבט אין איר ניט, וואס איז פאר עם ניט מעהר ווי א צערעמאניע, וואס איר גייסט איז טויט?

דער תירוץ איז, אז דער משומד „פארקויפט זיין גאט“ צוליב בעסערען עסען און טרינקען און דאס איז אן עולה, עס איז ביי מיר אפילו א שאלה, ווי אזוי קען א מענטש פארקויפען א גאט, וואס דער גאט איז שוין לאנג ניט זיינער. מילא, די תשובה בין איך אייך מוחל. מיט וואס איז א חזיר־פרעסער וואס ווערט א ראבינער צוליב גוט עסען און טרינקען מער פיינער מאן, איידער דער אידישער פריידענקער וואס שמד'ט זיך צו ווערען א פראפעסאר. דער משומד האט איין מאל אין זיין לעבען דורכגעמאכט א נארישע צערעמאניע אין וועלכער ער גלויבט ניט, דער אידישער אטעאיסט וואס טוט אן א טלית און שטעלט זיך פאר'ן עמוד דאוונען איז א ליגנער יעדען טאג פון זיין לעבען. און איז דאס דער איינציקער ביישפיל? עס באצאלט זיך אפטמאל בעסער צום געשעפט צו פירען א פרומע ראליע צווישען אידען איידער צו שמד'ן זיך. וואו איז דא די מצוה, וואס מען מעג זיך דערמיט איבערנעמען פאר'ן משומד?

אידישע פריידענקער, וואס זיינען נאציאנאליסטיש געשטימט זיינען געגען שמד דערפאר, וואס זיי זאגען, אז ווען א איד שמד'ט זיך אפ ווערט ער אפגעפרעמדט פון דעם אידישען פאלק, מחמת די אידישע מאסע וויל דעם בעסטען משומד ניט קענען.

דאס איז דער זעלביקער גרונד אויס וועלכען די רוסישע רע־וואליוציאנערען פלעגען זיך אמאל פארשטעלען פאר פרומע פרא־וואסלאוונע, ווען זיי זיינען געגאנגען אגיטירען צווישען פויערים.

די פראגע איז דא אלזא ניט, צי עס איז מאראליש, נאר צי עס איז פאליטיש צו שמד'ן זיך, ווען איינער וויל ארבייטען פאר אידען. נו מו האט זיך כוואלסאן מיט זעכציק יאר צוריק ביי זיך בא־רעכענט, אז ער וועט מער קענען אויפטאן פאר אידען אלס פרא־פעסאר אין פעטערבורג איידער אלס א קאזיאנער רב ערגעץ אין א ליטווישער שטעטעל — אויב עס איז ניט מער ווי א פאליטישע אויסרעכענונג, טא פאר וואס קומט עם צו ווארפען בלאטע אף זיין קבר? און ענטפערט מיר טאקע אונפארטייאיש איר, די סטראפצעס פון דעם אלהי אבותינו, צי האט דען כוואלסאן געמאכט א טעות אין זיין רעכענונג?

לאמיר זיך דערמאנען וואס פאר א צייט עס איז דאמאלט גע־ווען.

די רוסישע אידען האבען ניט געהאט קיין אייגענע אינטעליגענץ, וואס זאל קענען ווייניגסטענס אופהויבען א קול פאר דעם אידישען פאלק. עס זיינען דאמאלט אין גאנץ רוסלאנד ניט געווען קיין מנין אידען וואס האבען אויסגעשטודירט אוניווערסיטעט. היינט צו טאג ווען מיר האבען דערלעבט א צייט אז מיר ווילען אונ־דזערע לאבאטשעווסקים זאלען שרייבען מאטעמאטישע אונטערזו־כונגען ניט אנדערש ווי אין „דאס נייע לעבען", קענען מיר זיך גאר ניט פארשטעלען ווי עלענד עס איז געווען די אידישע מאסע אין רוסלאנד צו יענער צייט, ווען עס איז צווישען די רוסישע אידען ניט געווען קיין איינציקער מענטש וואס זאל האבען א נאמען אין דער גוי'עשער וועלט.

יעדע נאציאן נוויטיקט זיך דאך אין אמבאסאדארען ביי די אומות העולם, און כוואלסאן איז געווארען דער ערסטער אידישער אמבאסאדאר ביי דער רוסישער רעגירונג און ביי דער רוסישער גע־

בילדעטער קלאסע. און עס איז אוועק ניט מער ווי א פּאָר יאָר נאָך זיין שמד, ביז עס האָט זיך געטראָפען איינער פון די פעריאָדישע אונגליקען וואָס פאַרפאָלגען דעם אידישען פאָלק דורך די צוויי טויזענט יאָר פון זיין גלות.

אין סאַראַטאָוו האָט מען באַשולדיקט עטלאַכע אידען וועגען עלילת דם. און ווער, מיינט איר, איז געווען דער הויפּט אופּטוער פון דער אַנקלאַגע? קיין אַנדערער ווי דער באַריהמטער רוסישער היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו,—ניט קיין רעאַקציאָנער, נאָר אַ פּאַר־ברענטער דעמאָקראַט און אוקראַינאָפיל, וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרשיקט אין סאַראַטאָוו, און ווי עס איז געווען דער מנהג פאַר ניקאָלאַי דעם ערסטען, האָט דער פאַרשיקטער קאָסטאָמאַראָוו געמוזט דינען פאַר אַ טשינאָווניק.

זייענדיק אַ פאַרגעטערער פון דער אַמאָליקער „קאַזאַצקער דעמאָקראַטיע" מיט איהר קאַמפּף געגען די פּאָליאַקען און די אידען, די היסטאָרישע שונאים פון זיין מאַלאָראָסייסקען פאָלק, ווען עס האָט זיך עס געבאָטען די געלעגענהייט, האָט ער זיך גענומען מיט חשק און מיט פייער צו באַווייזען אַז די באַשולדיקטע אידען האָבען טאַקיע באַגאַנגען דעם מאָרד כדי צו קריגען בלוט אויף מצה.

ווען אפילו אין עסטרייך מיט אַ יאָר דרייסיק שפּעטער איז די אַנטיסעמיטען געלונגען צו פאַר'משפט'ן אַ אידען אויף אַזאַ אַנקלאַגע אין דעם טיסאַ־עסלאַר'שען פּראָצעס, טאָ קענט איהר זיך פאָרשטעלען, וואָס וואָלט געווען דער אויסגאַנג פון דעם סאַראַטאָווער פּראָצעס. דאַרף מען נאָך איצטער נאָך די אַלע פּאָגראָמען געבען אימעצען צו פאַרשטעהן, וואָס פאַר אַן אונגליק עס וואָלט געווען פאַר דעם גאַנצען אידישען פאָלק, ווען די סאַראַטאָווער אַרעסטירטע וואָלטען פאַראורטיילט געוואָרען?*)

און איר מוזט נאָך דערצו נעמען אין באַטראַכט, אַז ווי שלעכט דער איצטיקער רוסישער סוד זאָל ניט זיין, אָבער אין דעם ערסטען ניקאָלאַיס צייטען איז קיין עפענטליכקייט, קיין געשוואָרענע, אפילו קיין פאַרטיידיקער ניט געווען. און אָט פון דעם אינקוויזיציאָנעם

---

*) דאָס איז געשריבען געוואָרען מיט אַ פּאָר יאָר פאַר בעיליסעס פּראָצעס.

טריבונאל האט די אומגליקליכע אידען געראטעוועט דער אידישער פראפעסאר פון דער פעטערבורגער דוכאוונער אקאדעמיע. אגב וועט פאר די ארוואקאטען פון דעם רבונו של עולם אינטערעסאנט זיין צו וויסען, אז כוואלסאן אליין איז נאך׳ן שמד אפילו געווען א שטארקער פרינציפיעלער געגנער פון שמד׳ען זיך — איך האב דאס געהערט פון לייטען וואס האבען אים גאנץ גוט געקענט פערזענליך.

ניט צוליב פראפעסארסקע געהאלט האט ער זיך גע׳שמד׳ט, נאר צוליב דער שטעלונג וואס די פראפעסור האט עם געגעבען, זיין א פראפעסאר פון העברעאיש אין דוכאוונער אקאדעמיע, פון וואנען עס קומען ארוים לערער פאר סעמינאריעס, ארכירעיען, מיטראפאליטען און מיטגלידער פון סינאד האט זיך עם געקענט אויסווייזען פאר א טובה פאר דעם אידישען פאלק.

אין יענער צייט האט די רוסישע רעגירונג געזוכט צו ציוויליזירען די אידישע מאסע, צו עפענען פאר איר גימנאזיעס און די אוניווערסיטעטען, און צו געבען זיי אנדערע רעכטע.

אין אזא צייט איז פאר כוואלסאנען געווען לכל הפחות אזוי לאגיש צו ווען האבען אז איינפלוס אף די רעגירונג, ווי עס איז לאגיש געווען פאר די ציוניסטען צו קלייבען דעפוטאטען פאר דער ערסטער און צווייטער דומא, ווען זשאבאטינסקי האט זיך נעסטארעט, אז די אכסניה וואו דער פאלק ישראל שטעהט איין זאל זיין ריין פון וואנצען, טו פאר וואס זאל מען ניט וועלען פארשטעהן, אז כוואלסאן, וואס אין זיינע אויגען איז רוסלאנד געווען א היים פאר מיליאנען אידען, ניט פראסט אן אכסניה, האט אודאי געמענט וועלען איינריכטען די היים, אז מענטשען זאלען אין איר קענען וואוינען. און איך שטעל זיך פאר, אז ער האט ביי זיך געטראכט, ווי העכריך דער פערטער האט געזאגט ווען ער האט צוליב דער פראנצויזישער קרוין איבערגעקערט זיך פון א הוגענאנט אף א קאטאליק „פאריז איז זיכער ווערט א מעססע“.

מען האט צו עם א פריטשעפקע, וואס זיינע קינדער זיינען שוין פראוואסלאוונע. האסטו געהערט אן עסק! נישקשה, ווי דער וואסילקאווער רבי האט געזאגט, עס זיינען נאך איבערגעבליבען גענוג כשר׳ע שרייבער אף דער אידישער וועלט, וואס וועלען מקיים

זיין די מצוה, פאר קיין יקרות אף אידען האט גאר קיין מורא ניט.

עס ווערט אבער אומעטיק אפ'ן הארצען ווען מען זעט ווי אידען באשמוצען דעם קבר פון א מאן וואס האט געקעמפפט פאר דעם אידישען פאלק אין יענער פינסטערער צייט, ווען די אידען האבען נאך אין רוסלאנד ניט געהאט קיין איינציקען מענטש, וואס זאל קענען פאר זיי זאגען א ווארט. און עס קומט מיר אין זינען דער פסוק פון דעם ברית חדשה: „רשעים מיט ערל'שע אויערן און הערצער! ווען פון די נביאים האבען ניט געטריבען אייערע טאטעס!"